דאָס בוך איז געווידמעט מײַן פרוי טאָליען,
מיט כבוד און ליבשאַפט פאַר איר געטרײַשאַפט,
העלדישקייט און אויסדויער אין די שווידערלעכסטע
צײַטן פון אונדזער לעבן. אויך צו מײַנע אייניקלעך,
אברהם־בערן און בנימעלען — אַ מתנה.

דער מחבר

# פֿאָרוואָרט

די סיבות צוליב וועלכע איך האָב ערשט איצט גענומען שרײַבן דאָס בוך זכרונות און צו פֿאַרצייכענען דאָס וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט אין משך פֿון די דרײַצן און אַ האַלב יאָר, פֿון יולי 1932 ביז יאַנואַר 1946, אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, זענען:

1. ערשט נאָך 27 יאָר אין אַמעריקע איז אַוועק די מורא וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען טאָג און נאַכט אַז אָט־אָט פֿאַל איך ווידער אַרײַן אין די הענט פֿון דער נקוו״ד און ווער פֿאַרשלעפּט און פֿאַרפּײַניקט צום טויט. חוץ דעם האָט מײַן פֿרוי נאָך געהאַט אַ שוועסטער און אַ ברודער אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד און זי האָט מורא געהאַט אַז זיי וועלן דאָרט לײַדן צוליב מײַן שרײַבערײַ. איצט זענען זיי שוין ביידע טויט. דער ברודער איז אָפּגע־זעסן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אַרום 15 יאָר און נאָר אַ דאַנק וואָס ער איז געווען אַ שנײַדער, האָט ער אויסגעהאַלטן. ער האָט אָבער זיך לאַנג נישט געפֿרייט מיט דער „פֿרײַ״: ער איז יונגערהייט געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־פֿעלער...

די שוועסטערס מאַן איז אָפּגעזעסן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער מער ווי 10 יאָר, געבליבן לעבן אַ דאַנק זײַן פֿאַך — אַ קאָמאַשנמאַכער. די שוועסטער האָט אַדורכגעלעבט אַלע גרוילן פֿון אַ „פּערעביעזשטשיצע״ (אַריבערלויפֿערין) און נישט אויסגעהאַלטן... סײַ דער ברודער, סײַ די

שוועסטער מיטן מאַן זענען געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד בויען סאָציאַ־
ליזם.

2. רעדנדיק מיט פרײַנד — לעבן־געבליבענע קאַצעטלערס וואָס האָבן
דורכגעמאַכט שבעה מדורי גהינום אין דער היטלער־צײַט אין דײַטשלאַנד,
האָבן זיי — נאָכן אויסהערן עטלעכע עפּיזאָדן פון מײַנע איבערלעבענישן
— פּשוט זיך אויסגעלאַכט און איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

„אַ שיינער פאַרגלײַך. דאָרט האָט מען נישט געברענט אין קיין אויוון!
דאָרט האָט מען נישט דערשלאָגן צום טויט פאַר יעדער קלייניקייט! דאָרט
האָט מען נישט צעקלאַפּט קיין קעפּלעך פון קליינע קינדער אין דער וואַנט
אין די אויגן פון די עלטערן. האָט מען דאָרט אומגעברענגט 6 מיליאָן
ייִדן?"

מײַן ענטפער איז געווען: ניין.

דאָרט, אין די סאָוויעטישע לאַגערן האָט מען טאַקע נישט געברענט
אין קיין אויוון, אָבער מ׳האָט פאַרט אומגעברענגט צענדליקער מיליאָנען
מענטשן — צווישן זיי הונדערטער טויזנטער ייִדן. מען האָט עס געטאָן
אויף אַ „הומאַניטאַרן" אופן, אין די קעלערן פון דער נקוו"ד, אָדער מ׳האָט
פאַרמוטשעט צום טויט דורך שווערער אַרבעט, הונגער, שמוץ און קלעפּ.

מ׳האָט נישט געקלאַפּט קיין קעפּלעך פון קײַן קינדער אין דער וואַנט
אין די אויגן פון די עלטערן, נאָר מ׳האָט צעשיידט טויזנטער ייִדישע קינדער
פון זייערע עלטערן און זיי, די עלטערן, האָט מען פאַרשיקט אויף אומקום
אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סיביר.

די פירערס פון קרעמל באַרימען זיך אַז אויף אַלע געביטן זענען רוסישע
מענטשן געווען די ערשטע דערפינדערס. יאָ, „קאָנצענטראַציע־לאַגערן",
„קאָנצלאַגערן" זענען אַ רוסישע דערפינדונג. טויטן־מאַרשן זענען אַ רוסישע
דערפינדונג. דער דײַטש האָט די זאַכן גענומען ווי זיי גייען און שטייען
בײַ די סאָוויעטן און אַפילו נישט געענדערט זייערע נעמען. טויטן־מאַרשן
זענען פאָרגעקומען נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן בעת דער קאָלעקטיווי־
זאַציע: מיליאָנען פּויערים, פון גאַנצן לאַנד, זענען פאַרטריבן געוואָרן אין
צפון און מיטל־אַזיע און זענען אויף די וועגן אומגעקומען פון הונגער און
דערשעפּטקייט.

היטלער האָט פאַר דער גאַנצער וועלט פּראָקלאַמירט אַז ער וועט אומברענגען די ייִדן אומעטום ווו זײַן אַרמײ וועט אַרײַנשטעלן אַ פוס. די וועלט האָט שטילערהייט געגעבן איר הסכּמה און אַפילו צוגעהאָלפן היטלערן צו דער פאַרניכטונג פון די ייִדן.

דאָס צוריקשיקן קיין דײַטשלאַנד שיפן מיט ייִדן וואָס האָבן זיך על־פּי נס געראַטעוועט פון די נאַציִשע נעגל, איז געווען אַ סיגנאַל אַז ייִדן זענען הפקר און מ׳קאָן טאָן מיט זיי וואָס מען וויל. און היטלער האָט דאָס געטאָן אָפן פאַר די אויגן פון דער גאַנצער, אַזוי גערופענער, „דעמאָקראַטישער וועלט”.

מיט דער הילף פון אַנדערע פעלקער וואָס היטלער האָט בדעה געהאַט שפּעטער צו פאַרניכטן, האָט ער אָנגעצונדן די קרעמאַטאָריעס אין מײַדאַנעק, אָשוויענטשים און טרעבלינקע, און אויסגעמאָרדעט 6 מיליאָן ייִדן און מיליאָנען פון אַנדערע פעלקערשאַפטן.

לעניִן האָט אין 1917 גערופן די פעלקער פון רוסלאַנד צום קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן פאַרשקלאַפונג; צוגעזאָגט ברויט און פרײַהייט און דאָס איז געוואָרן דער חלום נישט בלויז פון מיליאָנען בירגערס פון געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, נאָר דער חלום פון מיליאָנען מענטשן אויף דער וועלט, וועלכע האָבן געגלייבט אַז די אויסלייזונג וועט קומען פון מזרח.

מענטשן פון אַלע שטאַנדן זענען מיטגעריסן געוואָרן: הויך־געביל־דעטע, פּראָפעסיאָנאַלן, אַרבעטערס און פּויערים.

ייִדן, פּאָליאַקן, דײַטשן, ענגלענדער, אַמעריקאַנער און אַנדערע זענען געקומען צו הילף און זיך מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. און זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון די צענדליקער מיליאָנען אומשולדיק אומגעבראַכטע רוסישע מענטשן וועלכע זענען פאַרטיליקט געוואָרן דורך די הענקערס פון דער „טשעקאַ”, נקוו״ד, קג״ב און ענלעכע אינסטיטוציעס ווי זיי זאָלן זיך נישט רופן.

און דערפאַר איז דער וויטיק גרעסער, ווײַל די וועלט ווייסט און מאַכט זיך נישט וויסן; מיליאָנען מענטשן איבער דער וועלט גלויבן נאָך עד־היום אין קאָמוניזם און זיי פאַרטיידיקן אַלץ וואָס דאָרט איז געשען און געשעט אויך איצט.

דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז הײַנט צו טאָג אײנע פון די גרויסמאַכטן וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַהערשן די וועלט און דאָס גע־לינגט איר טײלווײַז.

צום גרויסן ווײטיק העלפן איר אַרויס דער גרויסקאַפּיטאַל אין דער וועלט, צוליב דער לוסט פון רווחים. זיי זענען די צושטעלערס פון ברויט, פאַבריקן, טעכניש וויסן און אַלץ אין וואָס דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד נויטיקט זיך.

מיט זייער רווחים־גיריקייט גיבן זיי דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד די מעג־עלכקייט ווײַטער צו עקספּלאָטירן די צענדליקער מיליאָנען רוסישע אַרבע־טערס און פּויערים און פאַר די אָנגעזאַמלטע מיליאָנען צו שיקן טויט־מכשירים אין יעדן ווינקל פון דער וועלט און דערבײַ זיך גרייטן צו דער ענדגילטיקער שלאַכט כּדי צו פאַרשקלאַפן די וועלט.

3. כ׳וויל, אַז מײַנע אייניקלעך זאָלן פאַרשטיין, אַז קאָמוניזם איז סם־המוות; אַז דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד פירט די זעלבע אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק ווי די רוסישע צאַרן. זיי ווילן אויסראָטן בײַ יעדן נישט־רוס זײַן „איך" און אים פאַרוואַנדלען אין אַ „ראָבאָט"...

4. אין אַ שמועס מיט מײַנס אַ פעטער ע"ה נאָך מײַן קומען קיין אַמעריקע (אַגב איז מײַן פעטער געווען אַ „פּראָגרעסיווער") האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן: גלויבן גלויך איך דיר סײַ־ווי־סײַ נישט קיין איין וואָרט, נאָר זאָג מיר פאַר וואָס ביסטו געבליבן לעבן?"

דאָס איז אַ פראַגע, וואָס איז נישט איין מאָל געשטעלט געוואָרן צו די געראַטעוועטע פון היטלער־גהינום.

מײַן ענטפער איז געווען: „האָרך מיך אויס ליבער פעטער. אין אַמע־ריקע שטאַרבן יעדעס יאָר פון קאַנסער, טובערקולאָז, האַרץ־אַטאַקעס און אַנדערע קראַנקייטן מיליאָנען מענטשן און דו, אַ ייִד פון איבער די אַכציק, לעבסט נאָך? פאַר וואָס?"

ער האָט מיר גאָרנישט געענטפערט. כ׳האָב אים געזאָגט: האָסט נישט גוט פאָרמולירט דײַן פראַגע. האָסט מיך געדאַרפט פרעגן, ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן, נישט „פאַר וואָס?"

און ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן וועל איך פּרובירן צו דערציילן אין אָט דעם בוך.

כ׳וועל דאָ דערציילן אַ קליינעם עפּיזאָד: מײַן פֿעטער האָט מיך פֿאַר־געשטעלט פֿאַר זײַנס אַ פֿרײַנד, אַ רײַכן בוי־אונטערנעמער, „אַ פּראָגרע־סיוון״, און ער האָט פּשוט מיט טרערן מיר געבעטן כ׳זאָל נישט רעדן קיין שלעכטס אויפֿן סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, ווײַל מײַן פֿעטער איז אַן אונטערנעמער, אַ שטוב־מאָלער און יענער קאָן, אויב איך וועל דערציילן שלעכטס וועגן „זײַן״ סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, אים צונעמען די אַרבעט.

מ׳האָט זיך געטראָפֿן אין אַ פּאַרק אין די בראָנקס. מײַן נײַער „באַ־קאַנטער״ איז געקומען אין אַ „קאַדילאַק״, מיר האָבן זיך באַגריסט. מײַן פֿעטער איז אַוועק און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צווישן אונדז אַ שמועס וואָס האָט געדויערט 5 מינוט. ווען כ׳האָב אים געזאָגט, אַז כ׳קום פֿון סאַראַטאָוו אויף דער וואָלגע, האָט זײַן פּנים אויפֿגעשײַנט. ער האָט מיט פֿרייד אויס־גערופֿן. אַז ער איז אַ סאַראַטאָווער און ער איז פֿון דאָרט אַוועק נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך האָב אים דאַן געזאָגט אַז כ׳האָב געוווינט אויף טשאַפּאַיעווסקאַ־גאַס און אים געשילדערט ווו די גאַס געפֿינט זיך, ווײַל די נעמען פֿון די גאַסן זענען נאָך דער רעוואָלוציע געענדערט געוואָרן. (די נעמען פֿון די גאַסן אין די רוסישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געענ־דערט צו עטלעכע מאָל און דאָס נישט בלויז די גאַסן וואָס האָבן געהאַט נעמען פֿון לעבעדיקע וואָס זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין אומחן, נאָר די גאַסן מיט די נעמען פֿון טויטע העלדן וועלכע זענען אויך אַרײַנגעפֿאַלן אין אומחן און זענען דעריבער געענדערט געוואָרן).

דער נײַער באַקאַנטער מײַנער האָט הערנדיק מײַנע רייד אַ ציטער געטאָן: ווײַזט זיך אַרויס אַז ער האָט אַמאָל געוווינט אויף דער זעלבער גאַס און אין דעם זעלבן הויז. ווען כ׳האָב אים געשילדערט דעם נאַסן, פֿינצטערן קעלער אין וועלכן איך בין געווען אײַנגעדונגען, איז זײַן פּנים געוואָרן בלאַס און ער האָט מיר געזאָגט: „דאָרט האָב איך געוווינט פֿאַר

דער רעוואָלוציע און איצט, מער ווי 30 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע ווינען נאָך מענטשן אין אַזעלכע קעלערן?״

„איך בין געווען פון די גליקלעכע — האָב איך געזאָגט ווי דער אמת איז געווען — אַז כ׳האָב געקראָגן אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, מיט אַ קליין קינד ביי אַ פאַמיליע מיט נאָך 2 קינדער״.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, מיר דערלאַנגט די האַנט און איז אַוועק צו זיין „קאַדילאַק״ און זיינע ביזנעס. מער האָב איך דעם ייִד נישט געזען און מיין פעטער האָט וועגן אים מער נישט גערעדט.

אויף דער טעמע „סאָוויעטן־פאַרבאַנד״ זענען שוין געשריבן געוואָרן טויזנטער ביכער. ביכער פון אַזעלכע וואָס האָבן דורכגעלעבט די שרעק־לעכע יאָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און פון אַזעלכע וואָס האָבן געהערט דערציילן וועגן די גרוילן וואָס די „טשעקאַ״, די נקוו״ד זענען באַגאַנגען קעגן מיליאָנען אומשולדיקע.ליידער זענען געבליבן ווייניק פון די וואָס האָבן זיך געפונען אין די נעגל פון דער נקוו״ד און זענען פון איר אַרויס לעבעדיק און האָבן נאָך דעם מוט צו דערציילן דער וועלט וואָס אַזוינס עס איז די סאָוויעטישעווירקלעכקייט.

צום סוף: ביים געזעגענען זיך אין 1946 מיט מיין שוועגערין, האָט זי מיט ביטערע טרערן אין די אויגן אויסגעשריגן: „דערצייל דער וועלט, וואָס דאָ קומט פאָר!״ מיט 13 יאָר פריִער האָט זי ווי אַ יונג מיידל געקושט די ערד ווען זי איז אַריבער די גרענעץ פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. איצט שטייט זי, אַן אַלטע, אָפּגעלעבטע פרוי און בעט זיך: „דערצייל דער וועלט, וואָס דאָ קומט פאָר״. נו, וועל איך פרובירן דערציילן דער „וועלט״...

# מייַן יוגנט

געבוירן בין איך בייַ אַן אַרבעטער־פֿאַמיליע, אין לאָדזש, באַלוט. דער טאַטע — אַ וועבער, די מאַמע אַ טעקסטיל שטאָפּערין. דער טאַטע אַן אויפֿ־געקלערטער, אַ סאָציאַליסט, די מאַמע אַ טאָכטער פֿון אַ נישט־פֿאַרמעגלעכער פֿאַמיליע, האָט שוין ווי אַ יונג מיידל געמוזט גיין אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק, כּדי אַרויסצוהעלפֿן אירע עלטערן זאַמלען אַ נדן.

דער טאַטע, אַ זון פֿון אַ וואַלד־שרייַבער אין פּזשעדבאָזש, קיעלצער גובערניע, איז געקומען יונגערהייט קיין לאָדזש און געוואָרן אַ וועבער. שפּעטער האָט די גאַנצע פֿאַמיליע — די באָבע־זיידע מיט די 7 קינדער זיך באַזעצט אין לאָדזש.

נאָך דער חתונה האָבן טאַטע־מאַמע זיך באַזעצט אין איינעם פֿון די אָרעמסטע געסלעך אין באַלוט. דער גורל, זעט זיך אויס, האָט שוין געהאַט אָנגעצייכנט, אַז איך וועל מוזן אַדורכגיין דאָס גהינום אויף דער וועלט. דער גזר־דין איז אויסגעפֿירט געוואָרן מיט אַלע פּיטשעוקעס.

ווען איך בין אַלט געוואָרן 3 יאָר איז מייַן מאַמע געשטאָרבן און דער טאַטע איז געבליבן מיט צוויי קינדער: אַ ייִנגל פֿון 3 יאָר און אַ מיידל פֿון אַ יאָר און אַ האַלבס.

אונדזער משפּחה איז געווען אַ גרויסע: באָבעס און זיידעס, פֿעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס. יעדער איז געווען פֿאַרנומען מיט זייַן פֿאַמיליע און מער ווי אַ קרעכץ האָט קיינער נישט געקאָנט און נישט גע־

וואָלט געבן. שוין צום יאָר נאָך דער מאַמעס טויט האָט דער טאַטע חתונה געהאַט מיט אַ געגטער פרוי וועלכע האָט געהאַט אַ ייִנגל פון פריִערדיקן מאַן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן פון „מייַן און דייַן״.

פון דעם יאָר וואָס איך בין געווען ביי באָבע־זיידע זענען מיר געבליבן ביטערע זכרונות. באָבע־זיידע האָבן מיך כסדר געיאָגט אין חדר זאָגן קדיש און לערנען אַלף־בית. לערנען פלעגט מען פון אין דער פרי ביז נאָך מעריב.

דער זיידע האָט מיר געברענגט אין חדר אַרייַן אָפּצועסן, נאָר שטענדיק בין איך געבליבן אַ הונגעריקער.

קיין ליבשאַפט האָבן זיי מיר נישט אַרויסגעוויזן. לויט זיי בין איך געווען אַ פוילאַק, אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ, אַן עקשן און האָב זיך נאָר ליב אַרומצושפּילן מיט אַנדערע קינדער...

אין די שבתים און יום־טובים, ווען פעטערס און מומעס מיט זייערע קינדער זענען געקומען צו גאַסט צו באָבע־זיידע, זענען זיי באַגעגנט געוואָרן מיט ליבשאַפט. און ווען די באָבע האָט געטיילט „שבת־אויבס״, בין איך, אָדער געזעסן ערגעץ פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, אָדער ערגעץ אַרומגעבראָדזשעט אין הויף און זיך געשפּילט מיט אַנדערע קינדער. קיינער פון דער משפּחה האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט.

ס׳האָט זיך געשאַפן אַ מחיצה צווישן מיר און מייַנע קוזינען און קוזינקעס. נישט איך האָב זיך געוואָלט מיט זיי טרעפן און נישט זיי האָבן זיך געוואָלט מיט מיר טרעפן אָדער שפּילן.

ווען דער טאַטע האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט בין איך געווען גליקלעך, וואָס איך וועל ענדלעך פּטור ווערן פון דער באָבען, וואָס האָט מיך טאָג און נאַכט באַוויינט און נישט אַרויסגעוויזן קיין טראָפּעלע ליבשאַפט, כאָטש אַליין האָט זי דערצויגן זיבן לעבעדיקע קינדער.

דער זיידע, אַ חסידישער ייִד, אַ כּלי־קודש ערגעץ אין אַ שול, איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ צעקאָכטער, נאָר געשריגן און נאָר זיך געבייזערט, פּונקט ווי איך וואָלט געווען שולדיק אין מייַן מוטערס טויט.

די גאַנצע ליבע האָבן באָבע־זיידע אַרויסגעוויזן דעם טאַטן, אים כּסדר באַוויינט, וואָס ער איז אַזוי יונג געבליבן אַן אַלמן מיט צוויי קינדער און

נאָך דערצו מיט אַזאַ „באַנדיט" ווי איך וואָס וויל נישט לערנען, נאָר זיך אַרומשפּילן און וואָס וועט סײַ־ווי אויסוואַקסן אַ גנב און פּושע ישׂראל.

כאָטש איך בין געווען יונג האָבן אַזעלכע רייד מיר וויי געטאָן און איך האָב נאָך מער זיך פאַרשלאָסן אין זיך און געטאָן פאַרקערט אַלץ וואָס דער זיידע און דער טאַטע האָבן געהייסן טאָן.

דער טאַטע האָט געהאַט איין וועג מיך צו דערציִען: שלאָגן מיט אַ פּאַסיק, ער האָט געשלאָגן ווו נאָר ער האָט אָנגעטראָפן.

דער פאָטער מײַנער איז געווען אַן אויפגעקלערטער מענטש, אַ סאָציאַ־ליסט, באַלעזן, געווען אין די יונגע יאָרן אַ לערנער און אָנטייל גענומען אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער אַז עס איז געקומען „צו מאַכן פון מיר אַ מענטש", איז ער געווען ברוטאַל, אַן געפּיל, ער האָט מיך געשלאָגן האַלב־טויט און געוואָלט אַז איך זאָל וויינען, שרײַען, זיך בעטן רחמים ער זאָל מיך אויפהערן שלאָגן. נאָר דאָס איז אים כּמעט קיין מאָל נישט געלונגען.

איך געדענק אַ סצענע, ווען דער טאַטע האָט מיך פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט גוט אָנגעשלאָגן און דער זיידע האָט מיך געפירט אין חדר אַרײַן, האָב איך זיך אַרויסגעריסן פון זיידנס הענט, צוגעלאָפן צו אַ שכנה, וואָס איז פּונקט פאַרבײַגעגאַנגען און מיט געוויין זיך געבעטן: „נעם מיך צו פון זיידן מיטן טאַטן".

די שכנה האָט מיך געפירט אין חדר אַרײַן, מיר געבערענגט עסן. די שכנים זענען שפּעטער אַרײַן צום זיידן מיט אַ געוואַלד, געטענהט, אַז אויב דער טאַטע מיטן זיידן וועלן נישט אויפהערן שלאָגן און פּײַניקן אַן אָרעמען יתום, אייגן בלוט און פלייש, וועלן זיי זיך אָפּרעכענען סײַ מיט אים, סײַ מיטן טאַטן.

ס'האָט געהאָלפן: אַ קורצע צײַט האָט מען מיך נישט געשלאָגן. דער־נאָך האָט זיך ווידער אַלץ אָנגעהויבן פון דאָס נײַ.

ווען די באָבע האָט מיר דערציילט אַז איך וועל קריגן אַ צווייטע מאַמע, בין איך געווען איבערגליקלעך און זיך קוים דערוואַרט דעם טאָג ווען איך וועל פּטור ווערן פון זיידן מיט דער באָבען, מיטן טאַטן, מיטן חדר — און זײַן מיט דער נײַער מאַמע.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער טאַטע צו מיר אַ זאָג געטאָן: געדענק, הײַנט וועל איך דיך אַוועקפירן צו דער נײַער מאַמע. וועסט זײַן צוזאַמען מיט דײַן שוועסטערל, מיט אַ ברודערל. געדענק זשע, זאָלסט האָרכן די מאַמע, זײַן אַ גוט קינד. וועסט גיין אין אַ נײַ חדר, וועסט קריגן עסן צו דער זאַט, די הויפּטזאַך: זאָלסט האָרכן די מאַמע.

מײַן פרייד איז געווען גרויס. כ׳האָב זיך געפרעגט, צי דער זיידע מיט דער באָבען וועלן אויך מיטגיין. ווען דער טאַטע האָט מיר געזאָגט — ניין, האָב איך זיך אַזש צעשריגן פאַר פרייד.

ווען די באָבע איז צוגעקומען און מיך גענומען קושן, האָב איך זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט מיט אַ געוויין און דעם זיידן נישט געוואָלט דערלאַנגען די האַנט.

דער טאַטע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און געזאָגט: „שוין גיב אַ קוש דער באָבען!" איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון טאַטנס הענט און אַרויסגעלאָפן אויפן הויף מיט געשרייען: „ניין, ניין!"

דער טאַטע איז אַרויסגעקומען, מיך גענומען פאַר דער האַנט און מיך אַוועקגעפירט צו דער נײַער מאַמען, ווו מײַן שוועסטערל און נײַ „ברודערל" האָבן זיך געשפּילט. אַ קליין ווײַבעלע איז געזעסן בײַ אַ טיש מיט עטלעכע מיידלעך און געקעמט שייטל־האָר.

מײַן פאָטער האָט מיך צוגעפירט צום טיש און אַ זאָג געטאָן: דאָס איז דײַן מאַמע, גיב איר אַ קוש און זאָלסט זײַן אַ גוט קינד און האָרכן די מאַמע.

כ׳האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעזאָגט צו זײַן גוט און פרום און באַקומען אַ טעלער זופּ מיט גענוג ברויט.

דאָס לעבן איז געוואָרן אַ סך לײַכטער. כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן גיין אין חדר. דער טאַטע האָט געאַרבעט אין אַ וועבער־פאַבריק, די מאַמע אַ שייטל־מאַכערין האָט צוגעהאָלפן אין דער פּרנסה. עסן איז געווען צו דער זעט, נאָר עס האָט מיר אויסגעפעלט אַ ביסעלע ליבע, אַ ביסעלע אויפמערק־

זאַמקייט. כ׳האָב אָנגעהויבן ווערן אייפערזיכטיק אויפן נײַעם ברודערל, וואָס האָט באַקומען די גאַנצע ליבע און אויך אויפמערקזאַמקייט פון מײַן נײַער מאַמע, פון די נײַע מומעס און דער נײַער באָבע.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צאַנקערײַען צווישן מיר און מײַן „ברודער״, כאָטש איך בין געווען מיט אַ יאָר ייִנגער פון אים, בין איך געווען געזינטער, העכער, און בײַ יעדער געלעגנהייט זיך געטשעפּעט צו אים. די מוטער האָט מיך נישט געזידלט... נישט געשריגן, נאָר אַלץ, מיט אַלע פּיטשעווקעס אָפּדערציילט דעם טאַטן.

דער טאַטע — אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט — האָט מיט כּעס זיך געוואָרפן אויף מיר און געשינדן מײַן לײַב און געשריגן: רבונו־של־עולם, ווען וועל איך פון דיר פּטור ווערן?

נאָכן אָפּשלאָגן מיך, האָט די מאַמע צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צו מײַנע ווונדן און זיך באַגאָסן מיט טרערן. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען יאָרן...

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מײַן מוטער געבוירן אַ טאָכטער און מיר האָבן זיך ווידער איבערגעצויגן קיין באַלוט אין אַ גרויסער שטוב. ס׳לעבן איז געגאַנגען „באַרמאַל״. דער טאַטע און די מאַמע אַרבעטן, איך גיי שוין אין שול, לערן זיך דווקא גוט. אין דער פרײַער צײַט האָב איך ליב געהאַט צו יאָגן די טויבן פונעם טויבן־כאַפּער אין אונדזער הויז. כ׳האָב ליב געהאַט צו פּוצן און צו רײַטן אויף די פערד פון פערד־הענדלער וואָס האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף. כ׳האָב ליב גע־האַט אַרומצולויפן מיט יונגען אויפן באַלוטער פּלאַץ, זיך שפּילן אין „יאָגע־לעך״, אין „קליפּע״, אין „סטרולקעס״, לאָזן אַ „שלאַנג״ אין דער לופטן. מײַן „ברודער״ האָט ליב געהאַט צו זיצן אין שטוב, מאַכן די לעקציעס, עסן מיט גאָפּל־מעסער. איך האָב ליב געהאַט צו רײַסן שטיקער פון ברויט, נישט צעקײַען און אַראָפּשלינגען, נישט צעקײַען קיין פלייש נאָר שלינגען, כאַפּן ס׳פלייש מיט די הענט, לאָקשן מיט יויך עסן אָן אַ לעפל, נאָר זופּן פון טעלער. עפּעס ווי אַ רוח וואָלט געזעסן אין מיר און מיך געלערנט צו טאָן אַלץ פאַרקערט ווי דער טאַטע האָט מיך געלערנט.

מײַן טאַטע האָט זיך נישט געקאָנט באַרויִקן וואָס זײַן אומגליק נעמט נישט קיין סוף און דער „יונג" — ווי מען האָט מיך גערופן — איז געזונט ווי אַ פערד...

מײַן שוועסטער איז געווען אַ שטילע, אַ געהאָרכזאַמע, שטענדיק זיך געטוליעט צו דער מאַמען. צום טאַטן האָט זי אויך עפּעס נישט אַרויסגעוויזן קיין צו פיל ליבע, ער האָט זי קיין מאָל נישט געשלאָגן און נישט געשריִען אויף איר. אפשר האָט זי נישט ליב געהאַט דעם טאַטן דערפאַר ווײַל ער האָט מיך געשלאָגן מכות רצח? זי האָט מיטגעוויינט ווען איך בין געלעגן אַ צעשלאָגענער אין דער שאַנק, אָדער אונטערן בעט און נישט געוואָלט נאָכגעבן דעם טאַטן.

באַלד נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — איך בין אַלט געווען אַרום 7 יאָר — איז דער טאַטע מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. בײַם געזעגענען זיך האָט ער מיר אַ קוש געטאָן, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, און אַ זאָג געטאָן: „זאָלסט זײַן אַ מענטש און האָרכן דער מאַמען".

שוין די ערשטע וואָכן האָב איך דערפילט די נײַע לאַגע. ווי שלעכט דער טאַטע איז צו מיר געווען, בין איך אָבער פריִער געווען זאַט, יעדן שבת האָב איך איבערגעטאָן אַ העמד, אַ מאָל געגאַנגען מיטן טאַטן אין באָד אַרײַן. איצט איז נישט געווען ווער עס זאָל מיך שלאָגן, עס איז אָבער אויך נישט געווען ווער עס זאָל מיר געבן אָפּצועסן, איבערצוטאָן אַ העמד. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס מײַן מוטער איז געגאַנגען זוכן פאַר מיר אַ היים בײַ מײַן משפחה.

קיינער פון דער משפחה איז נישט געווען קיין בעלן צו נעמען אַזאַ יונג ווי איך צו זיך אין שטוב אַרײַן. און איך בין נישט געווען קיין בעלן צו גיין וווינען צו מײַן משפחה.

איך האָב דערקלערט מײַן שטיף־מאַמען אַז איך וועל פון דער שטוב נישט אַרויס.

שכנים האָבן אָנגעהויבן מיר צו געבן ווער אַ ביסל זופּ, ווער אַ שטיקל ברויט. עס האָט זיך געפונען אַ שכנה וואָס האָט געהאַנדלט מיט סאַכאַרין און זי האָט מיר געגעבן סאַכאַרין כּדי איך זאָל גיין איבער די געוועלבער אים פאַרקויפן. כ׳האָב געמומען פאַרדינען געלט. ס׳פאַרדינסט האָב איך אַוועקגעגעבן דער מאַמען און פון דעם איז מען ווי עס איז אַדורכגעקומען.

איך בין געגאַנגען אין שולע און זיך געלערנט, כאָטש אַז אָך און ווײ איז געווען צום לערנען.

ווען דער סאַכאַרין האָט זיך אויסגעלאָזט האָב איך מיט אַ חבר פון זעלבן הויז — ער איז געווען טעלעכע יאָר עלטער פון מיר — געדונגען אַ האַנטוואָגן, מיר האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט און געפירט משאות. ווי עס איז האָבן מיר זיך דערהאַלטן בײַם לעבן.

דאָס איז אָבער געווען איבער מײַנע כּוחות — איך בין געוואָרן אָפּגע־שוואַכט פון דער שווערער אַרבעט און פון נישט דערעסן. דאַן האָב איך, אָן אַ זײַ געזונט, זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער „מדינה״.

„מדינה־גייערײַ״ איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע. הונדערטער פאַמיליעס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבערן לאַנד און פּשוט געבעטלט.

אין יעדן שטעטל איז געווען אַ קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אָט־די מדינה־גייערס. מען האָט געגעבן אָפּצועסן, אַ נאַכטלעגער און עפּעס אויפן וועג און מען האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אויך אין די דערפער זענען די פּויערים געווען פרײַנדלעך, געגעבן אָפּצועסן און אַ מעגלעכקייט איבערצונעכטיקן אַ נאַכט.

טעלעכע וואָכן בין איך געווען אין וועג. כּסדר געגאַנגען, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט, געוואָרן לײַזיק און צום סוף געקראָגן קרעץ און זיך אומגעקערט קיין לאָדזש. כ׳בין אַרײַן צו דער שטיף־מאַמע, זי האָט זיך מיט מיר דערפרייט, זי האָט נישט געוווּסט צי איך לעב, צי איך בין געשטאָרבן. זי האָט מיך אַרומגעוואַשן, געגעבן איבערצוטאָן וועש און מיך אַוועקגעשיקט אין שפּיטאָל צו היילן די קרעץ. נאָך טעלעכע הייסע „טושן״ און שמירן דאָס לײַב מיט זאַלבן האָב איך זיך אויסגעהיילט פון דעם אָנשיקעניש און גע־קראָגן אַרבעט אין אַ פריזירערײַ. דאָרט האָב איך אָפּגעאַרבעט טעלעכע

חדשים, געוואַשן פּאַדלאָגעס, נישט געקראָגן געצאָלט, נאָר באַקומען אַ מיטאָג אין אַ קאָמיטעט וואָס האָט געטיילט מאַלצײַטן פון אַמעריקאַנער פּראָדוקטן. חוץ דעם האָב איך געקראָגן „ביר־געלט" פון די קליענטן וואָס האָבן זיך געשוירן.

ס׳איז געווען אַ שווער און ביטער לעבן, שטענדיק הונגעריק. יעדער ביסן איז אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם.

כ׳האָב פּרובירט גיין אַרבעטן אין סעדער: רײַסן קאַרשן — פון קאַרשן אַליין קאָן מען נישט לעבן — ווען ס׳איז געקומען צום באַצאָלן, האָט מען מיך אויסגעלאַכט.

כ׳בין געוואָרן אַ קוילן־טרעגער, געפּרוּווט בעטלען. נישט איך בין געווען אַ גוטער קוילן־טרעגער, נישט קיין גוטער בעטלער. צו די אַלע צרות בין איך געוואַקסן הויך, געהאַט רויטע באַקן, אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. ווי אַזוי כ׳האָב איבערגעלעבט די ווינטערס, אָן שיך, אָן אַ מאַנטל, הונגעריק און לײַזיק — איז אַ רעטעניש.

מײַן שטיף־מוטער האָט דווקא געוואָלט איך זאָל ווערן אַ שוסטער. דאָס וועט זײַן, האָט זי געהאַלטן, דאָס פּאַסיקסטע פאַך פאַר מיר.

מײַן שטיף־ברודער האָט שוין געאַרבעט אַלס שיק־ייִנגל אין אַ מאַנו־פאַקטור־געשעפט און איז געווען בײַ מײַן מוטערס אַ פאַרמעגלעכער שוועס־טער.

איך בין נאָך אַלץ געווען אויף „הפקר", ווי מײַן מוטער האָט זיך שטענדיק אויסגעדריקט.

בינו לבינו האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען אַ ייִדישע צײַטונג און כ׳האָב אָנגעהויבן נעמען ביכער אין אַ ייִדישער ביבליאָטעק.

איין מאָל האָב איך דערזען אין „לאָדזשער פאָלקסבלאַט" אַן אַנאָנס, אַז די צײַטונג נויטיקט זיך אין אַ שיק־ייִנגל.

איך בין אַוועק אין רעדאַקציע. אין דרויסן איז געווען שטאַרק קאַלט און איך בין געווען „אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן". מײַנע שיך זענען געווען צעריסן און כ׳האָב געציטערט פון קעלט.

דער רעדאַקטאָר, לאַזאַר קאַהאַן, האָט מיך עטלעכע מינוט באַטראַכט און מיך געפרעגט: „וואָס ווילסטו יינגעלע?" מיין ענטפער איז געווען: „איך וויל אַרבעטן".

קאַהאַן האָט מיך ווייטער געפרעגט: „טאַטע־מאַמע האָסטו?" „ניין" — האָב איך געזאָגט.

— „וווּ געפינסטו זיך?"

„ביי מיין שטיף־מאַמע".

קאַהאַן האָט צו מיר געזאָגט: „זעט זיך אויס אַז דו ביסט אַ פאַרשטענד־לעך קינד. דאָ זענען דאָ פאַרשידענע ווערטזאַכן: ביכער, פאַפּיר און כדומה. היות מיר ווייסן נישט ווער דו ביסט, איז זאָג אַליין, ווי אַזוי קאָן מען דיר געטרויען? איך האָב געענטפערט: „יחזקאל פינקל, אַ רייכער מאַנופאַקטור־סוחר און אַ ווירט פון היַיזער אין לאָדזש איז מיין מוטערס אַ קוזין. קלינגט צו אים. ער וועט אפשר גוט זאָגן פאַר מיר".

— איך וועל נישט קלינגען — האָט געענטפערט קאַהאַן. גיי צום קוזין, זאָל ער דיר געבן אַ צעטעלע, אַז ער זאָגט גוט פאַר דיר, וועל איך דיך צונעמען צו דער אַרבעט.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, אַוועק צו פינקלען אין שטוב אַריין. ווען איך האָב אָנגעקלונגען אין טיר האָט אַ פרוי מיר דערלאַנגט אַ נדבה און געוואָלט צומאַכן די טיר.

איך האָב איר צוריקגעגעבן די מטבע און געזאָגט: „איך בין נישט געקומען נאָך קיין נדבה. מיין מוטער איז געווען איַיער מאַנס אַ קרובה. איך וויל רעדן מיט איַיער מאַן".

זי האָט מיך אַרייַנגעפירט אין אַ רייַכן סאַלאָן. ביי אַ שרייַבטיש איז געזעסן פינקל. ער האָט מיך באַקוקט פון אַלע זייַטן און מיך געפרעגט: „וואָס ווילסטו, יינגעלע?" איך וויל גיין אַרבעטן אין רעדאַקציע און מען וויל פון מיר אַ צעטעלע אַז איך וועל זייַן אָרנטלעך, בעט איך איַיך, אַז איר זאָלט מיר געבן אַ צעטעלע".

פינקל האָט געקוקט אויף מיר מיט שטוינונג און מיך געפרעגט: „פאַר וואָס האָסטו פונקט אויסגעזוכט מיך, אַז איך זאָל פאַר דיר גוט זאָגן, אין

דער צײַט, ווען איך קען דיך נישט? עס זענען דאָך פֿאַראַן אין לאָדזש אַ סך פֿאַרמעגלעכע ייִדן, פֿאַר וואָס עפּעס פּונקט מיך?״

— „ווײַל איר זײַט מײַן ערשטע מאַמעס אַ קוזין״ — האָב איך געענטפֿערט. פּינקל האָט אַ טראַכט געטאָן און מיך געפֿרעגט: „אפשר ווילסטו אַרבעטן בײַ מיר אין געשעפֿט? ווערסטו נישט דאַרפֿן קיין צעטעלע״.

— „ניין״ — האָב איך געענטפֿערט — „איך וויל אַרבעטן אין רעדאַקציע״.

פּינקל האָט אָנגעשריבן אַ צעטעלע און עס מיר דערלאַנגט. איך האָב אים באַדאַנקט. בײַם אַרויסגאַנג האָט פֿרוי פּינקל מיך אַ פֿרעג געטאָן: „זאָג מיר, ייִנגעלע, האָבן דיר דײַנע מומעס, וואָס האָבן די אַלע יאָרן געקראָגן פֿאַר דיר און דײַן שוועסטער זאַכן, געלט און עסן, אײַך עפּעס אָפּגעגעבן?״

„ניין״, איז געווען מײַן ענטפֿער.

— „זאָלן זיי פֿאַרשאָלטן ווערן״, האָט זי אויסגערופֿן און מיר אַרײַנגעשטופּט אַ מטבע אין האַנט אַרײַן.

איך בין אַרויס אַ פֿאַרשעמטער און אַ צעוויטיקטער, וואָס מײַן מוטערס שוועסטערס האָבן יאָרן גענומען אין אונדזער נאָמען הילף און עס אויסגענוצט פֿאַר זיך, כאָטש זייערע מענער זענען אין דער מלחמה נישט געגאַנגען און האָבן געאַרבעט.

איך בין אַוועק אין רעדאַקציע אָפּגעבן פּינקלס צעטעלע און בין צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט.

אַרבעט איז געווען אַ סך און פֿאַרדינט האָב איך „וואַסער אויף קאַשע״. איך האָב ווײַטער געהונגערט.

כ׳האָב בײַם אײַנקויפֿן עסן פֿאַר די זעצערס און שרײַבערס זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אַראָפּגעגנבעט אַ שטיקעלע ברויט דאָ פֿון דעם, דאָ פֿון יענעם. אײן מאָל האָט אײנער אַן אָנגעזעעענער זשורנאַליסט, וואָס האָט „געוויטיקט פֿאַר דער וועלט״, אַ סאָציאַליסט, באַקוקט זײַן פּאָרציע ברויט און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „ייִנגעלע, דו ביסט אַ גנב״.

כ׳האָב מיך פֿאַרשעמט, בין אַוועק אין אַ ווינקל און זיך אויסגעוויינט, ווײַל ער האָט עס געזאָגט אין קעגנוואַרט פֿון די שרײַבערס און זעצערס.

נויט ברעכט אײַזן. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? כ׳האָב געאַרבעט שווער און זיך געשעמט צו פֿאָדערן אַ הוספה.

איין מאָל האָט קאַהאַן מיר געהייסן קויפֿן אַ וואַשברעטל און עס אָפּ־טראָגן צו אים אַהיים. איך האָב געזאָגט קאַהאַנען אַז עס קאָסט מיט עטלעכע זלאָטעס מער וויפֿל עס האָט פֿאַקטיש געדאַרפֿט קאָסטן. אַנשטאָט מיר צו געבן געלט, איז קאַהאַן מיטגעגאַנגען מיט מיר אין אײַזן־געשעפֿט, זיך געפֿרעגט אויפֿן פּרײַז און באַצאָלט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פֿאָטער־לעכע אויגן און געזאָגט: „גיי און טראָג עס צו מיר אַהיים”.

נישט טויט און נישט לעבעדיק האָב איך זיך דערשלעפּט צו קאַהאַנס היים, אַ היים וואָס אַזאַ האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געזען און נישט גע־חלומט אַז מענטשן וווינען אַזוי. זעט זיך אויס, אַז קאַהאַן האָט שוין געהאָט אַהיימגעקלונגען צו זײַן פֿרוי שושנה, אַ באַרימטע אַרטיסטקע אין ייִדישן טעאַטער אין פּוילן, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַ מיטאַרבעטערין אין „פֿאָרווערטס” אין ניו־יאָרק. זי האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַ שמייכל, מיך געהייסן אָפּוואַשן און אָװעקגעזעצט מיט אירע קינדער בײַם טיש. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געגעסן אַ מיטאָג מיט גאָפּל־מעסער און אַ סערוועטל. דערצו — פֿון כּל־טוב צו דער זעט.

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: יאָ גיין צו דער אַרבעט אָדער נישט. מיט וועמען זיך אַדורכצושמועסן אָדער פֿרעגן אַן עצה, האָב איך נישט געהאָט.

איך בין צוריק צו דער אַרבעט. געוואַרט, אַז אָט־אָט רופֿט מען מיך אַרײַן צו קאַהאַנען און ער זאָגט מיר אָפּ פֿון דער שטעלע.

פּרײַטיק, בײַם אויסצאָלן דאָס געהאַלט, בין איך געווען ווי אַ פֿיש. דער לעצטער. כ׳בין אַרײַנגערופֿן געוואָרן און געציטערט מען זאָל מיך נישט הייסן גיין. אין צימער זענען געווען קאַהאַן און זײַן שוועסטער לאה ראָזענ־פֿעלד, וועלכע איז געווען די קאַסירערין. קאַהאַן האָט מיך געפֿרעגט: „זאָג דעם אמת, דו הונגערסט?”

— „יאָ” — האָב איך געענטפֿערט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ דאָפּלטע סומע פֿון מײַן שׂכירות און געזאָגט: „מער זאָלסטו אַזױנס נישט טאָן, וועסט פֿילן אַז דו ווערסט באַעוולט, זאָג מיר”.

איך האָב אים באַדאַנקט און מיט טרערן אין די אויגן פאַרלאָזט די רעדאַקציע.

איך האָב זיך אַליין גענומען לערנען אָפּוואַרפן די שריפט וואָס די זעצערס האָבן אויסגעזעצט מיט דער האַנט — די יידישע צײַטונגען זענען דעמאָלט געזעצט געוואָרן מיט האַנטזאַץ, כאָטש עס איז שוין דעמאָלט געווען אַ לינאָטיפּ אין יעדער רעדאַקציע.

דער אָפּוואַרפער אין „לאָדזשער פאָלקסבלאַט" איז דעמאָלט געווען פּרץ גוטערמאַן (איצט אין פּאַריז, דער רעדאַקטאָר פון דער בונדישער צײַטונג). ער האָט מיר צוגעגעבן מוט און יעדע פרײַע מינוט מיך געשטעלט צום זאַצקאַסטן. ווען פּרץ גוטערמאַן איז אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע אַרבעטן אין דער „פאָלקסצײַטונג", האָב איך געזאָלט איבערנעמען זײַן אָרט אַלס אָפּוואַרפער.

די זעצערס, צום מערסטן חסידישע יידן, געקומענע פון פּיעטרקאָוו, האָבן דערקלערט אַז אַזוי ווי זיי געהערן צום פאַראיין און איך בין נישט קיין פאַראיינס־מיטגליד, וועלן זיי מיך צו דער אַרבעט נישט צולאָזן און זיי זענען אַפילו גרייט צו שטרײַקן.

קאַהאַן האָט מיר געזאָגט: „גיי צו און אַרבעט, זיי ווילן שטרײַקן, זאָלן זיי שטרײַקן". ער איז מיט מיר אַוועק אין פאַראיין פון די דרוקער־אַרבעטערס, ווו מנחם זילבערשטיין (איצט אין קאַליפאָרניע) איז געווען סעקרעטאַר. ער האָט אים דערקלערט אַז אויב איך וועל נישט צוגעלאָזן ווערן צו דער אַרבעט, איז ער גרייט אַפילו צו שליסן די צײַטונג. „וואָס וועלן זיי האָבן אַז זיי וועלן אַליין אָפּוואַרפן דעם זאַץ? — נאָך אַ זלאָטע אַ וואָך, אים וועלן זיי אומגליקלעך מאַכן".

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ פאַראיינס־קאַרטע און אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אָפּוואַרפער.

אַרום 1918 האָבן מיר באַקומען פון אַ געקומענעם פון רוסלאַנד די ידיעה, אַז מײַן פֿאָטער איז אומגעקומען אין אַ פּאָגראָם דורך ווײַס־גוואַר־דייערס, אין אַ שטעטל נישט ווײַט פון כאַרקאָוו.

אין אַמעריקע האָב איך זיך דערוווּסט פון מײַן פעטער אַז דער פאָטער מײַנער האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער פעברואַר־רעוואָלוציע, געווען אַקטיוו אין מיליטער, געווען פּאָליטישער קאָמיסאַר אין זײַן פּאָלק. ער איז געווען אַ „מענשעוויק" און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט ער גע־אַרבעט אַלס וועבער אין אַ שטעטל נישט ווײַט פון כאַרקאָוו.

דערפאַר האָט מײַן „פּראָגרעסיווע" משפּחה אין אַמעריקע נעבעך געהאַט אַ „פלעק אין דער משפּחה": אַ פעטער אַ גענעראַל בײַ די „ווײַסגוואַרדיי־ערס"...

ביז הײַנט איז מיר נישט פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס מײַן פאָטער איז נישט געקומען אַהיים, פונקט ווי טויזנטער אַנדערע דעמאָביליזירטע סאָל־דאַטן פון דער צאַרישער אַרמיי. ער האָט דאָך איבערגעלאָזט דרײַ קליינע קינדער בײַ אַ שטיף־מוטער. ער האָט איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער און משפּחה. ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטורעם פון דער רעוואָלוציע און איז „פאַרברענט" געוואָרן.

ווען איך האָב זיך שוין אַ ביסל „געשטעלט אויף די פיס", אָנגעהויבן עסן צו דער זעט און טראָגן אַ מענטשלעכן מלבוש און פּטור געוואָרן פון די וואַנצן,פליי און לײַז, וואָס האָבן יאָרן געגעסן מײַן לײַב, האָט קאַהאַן צו מײַן שלימזל צוגעמאַכט די צײַטונג, פאַרקויפט דאָס „האָב און גוטס" צו די זעצערס און שרײַבערס. דער איינציקער וואָס איז נישט געווען צווישן דער גרופּע, וואָס האָט אָפּגעקויפט די צײַטונג, בין איך געווען, ווײַל איך האָב נישט געהאַט די הונדערט דאָלאַר, וואָס יעדער מיטגליד האָט געדאַרפט אײַנצאָלן.

איך האָב ווײַטער געאַרבעט בײַ קאַהאַנען, צו ערשט אין וואָכנבלאַט „פרײַטיק" דערנאָך אין מאַנופאַקטור־געשעפט וואָס קאַהאַן האָט געעפנט מיט אַ שותּף אין לאָדזש. איך האָב אָפּגעאַרבעט ביז דער ליקווידאַציע פון

געשעפּט ווען לאַזאַר קאַהאַן האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע און געוואָרן דאָרט דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער נאָכמיטאָג־צײַטונג אונטערן נאָמען „עקספּרעס״.

כ׳האָב געאַרבעט אין פאַרשידענע דרוקערײַען. ענדלעך האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט״ און דאָרט געאַרבעט ביז צום באַנקראָט פון דער צײַטונג. געווען אַ מיטגליד פון אַ קאָאָפּעראַטיווער צײַטונג „דער מאָרגנבלאַט״. אָפּגעאַרבעט עטלעכע חדשים און ווידער געוואָרן אַרבעטסלאָז. געדינט אין פּוילישן מיליטער. עפּעס איז דער באָדן אונטער מײַנע פיס ווי פאַרשוווּנדן. כ׳האָב צוזאַמען מיט י. אָקרוטני אַרויסגעגעבן אַן אַלמאַנאַך „לאָדזש און באַלוט״. אַרײַנגעלייגט אַ ביסל געלט און אַ סך אַרבעט, נאָר קיין פאַרדינסט האָט זיך עפּעס נישט געזען.

קיין מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי בין איך קיין מאָל נישט געווען. אַ מיטלויפער — יאָ. געגלויבט אַז די ישועה פאַר דער וועלט וועט קומען פון מזרח; געגלויבט אַז דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד וועט באַפרײַען די וועלט פון אַלע אומרעכטן. געווען זיכער אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָט אַזאַ איינער ווי איך די מעגלעכקייט צו לעבן, זאָל זײַן נישט קיין רײַך לעבן, אָבער אַ מענטשלעך לעבן... הונגער און אָרעמקייט איז דאָרט נישטאָ. ווער עס אַרבעט דער קאָן לעבן פון זײַן אַרבעט. אַרבעטסלאָזיקייט עקסיסטירט דאָרט נישט. דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד לעבט איבער שווערע צײַטן, דאָס איז דערפאַר ווײַל ער איז אַרומגערינגלט פון שׂונאים, וואָס גרייטן אַ מלחמה צו פאַרניכטן די געווינסן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אַ חוץ דעם מוז דאָרט געפירט ווערן אַ קאַמף קעגן די אינערלעכע שׂונאים, וואָס וואַרטן אויף אַ סיגנאַל פון די קאַפּיטאַליסטן כּדי אָנצוהייבן די מלחמה אין לאַנד...

אַזאַ איז געווען די אַגיטאַציע פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און צענדליקער טויזנטער נאַיווע מענטשן איבער דער וועלט האָבן זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער „ווענדקע״, איבערגעלאָזט פרויען און קינדער, איבערגעלאָזט היימען, פּרנסות, עלטערן און משפּחות, געשוואָרצט גרענעצן, געפּאָרן העלפן דער רעוואָלוציע. סײַ ווי: אויפבויען אַ היים און ברענגען דורות אויף אַ „קראַטער פון אַ ווולקאַן״, ווי פּוילן האָט אין יענער צײַט אויסגעזען אין מײַנע אויגן, איז אַ פאַרברעכן.

כ׳האָב געזוכט יעדע מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייַסן פון פּוילן און פאַר־שטייט זיך אַז דאָס איינציקע לאַנד וואָס האָט מיך געלאָקט, איז געווען דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד מיט די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס שטייען דאָרט פאַר יעדן יונגן מענטש וואָס וויל אַרבעטן און האָט דערצו מעגלעכקייטן זיך צו לערנען.

אין 1932 האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָט געעפנט די גרענעצן און מען שיקט שוין נישט צוריק די וועלכע גנבענען די גרענעץ. מען האָט אויך איבערגעגעבן פון מויל צום אויער אַז ערגעץ אין באַלוט געפינען זיך עטלעכע ייִדן, שמוקלערס, און פאַר עטלעכע הונדערט זלאָטעס שמוקלען זיי אַריבער די גרענעץ.

די פראַגע איז געווען ווי אַזוי קומט מען אין קאָנטאַקט מיט אָט־די שמוקלערס און צי איך וועל האָבן גענוג געלט זיי צו באַצאָלן. איך האָב פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט זלאָטעס, אָבער צו באָרגן, אָדער קריגן געלט האָב איך נישט געהאַט.

מייַן שוועסטער איז שוין געווען נאָך דער חתונה. זי האָט געהאַט איר משפחה און אירע זאָרגן. קיין צו גרויסע ליבע צווישן מיר און מייַן ייִנגערער שוועסטער איז קיין מאָל נישט געווען.

אין די ערשטע טעג אין יולי 1932 האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיט אַ פרייַנד וואָס איך האָב אים שוין לאַנג נישט געזען. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. ער האָט צווישן אַנדערן דער־ציילט אַז טויזנטער יונגע מענטשן פון פּוילן און אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער גנבענען די גרענעצן קיין רוסלאַנד. זיי ווערן גענומען אויף אַן אויספאָרשונג און נאָך דעם ווי מען פאַרשט זיי עטלעכע טעג, ווערן זיי באַ־פרייַט. מען אָרדנט זיי איין בייַ זייערע פאַכן, אין פאַרשידענע שטעט און זיי ווערן אַ טייל פון דער זיגרייַכער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אויף מייַן פראַגע: ווי אַזוי קאָן מען זיך פאַרבינדן מיט די מענטשן וואָס פירן אַריבער די גרענעץ? — האָט ער מיר געגעבן אַן אַדרעס און מיר

אַנגעזאָגט זיך נאָכצופרעגן אויף איינעם מיטן נאָמען קזשאַק. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ נומער „עמעס״, מיך געהייסן איבערלייענען און איבערגעבן אַ צווייטן.

מיט דער אַנטדעקונג בין איך אַוועק אַהיים. געגומען לייענען דעם „עמעס״. אויף דער לעצטער זײַט האָב איך איבערגעלייענט אַן אַנאָנס: „דער עמעס״ זוכט ייִדישע האַנטזעצערס. מײַן פרייד איז געווען אָין־לשער. מיט איין מאָל געשאָסן צוויי האָזן: זיך דערוווסט דעם אַדרעס פון די שמוקלערס און געזען אַז עס שטייט גרייט פאַר מיר אַ פּאָסטן אין סאַמע האַרץ פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין מאָסקווע און טאַקע אין „עמעס״ אַליין.

דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס, געפונען די דירה פון די שמוקלערס און דער נאָמען קזשאַק האָט מיר געהאָלפן גע־ווינען דעם צוטרוי פון די מענטשן. מיר זענען דורכגעקומען אַז פאַר 300 זלאָטעס וועלן זיי מיך אַריבערפירן די סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעץ, איך מוז אָבער קויפן אַ באַן־בילעט ביז ראָוונע.

די 300 פּוילישע זלאָטעס און דאָס געלט אויפן באַן־בילעט קיין ראָוונע זענען געווען מײַן גאַנץ פאַרמעגן. נאָר ווער האָט געטראַכט וועגן געלט. געטראַכט האָב איך אַז איך רײַס איבער מיטן אַלטן, אויסזיכטלאָזן לעבן און גיי אָנהייבן אַ נײַ לעבן פון אַרבעט, פון לערנען און פון בויען אַ היים און אַ פאַמיליע. איך האָב אײַנגעפּאַקט אַ קליין פּעקל, מיטגענומען אַ וואַרע־מען פּאַלטן, אַ פּאָר שיך, עטלעכע פּאָר אונטערוועש און אויבערהעמדער און אַ „זאַק מיט בטחון״... איך האָב זיך געזעגנט מיט עטלעכע נאָענטע פרײַנד, מיט מײַן שוועסטער און שוואָגער. אַלע האָבן מיך מקנא געווען. מ׳האָט זיך געווונטשן אַז אין גיכן זאָל מען זיך טרעפן. די איינציקע וואָס האָט מיך באַדויערט און געלאָזט אַ טרער איז געווען מײַן שטיף־מוטער. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי אַ זאָג געטאָן: „חיים, פאַר נישט, פון דאָרט איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען. איך האָב געהאָפט דיך צו פירן צו דער חופה״. און זי האָט מיר אַרײַנגעשטופּט אין האַנט אַרײַן אַ 5 זלאָטע־באַנקנאָט.

דעם 24סטן יולי 1932 בין איך אַרויסגעפאָרן קיין ראָוונע. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון 9 מענטשן, צוואָרפן איבערן צוג. קיינער האָט קיינעם נישט געקענט.

אין וואַגאָן האָט אַ ראָוונער ייִד מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס און מיר אַ זאָג געטאָן: וואָס מיינט איר, יונגערמאַן, איך ווייס נישט, אַז איר לויפט אין „גן־עדן". געדענקט, איר וועט פאַרשעלטן אײַערע יאָרן, עס וועט אָבער נישט זײַן קיין וועג אויף צוריק. האָרכט מיך, פאָרט צוריק צו טאַטע־מאַמע און משפּחה.

איך האָב געלייקנט, אַז איך פאָר אַוועק פון פּוילן און אין זיבען געהאַט: ר' ייִד, מען וועט זיך שפּעטער אָנקוקן!

פאַרנאַכט־צו זענען מיר אָנגעקומען קיין ראָוונע. מען האָט אונדז אַוועק־געפירט אין אַ הינטערשטוב פון אַ רעסטאָראַן. מיר האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין אין גאַס. מען האָט אונדז געפּאַשעט ווי די גענדז פאַר פּסח און בײַ יעדן מאָלצײַט האָט דער אייגנטימער פון דער שענק און אויך דער הויפּט־שמוקלער אַ זאָג געטאָן: עסט, עסט קינדערלעך, איר וועט לאַנג דאַרפן וואַרטן ביז איר וועט ווידער קריגן אַזאַ מיטיק.

מיר האָבן קיין אַכט נישט געלייגט אויף די רייד פונעם רעסטאָראַן־אייגנטימער. זיך וועגן זיי נישט פאַרטראַכט.

איך האָב זיך באַקענט מיט מײַנע נײַע חברים וועלכע זענען אויך געלאָפן אין לאַנד פון זייערע חלומות כּדי אָנצוהייבן אַ נײַ, פרײַ לעבן...

ראָטקאָפּ, אַ ייִד אין די פערציקער, אַ קאָמאַשנמאַכער, אַ כאַלופּניק, האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי דערוואַקסענע קינדער, צוליב וועלכע ער איז געלאָפן איבער דער גרענעץ כּדי צו זוכן אַ שענער און בעסער לעבן...

לעווינסקי, אַ האַנט־זאָקנמאַכער פון לאָדזש, אַ ייִד אין די פערציקער, וואָס האָט געפירט אַ געמוטשעט לעבן און געוווינט ערגעץ אין באַלוט, אין אַ בוידעם־שטוב, איז אויך געפאָרן קיין רוסלאַנד אַרויסצוראַטעווען זײַנע קינדער פון די בעגל פון הונגער און זיי אַריבערצוברענגען אין דעם אויסגע־חלומטן „הימלאַנד", ווו זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו לערנען און זײַן שטאָלצע ייִדן און פרײַע מענטשן...

אַ קאַלישער יונגערמאַן איז אַנטלאָפן פון זײַנע רײַכע, חסידישע עלטערן, וועלכע זענען לויט זײַנע באַגריפן געווען „פינצטערלינגען", „בלוטזויגערס": זיי האָבן געוואָלט אים חתונה מאַכן קעגן זײַן ווילן מיט אַ רײַך מיידל, וואָס ער האָט נישט ליב געהאַט. איז ער אַנטלאָפן זוכן אמתע ליבע...

אַ לאָדזשער פריזירער איז געפאָרן צו זײַנס אַ ברודער וועלכער איז ערגעץ אַ קאָמיסאַר. אַ מיידל איז געפאָרן געפינען איר חתן וואָס איז אַוועק פון איר אָן אַ „זײַ געזונט". זי האָט יעדן געזאָגט אַז זי וועט אים אַזוי אָנלערנען „אַז ער וועט האָבן צו געדענקען".

פאַרנאַכט־צו זענען אָנגעקומען צוויי וואָגנס. מיר האָבן זיך אין זיי אַרײַנגעזעצט און אַ פויער האָט אונדז אָנגעזאָגט אַז מיר זאָלן נישט רעדן. מען האָט אונדז געפירט צו דער פויליש־סאָוויעטישער גרענעץ.

נאָכן אָפּפאָרן אַ געוויסע צײַט האָט דער פויער אונדז באַפוילן אויס־צושטײַגן פון די וועגענער, ער האָט אונדז אַוועקגעזעצט אונטער אַ „סטאָ־דאָלע" און געהייסן וואַרטן.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער זענען אָנגעקומען צוויי 15־יאָריקע ייִנג־לעך און אונדז געהייסן מיטגיין מיט זיי.

זיי זענען נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן — מיר נאָך זיי. דאָס אָטעמען איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער, ווײַל יעדער פון אונדז האָט געהאַט אַ פּעקל זאַכן. עטלעכע פון אונדז האָבן נישט געקאָנט נאָכלויפן די ייִנגלעך און אָנגעהויבן אַוועקצוּוואַרפן, ווער אַ פּאַלטן, ווער אַ פּאָר שיך און ווער דאָס גאַנצע פּעקל.

צום סוף האָבן די ייִנגלעך זיך אָפּגעשטעלט און זיך געהייסן געבן די צייכנס, וואָס יעדער האָט געדאַרפט צוריקשיקן צו דער משפחה ווי אַ סימן אַז מען איז אַריבער די גרענעץ. אַזוי ווי איך האָב קיינעם גאָרנישט צוגע־זאָגט, האָב איך, נישט וויסנדיק פאַר וואָס אַרויסגענומען אָן אַלטע לעגיטימאַ־ציע פון „לאָדזשער מאָרגענבלאַט", אַז איך בין אַ רעפּאָרטער און עס דער־לאַנגט דעם ייִנגל. אפשר איז דאָס איינע פון די סיבות, וואָס איך האָב הײַנט די מעגלעכקייט צו שרײַבן מײַנע זכרונות.

די ייִנגלעך האָבן אונדז אָנגעוויזן אויף אַ ליכט וואָס האָט געלויכטן צווישן דיביימער פון אַ שיטער וועלדל און געזאָגט: „לויפט אין דער ריכטונג פון דעם ליכט״, און זיי זענען פאַרשוווּנדן. באַלד האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן. מיט אַ מאָל איז הינטער מיר אויסגעוואַקסן אַ רויטאַרמייער מיט אַן אָנגעצילטער ביקס, מיך געהייסן אויפהייבן די הענט, צוגעקומען נענטער צו מיר, מיך גענומען באַטאַפּן און מיך געהייסן מיטגיין.

מען האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ גרויס צימער אין אַ פּשוט דאָרפיש הײַזל. אין צימער זענען שוין געווען עטלעכע פון אונדזער גרופּע. לויט אונדזערע רייד האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עס פעלן נאָך דרײַ מאַן. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן די רויטאַרמייער אַרײַנגעפירט נאָך צוויי מאַן. דער קאַלישער יונגערמאַן, וואָס איז געלאָפן זוכן „אמתע ליבע״ אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די פּאָליאַקן. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָב איך אים געטראָפן אין לאַגער. ער האָט דערציילט אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן צו די פּאָליאַקן, געזעסן עטלעכע חדשים אין תּפיסה. די עלטערן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אים און אים נישט געוואָלט העלפן. ער איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פרײַ ביז צו אַ פּראָצעס. ער איז אָבער ווידער געפאָרן קיין ראָוונע און דאָס מאָל איז אים געלונגען אַריבער־צוגיין די גרענעץ.

מיר זענען געבליבן נעכטיקן אין דער זעלבער שטוב, אויף דער ערד, וווּהין מיר זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן. די נאַכט איז געווען אַ לינדע. פון שלאָפן איז געווען אָפּגערעדט. יעדער פון אונדז איז געווען איבער־גליקלעך, וואָס ענדלעך האָט ער דערגרייכט דעם ציל צו וועלכן ער האָט געשטרעבט. צוליב דער שפּראַך איז נישט געווען מעגלעך זיך דורכצורעדן מיט די רויטאַרמייער, וואָס האָבן אונדז געהיט. דאָס איינציקע מיידל וואָס איז געווען אין אונדזער גרופּע האָט פּרובירט צו קושן דאָ דעם און דאָ יענעם רויטאַרמייער. זיי האָבן זי העפלעך אָפּגעשטופּט.

עטלעכע יונגעלייט פון אונדזער גרופּע האָבן געקושט די ערד און נישט געקאָנט זיך באַפרײַען פון דעם איבערפלוס פון גליק וואָס האָט זיי באַהערשט.

די רויטאַרמייער האָבן זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל און געשמייכלט. געווען צו יעדן פון אונדז העפלעך.

פאַר טאָג האָבן די רויטאַרמייער געבראַנגט „קיפּיאַטאָק" (הייס וואַסער) מיט אַ שטיקל צוקער פאַר יעדן. חוץ דעם האָט יעדער פון אונדז באַקומען אַ פּאָרציע פון 400 גראַם שוואַרץ ברויט.

## מיר זענען אין

## סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד

אין דער פֿרי איז צוגעפֿאָרן אַ וואָגן. מיר האָבן אויף אים אַרויפֿגעלייגט אונדזערע פּעקלעך און מיר זענען אונטער אַ קאָנוואָי אָפּגעפֿירט געוואָרן קיין קריווין, אַ דערפֿל נישט ווײַט פֿון דער גרענעץ.

מען האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ קעלער־שטוב אין אַ דאָרפֿיש הויז, וווּ עס האָט זיך געפֿונען די קאָמענדאַנטור פֿון דער גרענעץ־פּאָליציי. יעדער פֿון אונדז איז גענומען געוואָרן אויף אַן אויספֿאָרשונג. מען האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל. די אויספֿרעגערס האָבן גערעדט ייִדיש, גענומען פֿינגער־אָפּדרוקן, רעווידירט די זאַכן און אונדז צוריק אָפּגעפֿירט אין קעלער. אין קעלער איז געשטאַנען אַ „פּאַראַשע״ (אַ בלעכן פּעסל) נישט אויסגעליידיקט פֿון מענטשלעכן אָפּפֿאַל. מיר האָבן געבעטן די דערלויבעניש אויסצוליידיקן די „פּאַראַשע״. מיר האָבן קיין דערלויבעניש נישט באַקומען. מיר האָבן באַקומען הייס וואַסער, יעדער אַ שטיקל צוקער און 400 גראַם שוואַרץ ברויט.

קיינער פֿון אונדז האָט אַפֿילו נישט געחלומט, אַז עס איז אַן אָנהייב פֿון אַ מאַטערנדיקן וועג וואָס וועט אַ סך פֿון אונדז סוף־כּל־סוף פֿירן צום אומקום. מיר האָבן געגלויבט, אַז אָט־אָט וועט מען אַדורכפֿירן די אויס־פֿאָרשונג און מען וועט אונדז באַפֿרײַען.

אויף דער צווייטער אויספאָרשונג, האָט דער אויספאָרשער, אַן אָפיציר פון דער גרענעץ־וואַך, אַ ייִדישער יונגערמאַן, מיך אַ פרעג געטאָן אויף ייִדיש:

— „זאָג מיר, צוליב וואָס האָסטו געגנבעט די גרענעץ?"

מײַן ענטפער איז געווען: „כ'בין געקומען זוכן אַרבעט און העלפן בויען סאָציאַליזם".

ער האָט אַ זאָג געטאָן אין רוסיש: „דוראַק" (בהמה)...

אויפן צווייטן טאָג זענען מיר אָפּגעפירט געוואָרן קיין סלאַווּט.

# סלאַוווטער תּפֿיסה

די סלאַוווטער תּפֿיסה איז גאָר אַן אַלטע. עטלעכע איינשטאָקיקע געביַי־דעס מיט גרויסע קאַמערן, אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּלויט און שטעכלדראָט. אין יעדן ווינקל פֿון דער תּפֿיסה האָבן זיך געפֿונען רויט־אַרמייער מיט מאַשין־ביקסן. פֿון איין עק תּפֿיסה צו דעם צווייטן זענען אַרומגעלאָפֿן הינט, צוגעבונדענע מיט לאַנגע דראָטן.

די אויפֿנאַמע פֿון די אויספֿאָרשערס איז נישט געווען קיין צו העפֿלעכע. מען האָט ווידער אויסגעפֿילט פֿראַגע־בויגנס, דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אויף דעם נישט־סאָציאַלן אָפּשטאַם. די אויספֿאָרשערס האָבן גערעדט ייִדיש, ווידער גענומען פֿינגער־אָפּדרוקן. דערנאָך איז יעדער פֿון אונדז אַדורכגעגאַנגען אַ גרינטלעכע רעוויזיע. יעדער האָט זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט. די מלבושים זענען גרינטלעך באַטאַפּט געוואָרן און טאָמער איז געפֿאַלן עפּעס אַ חשד האָט מען באַלד אויפֿן אָרט אויפֿגעריסן דאָס מלבוש.

מען האָט געזוכט אויסלענדישע וואַלוטע. מען האָט ביַי יעדן צוגע־נומען אַלע מלבושים, אַ חוץ צוויי פּאָר אונטערהייזלעך. אויף וועדטזאַכן און אויסלענדישע וואַלוטע האָבן מיר באַקומען קוויטאַנציעס.

נאָך דער רעוויזיע האָט מען מיך מיט נאָך צוויי פֿון דער גרופּע אָוועק־געפֿירט צום תּפֿיסה־בנין. עס האָט זיך געעפֿנט אַ טיר און מיר זענען אַריַין־געשטופּט געוואָרן אין אַ נישט צו גרויסער קאַמער, וווּ עס האָבן זיך שוין

געפונען אַ מאַן זיבעציק. עס האָט אַ שלאָג געטאָן אַ פּאַרע ווי פון אַ שוויצבאָד.

מיר זענען געבליבן שטיין בײַ דער טיר און זיך נישט געקאָנט רירן, נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט פון איבעראַשונג און נישט געזען ווער עס געפינט זיך אין קאַמער.

ס׳איז געווען נישט קיין צו גרויסע קאַמער מיט איין פענצטער, פאַר־קראַטעוועט מיט אײַזערנע קראַטעס און חוץ דעם מיט אַ „קאָזוראָק״ — אַ בלעך וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס פענצטער. אַרום די ווענט — הילצערנע נאָרעס און בײַ דער טיר — אַ „פּאַראַשע״ פאַרן מענטשלעכן געברויך. זי איז אויסגעליידיקט געוואָרן איין מאָל אין מעת־לעת. דער געשטאַנק איז געגאַנגען ביזן „זיבעטן הימל״.

נאָכן אָפּזײַן אַ קורצע צײַט אין דער קאַמער, האָב איך אָנגעהויבן זען ווו איך געפין זיך. כ׳האָב זיך דערוווּסט ווער עס זענען די מיטזיצערס אין אָט דער קאַמער וואָס מען האָט אָנגערופן מיט אַזאַ פײַן קלינגענדיקן נאָמען — תּפיסה.

זעכציק פּראָצענט תּושבים פון דער קאַמער זענען געווען פּוילישע ייִדן, וואָס זענען פּונקט ווי איך געקומען אין לאַנד פון „סאָציאַליזם״ זוכן אַ תּיקון, זוכן אַ נײַע היים פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס וואָס האָבן זיך אָדער געפונען אין דער פּרויען־קאַמער פון דער סלאָוואַטער תּפיסה, אָדער געבליבן אין פּוילן מיט דער האָפענונג, אַז אָט־אָט וועלן זיי און זייערע קינדער באַקומען אַרויספאָדערונגען פון זייערע מענער און אָנהייבן אַ נײַ לעבן...

איך מיט מײַנע חברים זענען לכתחילה געבליבן שטיין בײַ דער טיר — בײַם אַנידערזעצן זיך איז געווען אַ געפאַר באַנעצט צו ווערן. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך געדרייט אַרום דער „פּאַראַשע״.

צווישן די תּושבים אין קאַמער האָבן זיך געפונען רוסן, וועלכע מען האָט געכאַפּט גנבענען די גרענעץ קיין פּוילן, עטלעכע „כּלי־קודש״ און אַזעלכע, וואָס מען האָט באַשולדיקט, אַז זיי פאַרמאָגן גאָלד און ווילן עס נישט אָפּגעבן דער מלוכה און אַזעלכע, וואָס מען האָט חושד געווען אין שפּיאָנאַזש.

מיר האָבן זיך באַלד דערוווּסט, אַז פירן אין בית־כּיסא, פירט מען איין מאָל אין טאָג און מען מוז אָנווענדן כּוח זיך אַרײַנצוקריגן אין בית־כּיסא. נישט איין מאָל איז געקומען צו געשלעגן און די רויטאַרמייער האָבן געמוזט „באַרויִקן" די אַרעסטאַנטן. עס זענען געווען נאָר פינף ערטער אויף עטלעכע זיבעציק מאַן און צײַט איז געווען 15 מינוט. ווען עס איז נישט געלונגען אַרײַנצורײַסן זיך אין דעם דאָזיקן מקום, האָט געמוזט „גיין" אויף דער „פּאַראַשע". מען האָט שוין די ערשטע נאַכט דערפילט דעם טעם פון לײַז.

די קאַמער קריגט יעדן טאָג זיבן „באַטשקעס" (בלעכענע שיסלען) מיט וואַסערדיקע זופּ, אַלץ איינס וויפל מענטשן עס געפינען זיך אין קאַמער. אין קאַמער זענען דאָ זיבן גרופּעס; יעדע גרופּע ווײלט אויס אַ „סטאַ־ראָסטע", וואָס גיט אַכטונג אַז קיינער פון זײַן גרופּע זאָל נישט באַעוולט ווערן. די לעפל זענען הילצערנע: קליינע און גרויסע. דער סטאַראָסטע רעגולירט, אַז ווער עס האָט הײַנט געגעסן מיט אַ גרויסן לעפל זאָל צו מאָרגנס עסן מיט אַ קליינעם. די זופּ ווערט געגאָסן לויט אַ באַפעל פון סטאַראָסטע.

צו ערשט טרינקט מען דאָס וואַסער, דערנאָך ווערט צעטײלט די קאַשע וואָס בלײַבט אויפן דנאָ. אמתער סאָציאַליזם! נישט איין מאָל האָט מען באַמערקט לעבעדיקע לײַז אין דער זופּ וואָס זענען געפאַלן פון די מענטשן. מען האָט זיי אַרויסגענומען און ווײַטער געגעסן.

חוץ דעם איז פאַראַן אין קאַמער אַ „סטאַראָסטע", אַן אַלטער תּושב אין קאַמער — ער האַלט שוין אויס אַט דאָס גהינום 3 חדשים. זײַן אויפגאַבע איז צוצוטײלן יעדן די פּאַרציע ברויט פון 400 גראַם און זען אַז די „רעפּט־לעך" זאָלן נישט אַרײַנפאַלן יעדן טאָג צו דעם זעלבן. ער דאַרף אויך צעטײלן די שטיקלעך האַרטן צוקער, פאַרטײלן דאָס הייסע וואַסער און הויפּטזעכלעך אַדורכפירן דרײַ מאָל אין טאָג די פּראָצעדור פון לויזן זיך. צוויי מאָל אין טאָג האָט אַ רויטאַרמייער מיט אַ האַמער געקלאַפּט אין די קראַטעס, צו זען צי מיר האָבן אַ מאָל נישט איבערגעזעגט די קראַטעס. מען קאָנטראָלירט די אַרעסטאַנטן דורך אָנרופן יעדן בײַם נאָמען. פון די ענט־פערס האָט מען געוווּסט צי קיינער איז נישט אַנטלאָפן.

מיר האָבן געוווּסט, אַז פון סלאַוווּט שיקט מען די אַרעסטאַנטן קיין קיִעוו און קיין בערדיטשעוו. אָך און ווײ איז צו דעם וואָס ווערט אַוועקגע־שיקט קיין בערדיטשעוו. סלאַוווּט איז אַ גן־עדן אַקעגן בערדיטשעוו. עס האָט געטראָפן אַז פון בערדיטשעוו האָט מען צוריקגעשיקט קיין סלאַוווּט און די צוריקגעשיקטע האָבן דערציילט גרויל־געשיכטעס וואָס מיר האָבן אין אָנהייב נישט געוואָלט, נישט געקענט גלייבן.

צו אַלעם אין דער וועלט קאָן זיך אָבער דער מין מענטש צוגעוווינען. דאָס לעבן איז געוואָרן ווי „נאָרמאַל".

גערעדט האָט מען גאַנצע טעג וועגן עסן. דער חלום פון יעדן איז געווען: אַ באָד, איבערטאָן וועש, אָפּעסן צו דער זעט און קאָנען איבער־שלאָפן אַ נאַכט...

עס האָבן זיך געפונען צווישן אונדז אַזעלכע וואָס האָבן באַרעכטיקט אַלץ וואָס מען טוט מיט אונדז, פאַררופנדיק זיך אויף דעם וואָס לענין זאָל האָבן געזאָגט, אַז „טאָמער געפינט זיך צווישן טויזנט איין שפּיאָן און מען ווייסט נישט ווער, דאַרף מען אומברענגען אַלע טויזנט". אַנדערע האָבן געטענהט אַז אַזוי ווי דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז אַרומגערינגלט מיט שׂונאים וואָס ווילן דערשטיקן די דערגרייכונגען פון אָקטאָבער, שיקן אַרײַן שפּיאָנען, וואָס זאָלן שעדיקן פון אינעווייניק. דעריבער מוז מען זײַן פאַר־זיכטיק און פאָרשן יעדן איינעם, יעדן איינעם אויספּרוּוון און זען צי ער איז ראוי צו זײַן אַ מיטגליד פון גרויסן סאָוויעטישן פאָלק.

איך בין געווען פאַרצווייפלט. זעט זיך אויס אַז נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן איבער מיר אַ גזר־דין: איך בין אויף אייביק פאַרמשפּט צו לײַדן הונגער און אַז די לײַז זאָלן שטענדיק עסן מײַן לײַב...

איך האָב מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל.

די „פּראָמסטעע" אין קאַמער זענען געווען די צוויי ברידער ב. פון לאָדזש. דער יינגערער ברודער האָט פּשוט געסטראַשעט יעדן וואָס האָט זיך „פאַרזינדיקט" מיט אַ וואָרט, אָדער נישט גענוג געלויבט און געדאַנקט

דעם חבר סטאַלין דערפּאַר וואָס ער טוט מיט אונדז אַזאַ חסד: גיט אונדז אַ דאַך איבערן קאָפּ און ברויט אָפּצועסן. זיי און נאָך עטלעכע אין קאַמער האָבן זיך געקרוינט ווי די אויספּירערס פון די באַפעלן פון דער פּאַרטיי און דער רעגירונג און אַכטונג געגעבן אויף „כשרות”, אַגב ב.׳ס פּאַטער איז אין לאָדזש געווען אַ דיין...

מאַכט זיך אַזאַ מעשׂה: דעם עלטערן ברודערס פרוי און קינד האָבן זיך געפונען אין דער פּרויען־קאַמער. פּלוצים איז דאָס קינד קראַנק געוואָרן און די פרוי האָט געבעטן אַ דאָקטער. דער ענטפער איז געווען „לאַדנאָ” (גוט) און „זאַווטראַ” (מאָרגן). צוויי טעג האָט זי באַקומען דעם זעלבן ענטפער. אָבער דעם קינד איז וואָס אַ מאָל ערגער געוואָרן. דעמאָלט האָט די פרוי ב. אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר און שרײַען: „שיקט אַ דאָקטער, מײַן קינד שטאַרבט”.

די ברידער ב. האָבן דערקענט דאָס געשריי פון דער פרוי און אויך אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר און שרײַען: „שיקט אַ דאָקטער פאַרן קינד!”

עס עפנט זיך די טיר, עס קומט אַרײַן אַ רויטאַרמייער און פרעגט געלאַסן: „ווער האָט געקלאַפּט אין טיר?” די ברידער ב. האָבן געענטפערט: „מיר!”

— פון וואַנען ווייסט איר אַז דאָס קינד איז קראַנק? — פרעגט געלאַסן דער רויטאַרמייער.

— איך האָב געהערט דורכן פענצטער די געשרייען פון מײַן פרוי — ענטפערט דער עלטערער ברודער.

— הייסט עס, אַז איר שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער פרויען־קאַמער און דאָס איז קעגן די סאָוויעטישע געזעצן — זאָגט דער רויטאַרמייער און ער באַפעלט: „גייַן!”

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען די צוויי ברידער צוריקגעקומען נישט טויט, נישט לעבעדיק. שפּעטער האָבן זיי דערציילט אַז מען האָט זיי אַראָפּ־געפירט אין דער קאַנאַליזאַציע. דאָס געשטאַנק איז נאָך נישט דאָס גע־פערלעכסטע, נאָר ראַצן גרויס ווי די קעץ האָבן זיך געוואָרפן אויף זיי. „מיר האָבן געקוויטשעט מיט אַלע כּוחות און זיי אָפּגעשטויסן פון זיך מיט די פיס”. זיי זענען דאָרט געזעסן אפשר צען מינוט און אפשר דאָס אויך

נישט און עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט אַז עס איז אַן אייביקייט און זיי וועלן שוין פון דאָרט קיין לעבעדיקע נישט אַרויס. נאָכן אַרויסלאָזן פון דער קאַנאַליזאַציע האָט דער רויטאַרמייער זיי געוואָרנט אַז אויב עס וועט זיך נאָך אַ מאָל איבערחזרן, וועט מען זיי אַראָפּזעצן אין דער קאַנאַליזאַציע אויף 24 שעה.

קיין דאָקטער צום קינד האָט מען נישט געשיקט. די מוטער מיטן קינד (וואָס איז איצט שוין אַליין אַ מאַמע) האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך אין קאַנאַדע. ביידע ברידער זענען אומגעקומען אין 1938, יעדער אין אַ באַזונדער לאַגער.

פון תּפיסה־הויף האָבן זיך יעדן טאָג געהערט יאָמערלעכע געשרייען פון מענער און פרויען וועלכע זענען געפּייניקט געוואָרן, אַז זיי זאָלן אויס־זאָגן, ווו זיי באַהאַלטן זייער גאָלד.

נישט איין מאָל גייענדיק אין בית־כּיסא האָט מען געזען אַרומלויפן אַ מאַן אָדער אַ פרוי מיט אַ זאַק איבערן קאָפּ און יאָמערן אין אַ דעמאָלט פאַר אונדז אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך.

מיר האָבן מקנא געווען די הינט וועלכע האָבן געקראָגן עסן צו דער זעט: פלייש און ברוינע קאַשע.

אַ סך, אַ סך שפּעטער האָב איך ערשט פאַרשטאַנען די סיבות פאַר וואָס זיי האָבן אונדז געהאַלטן אין אַזעלכע באַדינגונגען: אונדז צו אַנטמענטשן, אונדז צו פאַרוואַנדלען אין ליימענע גולמס, אין יאָ־זאָגערס; אַז דער פּחד זאָל אונדז שטענדיק באַגלייטן און אַז מיר זאָלן קיין מאָל סלאַווט נישט פאַרגעסן...

## קיִעווער תּפֿיסה

נאָכן אָפּזיצן ווער פֿיר און ווער ווייניקער וואָכן אין סלאָוואַטער תּפֿיסה, האָט מען יעדן באַזונדער אַרויסגערופֿן צום אויספֿאָרשער. מען האָט ווידער אונטערגעשריבן פּאַפּירן און צוריק באַקומען די זאַכן. ווע̃מען עס האָט געפֿעלט אַ זייגערל, וועמען אַ גאָלדן רינגל, אָבער יעדער האָט מורא געהאַט צו פֿרעגן אויף די צוגעגנבעטע זאַכן. פֿאַר דער אויסלענדישער וואַלוטע האָט מען באַקומען רוסישע רובלס וואָס האָבן דעמאָלט נישט געהאַט קיין שום ווערט ווײַל אָן צוטייל־קאַרטעס האָט מען גאָרנישט געקאָנט קויפֿן.

עס האָט געדויערט עטלעכע שעה ביז אַלע, אַרום הונדערט מאַן, זענען אָפּגעפֿאַרטיקט געוואָרן. עס האָבן זיך געפֿונען מענער, פֿרויען און קינדער. איין משפּחה פֿון לאָדזש איז באַשטאַנען פֿון אַ מאַן, אַ פֿרוי מיט איר ברודער און פֿיר קינדער.

מיר זענען אונטער אַ קאָנוואָי פֿון גרענעץ־וועכטערס אָפּגעפֿירט געוואָרן ערגעץ אויף אַ פֿעלד, ווו עס האָט געוואַרט אויף אונדז אַ באַן און מיר זענען אָפּגעפֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון שעפּעטאָווקע.

אין שעפּעטאָווקע האָט מען אונדזער גרופּע אָוועקגעפֿירט אויף אַ ליידיקן פּלאַץ ווו מיר האָבן געוואַרט אויף אַ באַן וועלכע האָט אונדז געדאַרפֿט אָפּפֿירן קיין קיִעוו. אַזוי ווי אין סלאָוואַט האָט יעדער באַקומען אַ כּזית ברויט איז דער עולם געוואָרן הונגעריק און די קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען און בעטן עסן. די גרענעץ־וועכטערס האָבן באַפֿוילן מען זאָל צוזאַמענגעמען

געלט בײַם עולם, וועלן זיי אונדז קויפן ברויט. נישט אַלע האָבן געהאַט רוסישע רובלס. די וואָס האָבן יאָ געהאַט האָבן געגעבן זייער געלט אונדזערע שומרים און זיי, מיט עטלעכע אונדזעריקע, זענען אַוועק אין אַ בעקערײַ און אויפן באַפעל פון די גרענעץ־וועכטערס זענען אונדז פאַרקויפט געוואָרן עטלעכע שוואַרצע ברייטלעך. ברויט איז אין יענער צײַט געווען אויף „קאַרטן". מיר האָבן צעטיילט דאָס ברויט צווישן עולם. הייס וואַסער איז געווען איבער געבוג. די אײַנוווינערס פון שעפּעטאָווקע זענען געקומען קוקן אויפן „בייזן ווונדער", כאָטש דער „ספּעקטאַקל" איז פאַר זיי נישט געווען קיין נײַער... אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אַ טאָג אין שעפּעטאָווקע. פאַרנאַכט־צו איז אָנגעקומען אַ באַן און מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין קיִעוו.

מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין איינע פון די גרעסטע תּפיסות אין קיִעוו. ווײַט גיין האָבן מיר נישט געדאַרפט. האַרט הינטער די תּפיסה־מויערן געפינט זיך אַ באַן־ליניע וואָס ברענגט און פירט אַוועק די אַרעסטאַנטן. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער געפינען זיך באַן־ליניעס נאָענט צו די גרויסע אונטערנעמונגען און פאַרטן וואָס ברענגען מאַטעריאַלן און פירן אַוועק פאַרטיקע פּראָדוקציע. אין די „סאָציאַליסטישע" לענדער געפינען זיך באַן־ליניעס נאָענט צו די תּפיסות און לאַגערן ווײַל דאָס איז דאָרט „מאַסן־פּראָדוקציע".

אין קיִעווער תּפיסה האָבן מיר ווידער אויסגעפילט אַנקעטעס, געמאַכט פינגער־אָפּדרוקן, רעווידירט די מטלטלים און אונדז געפירט אין באָד אַרײַן, דעזינפעקצירן אַלע זאַכן. זעט זיך אויס אַז דאָרט האָט מען געוווּסט פון וואַנען מיר קומען...

מען האָט אונדז „אײַנקוואַרטירט" אין קאַמערן אין וועלכע עס זענען געווען אײַזערנע בעטלעך, מיט מאַטראַצן און קישעלעך, אמת, אָנגעפילטע מיט זעגעכץ. יעדער האָט באַקומען אַ קאָלדרע זיך צוצודעקן. מען האָט זיך אויסגעגלײַכט די ביינער, זיך אָפּגערוט, זיך אויסגעשלאָפן. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 400 גראַם שוואַרץ ברויט, אַ זופּ פון קליינע פישלעך מיט ביינדלעך וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון פישאייל (טראָן) און די זופּ מיט

דעם טעם פון פישאייל און אַפילו דיביינדלעך האָבן געהאַט דעם „טעם גן־עדן".

יעדן טאָג האָט מען אַרויסגעלאָזט אויף 15 מינוט „שפּאַציר". חתונה־געהאַטע פּאָרלעך און פרויען מיט קינדער האָבן זיך געפונען עטלעכע שעה אין טאָג אויפן תּפיסה־הויף. פאַר די קינדער איז צוגעטיילט געוואָרן אַ ספּעציעלער עסן. מיר האָבן זיך געקאָנט באַוועגן אין די קאָרידאָרן און באַנוצן דאָס בית־כּיסא ווען מען האָט געוואָלט.

דורך די דריַי וואָכן, וואָס מיר זענען געווען אין קיִעווער תּפיסה, האָט מען אונדז עטלעכע מאָל געפירט אין באָד אַריַין — ממש אַ „גן־עדן".

מען האָט אונדז געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט גענוג מענטשן פאַר אַן „עשאַלאָן", וועלכן מען האָט אָפּגעפירט אין סאַראַ־ווער לאַגער.

נישט פאַר יעדן איז אָבער די קיִעווער תּפיסה געווען אַ „גן־עדן"... אין יענער צײַט, דאָס הייסט אין די פריִע דרײַסיקער יאָרן, איז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אָנגעגאַנגען אַ קאַמפּאַניע, אַז אַלע וואָס באַזיצן גאָלד מוזן עס אָפּגעבן דער מלוכה און נישט יעדער האָט זיך פריַיוויליק געוואָלט שיידן מיט אַ ירושה־חפץ, מיט אַ חתונה־מתּנה, מיט אַ קידושין־רינגל אאַז״וו א״וו. אַ סך מענטשן האָבן געהאַט באַהאַלטן אַ פּאָר גאָלדענע מטבעות אויף אַ „שוואַרצער שעה". די רוסישע רובל האָבן נישט געהאַט די ווערט פון דעם פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זענען געווען געדרוקט. אַ סך מענטשן האָבן, בכן, נישט אויסגעפילט דעם באַפעל פון דער פּאַרטיי און דער רעגירונג.

עס זענען אַרעסטירט געוואָרן הונדערטער, טויזנטער מענטשן, צום מערסטן ייִדן, און מען האָט פון זיי געפאָדערט אָפּצוגעבן דאָס גאָלד. די תּפיסות זענען געווען פול.

אין דער תּפיסה אין קיִעוו האָב איך געטראָפן הונדערטער ייִדן, טאַקע בלויז ייִדן, וואָס זענען געזעסן פאַר נישט וועלן אָפּגעבן זייער גאָלד.

איך האָב זיך געטראָפן מיט אָט די קרבנות פון „סאָוויעטישן הומאַניזם". די אַרעסטירטע זענען איַינגעזעצט געוואָרן אין קאַמערן צו 200 מאַן און מער, אָן רעכט אויף אַ שפּאַציר, אָדער פאַרבינדונג מיט זייערע אייגענע. אין יעדער קאַמער זענען אַריַינגעזעצט געוואָרן עטלעכע פּראָוואָקאַטאָרן פון

דער נקוו"ד. די קאַמער איז געוועזן געצייכנט געוואָרן ווי אַ „קאָלעקטיוו" און באַ־פרייַט האָט מען ערשט דעמאָלט ווען אַלע אַרעסטירטע אין קאַמער האָבן אָפּגעגעבן זייער גאָלד.

יעדע נאַכט האָט מען געשלעפּט אויף „אויספאָרשונגען". די אַרייַנ־געשיקטע מוסרים האָבן כּלומרשט אָפּגעגעבן זייער גאָלד און געפאָדערט פון די איבעריקע זיי זאָלן אויך אָפּגעבן זייער גאָלד. די וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער גאָלד איז דערלויבט געוואָרן צו זייַן אין פאַרבינדונג מיט זייערע פאַמיליעס. מען האָט זיי אויך דערלויבט אַרייַנצוקריגן פּעקלעך פון דער פרייַ.

עס זענען אָפּט אויסגעבראָכן געשלעגן אין קאַמער צווישן די וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער גאָלד און די וואָס האָבן נישט אָפּגעגעבן. די געשרייען, געוואַלדן און געוויינען זענען דערגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע וואָכן אויף 200 גראַם ברויט און אַ וואַסערדיקער זופּ, נאָך די אויספאָרשונגען יעדע נאַכט און נאָכן אַרומשלאָגן זיך אין קאַמער, האָבן מענטשן זיך גענומען אייַנברעכן און אָפּגעבן, ווער אַ קידושין־רינגל, ווער אַ פּאָר אויערינגלעך, אַ פּאָר זילבערנע לייַכטערס, דאָלאַרן, דייַטשע מאַרקן, פּוילישע זלאָטעס — אַלץ איז געווען סחורה.

ווען די מערהייט אין קאַמער האָט זיך אייַנגעבראָכן, האָט מען אַרויס־גענומען די עקשנים, וואָס האָבן נישט געהאַט, אָדער נישט געוואָלט אָפּגעבן זייער גאָלד.

די עקשנים האָט מען געפירט אין „באָד אַרייַן". אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע און צעשלאָגענע, האָט מען זיי אַרייַנגעפירט אין אַ קאַמער אין וועלכער מען האָט כּסדר אַרייַנגעבלאָזן הייסע פּאַרע. זיי זענען אַזוי לאַנג געבריט און געמוטשעט געוואָרן, ביז זיי זענען געפאַלן אין חלשות. דעמאָלט האָט מען פּרובירט זיי צווינגען אָפּצוגעבן דאָס גאָלד. ס'האָבן זיך פאָרט געפונען עקשנים וואָס האָבן דאָס גאָלד נישט אָפּגעגעבן. זיי זענען פאַר־שיקט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגער אויף צען יאָר און מער.

צענדליקער טויזנטער ייִדן און נישט־ייִדן זענען אין יענע יאָרן פאַר־מוטשעט געוואָרן צום טויט אין די תּפיסות און אַרבעטס־לאַגערן פון סאָ־

וויעט־רוסלאַנד מחמת זיי האָבן נישט אָפּגעגעבן זייער גאָלד, צווישן זיי — אַזעלכע וואָס האָבן קיין גאָלד און וואַלוטע נישט געהאַט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך אין איינער פון די גרויסע צײַטונגען אין ניו־יאָרק געלייענט אַן אויטאָביאָגראַפיש אַרטיקל פון אַן אָנגעזעענעם יידישן זשורנאַליסט, וועלכער האָט דערציילט אַז זײַענדיק אין די דרײַסי־קער יאָרן אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַן אַמעריקאַנער נײַעס־אַגענטור אין סאָ־וויעטן־פאַרבאַנד, האָט ער זיך צופעליק דערוווּסט פון זײַן שאָפער, דווקא אַ רוס, אַז מען האָט אַרעסטירט עטלעכע יידן און מען פאָדערט פון זיי, זיי זאָלן אָפּגעבן זייער גאָלד. אַזוי ווי ער איז געווען אַן אַרײַנגייער אין די „הויכע פענצטערס" אין מאָסקווע, האָט ער אָנגעהויבן דראָען, אַז ער וועט אויפהייבן אַ געוואַלד אין דער וועלט־פרעסע.

לויט אים, אַזוי דערציילט ער, האָט מען דאָרט צו ערשט אַלץ אָפּגעלייקנט און ווען ער האָט ווידער „געסטראַשעט", האָט מען זיך, זעט זיך אויס, דערשראָקן און מען האָט די עטלעכע יידן באַפרײַט און אַזוי אַרום האָט ער אָפּגערופן די גזירה. מען מוז האָבן „פּאַרע" כּדי אַרויסצוקומען מיט אַזעלכע דערקלערונגען אין אַ גרויסער יידישער צײַטונג. אַגב, האָב איך געשריבן אַ בריוו אין רעדאַקציע און זיך פאַררופן אויף לעבעדיקע עדות, אַז די גאַנצע מעשׂה איז שקר וכזב. דער בריוו איז מיר צוריקגעשיקט געוואָרן מיט אַן ענטפער פון רעדאַקציע, אַז לײַדער קאָן מען אים נישט פאַרעפנטלעכן.

נאָכן אָפּזיצן דרײַ וואָכן אין קיִעווער תּפיסה, האָט מען אונדז, אַ גרופּע פון איבער צוויי הונדערט מאַן, ווידער אָנגעלאָדן אין פראַכט־וואַגאָנען. יעדער פון אונדז האָט באַקומען אַ ברויט פון 2 קילאָ און אַ שאַכטל קאָנסערוון פון גריבוואַרג.

## מיר פֿאָרן קיין סאַראַטאָוו

שוין דעם דריטן טאָג ווי מיר געפֿינען זיך אין וועג. הונגעריק, דער־שלאָגן, די קינדער וויינען און עס זעט זיך נישט קיין סוף.

מער ווי היץ וואַסער קריגן מיר נישט. מיר שטייען מער ווי מיר פֿאָרן. מיר ווייסן נישט ווו מיר געפֿינען זיך, ווו עס געפֿינט זיך סאַראַטאָוו און וואָס סאַראַטאָוו שטעלט מיט זיך פֿאָר. מיר ווייסן בלויז, אַז סאַראַטאָוו איז אַ לאַגער. עס איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדן און וועמען צו פֿרעגן. אויף יעדער פֿראַגע ענטפֿערן די רויטאַרמייער וואָס פֿירן אונדזער עשאַלאָן: „זאַווטראַ" (מאָרגן)...

נאָכן אָפּמאַנעווורירן אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָבן מיר זיך געפֿונען אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון מאָסקווע. עס איז געווען אין דער צײַט ווען דער עולם איז געגאַנגען צו דער אַרבעט. די געוויינען פֿון די קינדער האָבן צוגעצויגן אַ נײַגעריקן עולם. אונדזערע טאַטעס און מאַמעס האָבן אָנגעהויבן שרײַען אַז די קינדער זענען הונגעריק. אַ סך פֿון עולם האָבן, נישט קוקנדיק אויף די אויסגעשטרעקטע ביקסן פֿון די רויטאַרמייער, גענומען וואַרפֿן אין די וואַגאָ־נען זייערע פּעקלעך עסן וואָס זיי האָבן מיטגענומען צו דער אַרבעט. מען דאַרף געדענקען אַז אין 1932 איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער אין רוס־לאַנד און ברויט איז געווען מיט גאָלד גלײַך.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר זיך געפֿונען אויף דער סטאַציע רוזאַיעווקע, צענטראַל־רוסלאַנד. דאָרט זענען מיר איבערגעלאָדן געוואָרן

אויף אַ קאָלעיקע מיט אָפענע וואַגאָנקעס. די קאָלעיקע איז געבויט געוואָרן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע פו אויסגעוואַרצלטע קינדער. זי האָט פאַר־בונדן די סאַראַוער לאַגערן מיט די איבעריקע טיילן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

אַגב געדענקט איר מן־הסתם ווי אין מערב־אייראָפּע איז געוויזן געוואָרן אַ פילם אונטערן נאָמען „בעזדאָמני" (היימלאָזע), רעזשי: פודאָווקין, אָדער אײַיזנשטיין. דער פילם שילדערט ווי אַזוי די היימלאָזע קינדער ווערן אין די רעוואָלוציע־יאָרן רעהאַביליטירט אין סאַראָוו און ווי זיי בויען די קאָלעיקע.

דאָס וועטער איז געווען אַ האַרבסטיקס: קאַלט, ווינטיק און עס האָט געפּרישעט אַ דינער שניי. הונגעריק, אַדורכגעפרוירן ביזן ביין, האָבן מיר ענדלעך דערגרייכט דעם ציל, איך בין אָפּגעפירט געוואָרן פון דער וואַגאָ־נעטקע אין לאַגער־שפּיטאָל מיט גרויסער היץ.

## סאַראָוו

קיינער האָט זיך נישט פֿאַראינטערעסירט צו וויסן ווו איך בין פֿאַר־פֿאַלן געוואָרן. קיין איינער פֿון די נײַע פֿרײַנד וועלכע זענען פּונקט ווי איך געקומען בויען אַ נײַע וועלט פֿון יושר און גערעכטיקייט איז נישט געקומען אין שפּיטאָל זען צי איך לעב נאָך, אָדער איך בין שוין געשטאָרבן. זיי האָבן באַלד פֿאַרגעסן אַז איינער פֿון זיי איז פֿאַרשוווּנדן. זיי האָבן באַלד געכאַפּט דעם שניט פֿון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט...

אין שפּיטאָל איז געווען קאַלט. דער דאָקטער האָט באַלד אַנטדעקט, אַז איך האָב אַ קראַנק האַרץ און מיר געגעבן אַספּירין. די איינציקע צוטייַ־לונג אין שפּיטאָל איז געווען: 400 גראַם שוואַרץ ברויט און אַ וואַסערדיקע זופּ.

אַן אַלטער רוסישער אַרעסטאַנט, וואָס איז געלעגן מיט מיר אין איין צימער האָט מיך געוואָרנט: „אַנטלויף פֿון דאַנען, דאָ וועסטו שטאַרבן פֿון הונגער. איך ווייס ווו אײַן און ווו אויס. דו ביסט יונג און ווייסט גאָרנישט. גיי און לערן זיך צו לעבן״.

אויפֿן דריטן טאָג האָט מען מיך אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל מיט דער קאַרטע: „אַ קראַנק האַרץ״.

נאָכן באַקומען אַ בעטל אין אַ שטוב מיט נאָך נײַן אַריבערלויפֿערס בין איך אַוועק אויף דער „ראַזנאַריאַדקע״ (אַן אָרט ווו מען טיילט צו די

אַרבעט) און דער „נאַריאַדטשיק״ (אַרבעטס־פּאַרטיילער) האָט פּראָסט און פּשוט מיר נישט געוואָלט געבן קיין אַרבעט, ווײַל לויטן דאָקטער האָב איך אַ קראַנק האַרץ.

דער רוב פון אונדזערע לײַט זענען געגאַנגען אין וואַלד זעגן ביימער. די נאָרמע — 3 קובאָמעטער. די פרויען האָבן צונויפגעזאַמלט די אָפּגע־האַקטע צווײַגן. ביז צום אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען אַ מהלך פון 7 און מער קילאָמעטער. דער ווינטער אין יענעם טייל פון רוסלאַנד איז שווער, מיט גרויסע שנייען. אויפן שטח פון אונדזער לאַגער האָט זיך געפונען אַ טאַרטאַק, אַ מעבל־פאַבריק, אַ שנײַדערײַ, אַ שוסטעריי — זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַטען די צעריסענע מלבושים און די וואַלענקעס. עס האָט זיך אויך געפונען דאָרט אַ קינדערהיים, אַ שפּיטאָל, אַ שולע, ווו מען האָט נאָך דער אַרבעט געלערנט רוסיש. די הויפּט־לערע איז געווען „פּאָליטגראַמאָטע״. נקוו״דניקעס און „באַגלויבטע״ אַריבערלויפערס האָבן געלערנט „מאַרקסיזם־לעניניזם־סטאַליניזם״. יעדער פון אונדז האָט געמוזט וויסן יעדן אָפּנויג פון דער פּאַרטיי־ליניע. מען האָט געמוזט וויסן דעם אונטערשיד פון רעכטן און לינקן אָפּנויג און פון יעדן „קנייטש״ אין דער אָפיציעלער פּאַרטיי־פּאָליטיק. מען האָט אונדז געוואָרנט אַז אָן אַן עקזאַמען פון „פּאָליטגראַמאָטע״ וועט מען נישט קאָנען פאַרלאָזן דעם לאַגער...

יעדער פון אונדז האָט באַקומען אַ פּאָר „וואַלענקעס״ (וואָלענע שטיוול), אַ „פופייקע״ (אַ וואַטענע בורקע) און וואַטענע הויזן, אַ פּאָר „אָניטשעס״ (שמאַטעס אַרומצוּוויקלען די פיס) און אַ פּאָרל וועש. יעדע וואָך האָט מען געפירט אין באָד אַרײַן און דאָרט האָט מען געטוישט די וועש.

די באַדינערס אין לאַגער זענען געווען קרימינעלע פאַרברעכערס.

סאַראָוו איז פאַר דער רעוואָלוציע געווען אַ מאָנאַסטיר, עס געפינט זיך צווישן פּענזע און מאָסקווע, איצט מאָרדאָווסקאַיאַ אָבלאַסט. דאָרט ציִען זיך בתולה־וועלדער אויף הונדערטער קילאָמעטער. דער ראש פון סאַראָווער מאָנאַסטיר איז געווען דער „הייליקער פאָטער״ דימיטרי — און אפשר האָט ער געטראָגן אַן אַנדערן נאָמען? אין סאַראָוו נעבן מאָנאַסטיר פליסט אַ טײַכל וואָס האָט ווי אַ סך האָבן געגלויבט, געהיילט פון אַלע קרענק. צענד־ליקער טויזנטער עולי־רגל זענען יעדעס יאָר געקומען קיין סאַראָוו פון

אַלע טיילן פון רוסלאַנד, זיך אויסצובאָדן אין טײַכל, כּדי צו קושן די הענט דעם „הייליקן פּאָטער", און צו באַקומען די ברכה פון אים.

נאָך דער רעוואָלוציע איז דער מאָנאַסטיר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איבערדערציִונגס־לאַגער פֿאַר היימלאָזע קינדער, שפּעטער — אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פֿאַר קרימינעלע פֿאַרברעכערס און אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען דער סאָוויעטן פֿאַרבאַנד האָט צוליב אומפֿאַרשטענדלעכע סיבות אָנגעהויבן אַרײַנצולאָזן „פֿערעביעזטשיקעס" (אַריבערלויפֿערס) פון די מערב־לענדער, איז סאַראָוו ווידער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איבערדערציִונגס־לאַגער.

וואָלזשסקי, אַן אַלטער „טשעקיסט", איז געווען דער לאַגער־נאַטשאַל־ניק. עטלעכע נקוו"דניקעס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט זוכן „קראַמאָליע" און „אָפּנויגן" פון דער אָפיציעלער ליניע פון דער פֿאַרטיי צווישן די אַריבער־לויפֿערס, אַנדערע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער „אויפֿקלערונגס־אַרבעט" צווישן די לאַגערניקעס.

עס האָבן זיך באַלד געפֿונען צווישן די אַריבערלויפֿערס אַזעלכע, וואָס זענען געוואָרן דער נקוו"דס „אויערן" צווישן די אַריבערלויפֿערס.

כאָטש אין לאַגער זענען נישט געווען קיין געטאָס, האָבן ייִדן געוווינט באַזונדער; פּאָליאַקן, אוקראַיִנער און דײַטשן באַזונדער. מיידלעך האָבן גע־וווינט אויסערן לאַגער. וואָס שייך פֿאַרהייראַטע פּאָרפֿעלקער אָן קינדער האָבן די מענער געלעבט אין לאַגער צוזאַמען מיט די מענער און די פֿרויען — אויסערן לאַגער מיט די מיידלעך. פּאָרפֿעלקער מיט קינדער האָבן באַ־קומען באַזונדערע שטיבלעך אין לאַגער. די קרימינעלע האָבן געוווינט אויסערן לאַגער.

אין לאַגער האָבן זיך געפֿונען „פֿאַרטרעטערס" פון אַלע אייראָפּעיִשע לענדער: לעטן, ליטווינער, עסטאָנער, פּאָליאַקן, טשעכן, רומענער, פֿינער און אַנדערע. איינער, אַן אונגאַר האָט געטענהט, אַז ער איז געווען בעלאַ קונס אַ געהילף און ער ווערט באַעוולט ווײַל זײַן אָרט איז מאָסקווע נישט אין סאַראָוו. געווען אַפֿילו עטלעכע „פֿאַרשטייערס" פון אַמעריקע, וואָס זענען געקומען קיין פּוילן און געשמוקלט די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ...

צום מערסטן פאַרשטייט זיך, זענען געווען ייִדן. ייִדן פון לאָדזש, וואַרשע, ווילנע און אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, ייִדן פון בוקאָווינע און בעסאַראַביע, ייִדן פון ליטע און אונגאַרן.

דער דאָקטער, דער נאַטשאַלניק פון יעדער ווירטשאַפט, ביז דעם לעצטן באַדינער, זענען געווען „פּאָליטישע״ אָדער קרימינעלע פאַרברעכערס. דער נאַטשאַלניק פון דער טישלעריי איז אַ מאָל געווען אַ הויכער פּאַרטיי־טוער אין אוקראַינע; צוליב אַ „זינד״ איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, באַגנעדיקט געוואָרן, פאַרשיקט געוואָרן קיין סאַראָוו און געוואָרן דער נאַטשאַלניק פון דער טישלעריי און דאָ געלעבט אויסערן לאַגער מיט זיין פאַמיליע: אַ פרוי, צוויי קינדער און אַ מוטער.

דער נאַטשאַלניק פון טאַרטאַק, אַ ייִד, האָט זיך אויך מיט עפּעס „פאַרזינדיקט״, באַקומען 25 יאָר און אָפּגעריכט גלות אין סאַראָוו.

דער לאַגער־נאַטשאַלניק, וואָלזשסקי, האָט צוזאַמען מיט דער פאַרשיקטער אינטעליגענץ געשיכּורט, געגאַנגען אין יאַגד אין די סאַראָווער אורוועלדער, געהוליעט, ווייַל מיידן אין סאַראָוו זענען געווען איבער גענוג.

די פרוי פון נאַטשאַלניק וועלכע האָט געאַרבעט אין לאַגער אַלס פּאָליטישע אויפזעערין איבער די אַריבערליופערס, האָט צוגעטראָגן ווו מען דאַרף. אין אַ שיינעם טאָג איז וואָלזשסקי אַרעסטירט געוואָרן דורך ספּעציעל געשיקטע מאָסקווער נקוו״דיסטן און ווי מען האָט געשמועסט, איז ער דערשאָסן געוואָרן פאַר שטיין אין פאַרבינדונג מיט די שׂונאים פון פאָלק. די פרוי וואָלזשסקי איז געוואָרן לאַגער־נאַטשאַלניק.

מען האָט מיך געשיקט אויף פאַרשידענע אַרבעטן: אָוועקפירן טאַטשקעס מיט זעגעכץ פון דער זעג, פירן טאַטשקעס מיט קלעצער צו ברוקירן די גאַסן, טראָגן ברעטער — און פון יעדער אַרבעט האָט מען מיך געמוזט אַוועקפירן אויף אַ טאַטשקע אין שפּיטאָל אַריין. איך האָב פּשוט נישט געהאַט קיין כּוח עפּעס צו טאָן און בין כּסדר געפאַלן אין חלשות.

אי פון נישט דערעסן, אי פון דאָקטערס דיאַגנאָז, אַז איך האָב „אַ קראַנק קאַרץ״, האָב איך זיך דערפילט באמת קראַנק און פון טאָג צו טאָג

געפאַלן אַלץ מער פון די כּוחות. קיינער האָט מיך נישט געפרעגט, וואָס איך מאַך, קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט מיט מײַן לאַגע. יעדער איז געווען אַרײַנגעטאָן אין זיך און געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו שטילן דעם הונגער און איבערצוקומען דעם טאָג.

דער נאַטשאַלניק — וועלנדיק פון מיר פּטור ווערן, האָט מיך געשיקט אויף אַרבעט אין דער טישלערײַ. איך בין צוגעשטעלט געוואָרן צו אַן עלעקטרישע הובעל־מאַשין. מיט אַלע כּוחות האָב איך פּרובירט אָפּצואַרבעטן דעם טאָג און עס איז מיר געלונגען. איך האָב דאָס ערשטע מאָל געקראָגן 600 גראַם ברויט און צו דער זופּ — אַ ביסל קאַשע.

דער נאַטשאַלניק פון דער טישלערײַ האָט מיך אָבסערווירט עטלעכע טעג און געזען וויפל מי און כּוח איך לייג אַרײַן אין דער אַרבעט. איין מאָל האָט ער מיך גערופן צו זיך און מיך העפלעך געבעטן אָפּצוטראָגן אַ טאַבו־רעטקע צו אים אַהיים. ער האָט געוווינט נישט ווײַט פון דער טישלערײַ. איך האָב אַהיימגעטראָגן צו אים די טאַבורעטקע. זײַן אַלטע מוטער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ שמייכל, מיר געגעבן אָפּצועסן אַ הייסן, רוסישן, היימישן „שטשי" (קרויטבאָרשט), מיט ברויט און מיר געגעבן אַ שאַכטל קאָנסערוון. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. און אַ דאַנק די עטלעכע טעלערס קרויטבאָרשט און די איבעריקע גראַמען ברויט מיט די קאָנסערוון, האָב איך זיך „צוריקגעשטעלט אויף די פיס" און אויסגעהיילט מײַן קראַנק האַרץ.

אַ גרויסע ראָלע אין לאַגער האָט געשפּילט די בלעכענע פּושקע פון די קאָנסערוון. דאָס איז געווען די „צווייטע האַנט". פון דער פּושקע האָט מען געטרונקען הייס וואַסער, אַ מאָל אַ געטראַנק וואָס זיי האָבן גערופן קאַווע. צום וואַשן זיך האָט מען גענוצט די פּושקע. ראַזירט האָט מען זיך מיט דער הילף פון דער פּושקע. און אויב עס איז אַ מאָל געלונגען צו באַקומען אַן איבעריק ביסל זופּ אָדער קאַשע, איז די פּושקע אַוודאי צו נוץ געקומען. אָן דער פּושקע איז מען געווען אַ פאַרלוירענער.

יעדע עטלעכע טעג זענען געקומען פרישע גרופּעס אַריבערלויפערס. וויכטיקע פּאַרטיי־לײַט וואָס האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות „געשוואַרצט" די גרענעץ זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע, אַנדערע פּאַרטיי־טוערס האָט מען פאַרשיקט אין די לאַגערן...

עס זענען געקומען פֿאָרשטייערס פון פֿאַרשידענע בויונגען אויף אוראַל און זיי האָבן זיך אויסגעקליבן צו עטלעכע הונדערט מענטשן וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט מיט די אַגענטן. ווינטער זענען אָבער קיין פֿאָרשטייערס פון די בויונגען נישט געקומען, ווײַל ווינטער איז דער סעזאָן פון אַראָפּ־לאָזןביימער. ווינטער איז אין סאַראָוו גופא געווען איבער גענוג אַרבעט.

פֿאַר אונדזער קומען קיין סאַראָוו זענען ווי מיר האָבן געהערט, געשיקט געוואָרן טראַנספּאָרטן פון אַריבערלויפערס קיין „פּערמסטראָי״ אין פּערם, „זלאַטסראָי״ און אַנדערע ערטער, אַלץ אויף אוראַל.

לויט דער אויסגעאַרבעטער נאָרמע האָט מען געקראָגן די צוטיילונג. מען האָט אַפילו געקאָנט „פֿאַרדינען״ אַ קילאָ שוואַרץ ברויט אַ טאָג. דאָס ברויט איז געווען ליימיק — אַ קילאָ ברויט איז געווען אַ קליין שטיקל. אַז מען האָט נישט געאַרבעט האָט מען באַקומען נאָר 400 גראַם ברויט, אָבער דערצו האָט מען געמוזט האָבן אַ צעטל פון דאָקטער אַז מען איז קראַנק.

אַז מען איז יאָ אַרויס צו דער אַרבעט און מען האָט נישט אויסגעפירט די נאָרמע, האָט מען באַקומען 600 גראַם ברויט. פֿאַרן אויספירן די נאָרמע — 800 גראַם און דער, וואָס איז געווען אַ „שלאָגער״ און האָט אויסגעפירט די נאָרמע איבער 100% האָט געקראָגן אַ קילאָ ברויט, חוץ דעם אַ זופּ און אַ ביסל קאַשע; אַ „שלאָגער״ פון אַ העכערע מדרגה האָט באַקומען צוויי זופּן און עס האָט געטראָפן, אַז זיי האָבן אַפילו באַקומען אַ געקאָכט פישל.

געפירט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט האָבן אונדז רויטאַרמייער מיט ביקסן אין די הענט. יעדעס מאָל האָט מען געמוזט הערן דעם שפּרוך: „אַ טריט רעכטס, אַ טריט לינקס, וועט דערקלערט ווערן, אַז מען וויל אַנט־לויפן און מיר וועלן שיסן״.

איך האָב זיך איינציקווײַז „אַרויפגעאַרבעט״, צו ערשט בײַם הובלעווען ברעטער, שפּעטער האָב איך געטראָגן ברעטער פון דער מעכאַנישער אָפּ־טיילונג אין דער טישלערײַ, דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן טריקענען ברע־טער. עס איז געווען אַ שווערע אַרבעט. מען האָט געמוזט זײַן וואַכזאַם טאָג און נאַכט און היטן די טעמפּעראַטור פון אויוון... נאָר עס האָט זיך געלוינט. איך און נאָך אַ לאָדזשער יונגערמאַן האָבן געוווינט אויסערן לאַגער. מיר

זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט די קרימינעלע פאַרברעכערס וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין אַ פּלאַץ, ווו אָפּצוקאָכן פלייש, פיש, קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן וואָס זיי האָבן באַקומען פון נאַטשאַלסטווע וואָס זיי האָבן באַדינט. הכּלל, הונגעריק זענען מיר שוין נישט געווען.

חוץ באַזוכן דעם „ליקבעז" (זיך לערנען רוסיש) און די „פּאָליטזאַניאַטיע" (זיך לערנען סאָוויעטישע ווירקלעכקייט, אָדער פּשוט, לויבן סטאַלינען פאַרן גוטן לעבן, וואָס ער האָט אונדז געגעבן), האָט מען זיך אויך געמוזט לערנען זעלנעריי, עס הייסט: מאַרשירן מיט העלצער אַנשטאָט ביקסן און זינגען:

דאַוואַיטיע וו׳באַי פּאָידיאָם
זאַ וולאַסט׳ סאָוויעטאָוו,
אי קאַק אָדין פּאָמריאָם
וו באָרביע זאַ עטאַ.
(קומט, מיר וועלן גיין אין שלאַכט,
פאַר דער מאַכט פון די סאָוויעטן,
און ווי איינער וועלן מיר שטאַרבן,
אין אָט־דעם קאַמף)

דאָס איז אַ רעפריין פון אַ ליד וואָס מיר האָבן געמוזט זינגען יעדעס מאָל בעתן מאַרשירן איבערן לאַגער.

אָט־אַזוי האָט זיך דאָס לעבן „נאָרמאַליזירט". דער מוט ביים עולם האָט זיך געהויבן. די, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט פרויען, קינדער, עלטערן אויף יענער זייט גרענעץ האָבן געקוקט אויף דער ווירקלעכקייט אַנדערש ווי די יונגע חברה וואָס האָבן געקוקט אויף דער צוקונפט מיט העלע פאַרבן.

עס האָט געטראָפן, אַז פרויען האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע מענער אָדער חתנים, מיט וועלכע זיי זענען געקומען און אָנגעהויבן פירן „פרייע ליבע". אַבאָרטן אין לאַגער־שפּיטאָל זענען געווען פריי. אויך מענער האָבן אַוועקגעשטעלט זייערע יונגע פרויען אָדער כּלות.

עס זענען געשען אומגליקס־פאַלן אין וואַלד. די קרימינעלע וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָבן אַזוי אויסמאַרקירט, אַז דער בוים

זאָל פאַלן נישט אין דער געהעריקער ריכטונג און פון צײַט צו צײַט איז עמיצער פאַרווונדעט, אָדער געהרגעט געוואָרן.

עס זענען אויך פאָרגעקומען זעלבסטמאָרדן אין לאַגער. די זעלבסט־מערדערס זענען צום מערסטן געווען פינער. מען האָט אין לאַגער וועגן דעם נישט גערעדט.

עס איז געווען אַ פאַל אין סאַראָוו: אַ מיידל וואָס איז געקומען צו איר חתן האָט דערזעענדיק די ווירקלעכקייט אין וועלכער ער געפינט זיך, זיך אַזוי גענומען צום האַרצן אַז זי איז אין עטלעכע וואָכן אַרום געשטאָרבן.

אָנהייב מײַ 1933 זענען קיין סאַראָוו געקומען עטלעכע פאָרשטייערס פון אַ רערן־זאַוואָד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בויען אין פערוואוראַלסק, 70 מײַל פון סווערדלאָווסק, אוראַל. די פאָרשטייערס פון זאַוואָד האָבן אויסגע־קליבן ביז טויזנט מאַן און יעדער פון אונדז, די אויסגעקליבענע, האָט מיט פרייד זיך געגרייט צו פאַרלאָזן סאַראָוו; פרײַ צו מאַכן דאָס אָרט פאַר נײַע קרבנות און ווערן פרײַע בירגער פון אונדזער פאָטערלאַנד — דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

## פּערוואָוראַלסק

ענדלעך זענען מיר פרײַ. קיין רויטאַרמייער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און מיט הינט גייען מער נישט פון הינטן און פאָרנט און מיר הערן נישט מער די וואָרענונג: „אַ טריט רעכטס, אַ טריט לינקס, וועט הייסן, אַז מען וויל אַנטלויפן און מיר וועלן שיסן".

יעדער פון אונדז האָט געקריגן אַ ברויט און דער פאָרשטייער וואָס האָט אונדז „איַינגעהאַנדלט" זאָגט צו, אַז מיר וועלן פאַרזאָרגט ווערן אויפן וועג מיט עסן.

מיר פאָרן אָפּ, אַ גרופּע פון קנאַפּע טויזנט מאַן. פון לאַגער ווערן מיר אַרויסגעפירט מיט דער „קלייבאַן". עס וואַרט שוין אויף אונדז אַ צוג מיט פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען. צום ערשטן מאָל, זינט מיר זענען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד פאָרן מיר פריילעכע, מיט געזאַנג צו אונדזער נײַער היים אין פּערוואָוראַלסק אויף דער בויונג פון אַ נײַעם, ריזיקן רערן־זאַוואָד וואָס דאַרף שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אינדוסטריאַליזירן דעם סאָוויעטן־פאַר־באַנד.

פון דער סטאַנציע כראָמפּיק, אַ 70 קילאָמעטער פון סווערדלאָווסק, זענען מיר אין לאַסט־אויטאָס אָפּגעפירט געוואָרן עטלעכע קילאָמעטער צו אַ ריזיקן פּלאַץ, וואָס האָט זיך גערופן „טרובסטראָי".

אויף אַ שטח פון עטלעכע קוואַדראַט־קילאָמעטער האָט זיך געפונען אַ פרישׁ אָנגעהויבענע בויונג. נישט ווײַט פון דער בויונג האָבן זיך געפונען

אַ צענדליק אַלטע באַראַקן אין וועלכע מיר זענען אײַנקוואַרטירט געוואָרן. עס איז גאָרנישט צוגעגרייט געוואָרן אונדז אויפצונעמען.

ווער עס איז געקומען פריִער האָט פאַרכאַפּט בעסערע שטובן. צוויי־דרײַ פאָרפּעלקער האָבן פאַרנומען איין גרויסן זאַל. בחורים זענען אײַנ־קוואַרטירט געוואָרן צו 10־12 מאַן אין אַ קאַמער — מיידלעך אין באַזונ־דערע קאַמערן. יעדער האָט באַקומען אַן אײַזן בעטל, אַ מאַטראַץ, אַ קישעלע אָנגעפּילט מיט זעגעכץ, אַ קאָלדרע. אין יעדער קאַמער איז געשטאַנען אַ טיש מיט עטלעכע טאַבורעטקעס. פאַר יעדער קאַמער האָט מען באַקומען אַ וויאַדרע מיט עטלעכע טעפּ און אין יעדער קאַמער האָט זיך געפונען אַ רוסישער אויוון.

צוויי טעג איז מען געווען באַפרײַט פון דער אַרבעט. ווידער אַ צוגע־טיילטער „פּאַיאָק" פון 600 גראַם ברויט און צוויי מאָל אין טאָג עסן אין דער אַלגעמיינער קיך. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַ זופּ מיט אַ פּישל, דאָס פּישל האָט מען צוליב אומבאַקאַנטע סיבות גערופן „טאַטער". עס איז נישט מעגלעך געווען עס צו נעמען אין מויל אַרײַן. און די גאַנצע קיך איז געווען פול מיט די „טאַטערן".

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ קאָכעניש און אָכעניש...

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין האַקן שטיינער, צופירן די שטיינער אין וואַגאָנעטקעס פון דער שטיינער־האַקערײַ צו דער בויונג; מאַכן ציגל און צוטראָגן די ציגל אויף טראָגברעטער צו דער בויונג; גראָבן גריבער, אָדער בעסער געזאָגט, האַקן מיט קירקעס די אייביק־געפרוירענע, ליימיקע ערד אין יענער געגנט. האַקן האָלץ אויף באַהייצונג און בוי אין די אַרומיקע וועלדער; פירן דאָס געהאַקטע האָלץ אויף וועגענער צו דער בויונג און אַנדערע אַרבעטן.

אין יעדער אַרבעט איז געווען אַ נאָרמע און מען האָט געקראָגן באַצאָלט לויט דער אויסגעפּילטער נאָרמע. פאַרן געלט האָט מען געקאָנט קויפן גע־וויסע שפּײַז אינעם איינציקן געוועלבל אין „טרובסטראָי" צו וועלכן מיר זענען געווען צוגעטיילט.

אין געוועלב איז חוץ ברויט, גאָרנישט געווען. אויך ברויט האָט מען געקריגן נאָר אויף ברויט־קאַרטן. פון צײַט צו צײַט זענען אָנגעקומען אין געוועלב אַנדערע פּראָדוקטן וואָס זענען אויך געטיילט געוואָרן אויף „קאַרטן".

עס האָט עקסטירט אַ „שוואַרצער מאַרק", אָבער כּמעט אָן פּראָדוקטן.

ווער עס האָט אָפּגעראַטעוועט פּוילישע זלאָטעס, אַמעריקאַנער דאָלאַרן אָדער אַנדער וואַלוטע, אַ גאָלדענעם חפץ, האָבן געקאָנט דאָס אַלץ טוישן אויף פּראָדוקטן אין „טאָרגסין", אַ מלוכהשער מאַגאַזין אין סווערדלאָווסק, וואָס האָט פאַרקויפט אַלערליי פּראָדוקטן פאַר אויסלענדישער וואַלוטע.

כּדי צו פאָרן קיין סווערדלאָווסק האָט מען געמוזט האָבן אַ „פּראָפּוסק" (אַ דערלויבעניש). אַ „פּראָפּוסק" האָט יעדער געקאָנט קריגן.

איך האָב געאַרבעט בײַ פאַרשידענע אַרבעטן: געטראָגן ציגל צו דער בויונג, געגראָבן גריבער, געפירט שטיינער פון דער שטיין־האַקערײַ אויף וואַגאָנעטקעס צום זאַוואָד. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, די נאָרמעס גרויסע. צום ערגסטן איז געווען וואָס בײַ יעדער אַרבעט האָבן געמוזט זײַן „אודאַרניקעס" (אַזעלכע, וואָס אַרבעטן אויס מער ווי די נאָרמע). קיינער האָט נישט קאָנטראָלירט די אַרבעט. די מיידלעך אין קאָנטאָר האָבן אַליין באַשטימט ווער עס וועט זײַן אַ שלאָגער און ווער אַ „לאָדיר" (אַן אָפּנאַרער). עס איז אויסגעקומען, אַז ווען דרײַ מאַן האָבן געפירט שטיינער אויף דער זעלבער וואַגאָנעטקע אַ גאַנצע וואָך, איז איינער געוואָרן אַ שלאָגער, ס'הייסט: ער האָט אויסגעפילט די נאָרמע אויף הונדערט פּראָצענט און די צוויי אַנדערע זענען געוואָרן אָפּנאַרערס. עס איז נישט געגאַנגען אין דעם, וואָס דעם שלאָגערס נאָמען איז פאַרצייכנט געוואָרן אויפן „רויטן ברעט", נאָר עס איז געגאַנגען אין אַ גרעסערע פּאָרציע ברויט, אין אַ בעסערער זופּ און אין אַ פּאָר רובל מער וואָס מען האָט געקראָגן פאַר דער אַרבעט.

די בריגאַדירן זענען געווען אונדזעריקע, די „דיעסיאַטניקעס" — פאַר־טייערס, וועלכע האָבן זיך צו גאָרנישט אויסגעטויגט און געווען אַנאַלפאַ־בעטן, האָט מען זיי געשיקט אויף אַזעלכע אַרבעטן, דאָס מיינט: „איבער־צודערציִען" די בײַ־געקומענע און די הויפּטזאַך: אויסצופילן די נאָרמעס.

אונדזער „דיעסיאַטניק" איז אַ חוץ אַ גראָבער יונג אויך געווען אַן אַנטיסעמיט. אַ יונגער חברהמאַן פון אוקראַיִנע וואָס האָט נישט געוווּסט

פון עפּעס אַנדערש ווי צו יאָגן און צו מוסרן. ער האָט כּסדר געשריגן אַז יִידן זענען פּויליאַקעס, ווילן נישט אַרבעטן און האָבן ליב צו האַנדלען.

ווען איך האָב אים איין מאָל אַ פרעג געטאָן, צי ער ווייסט אַז קאַרל מאַרקס איז געווען אַ יִיד, האָט ער מיר געענטפערט: וואָס איז וויכטיק ווער דער קאַרל מאַרקס איז געווען, אויב ער איז נאָר געווען אַ יִיד און וואָלט דאָ געווען צווישן אײַך, וואָלט ער געווען פּונקט אַזאַ אָפּנאַרער ווי יעדער פון אײַך.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די פריִערדיקע בויערס פון דעם זאַוואָד זענען געווען קרבנות פון דער קאָלעקטיוויזאַציע. קאַזאַכן, טאַטאַרן, און אַנדערע פעלקערשאַפטן פון מיטל־אַזיע — זיי זענען דאָ אין די טויזנטערס אומגעקומען פון הונגער, קעלט און שווערער האַרעוואַניע.

נישט ווײַט פון אונדזערע באַראַקן, זענען זיי באַגראָבן געוואָרן און מיר האָבן פאַרנומען זייער אָרט בײַם בויען „סאָציאַליזם". איצט זענען מיר אין דער ריי. וויפל מען וועט קאָנען פון אונדז אויסקוועטשן וועט זײַן גוט. פּלאַץ ווו צו באַגראָבן איז דאָ גענוג און טויזנטער קרבנות זענען גרייט צו פאַרנעמען אונדזער אָרט.

אין אָט דער טרויעריקער לאַגע האָב איך זיך פאַרבונדן מיט אַ מיידל און מיר האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן.

קיינער איז צו אונדזער שׂמחה נישט געקומען, ווײַל אין יענע באַדינ־גונגען האָט מען זיך נישט געפרייט און נישט געפּראַוועט קיין שׂמחות. מיר האָבן באַשלאָסן צו פּראַווען אונדזער יום־טוב מיט אַ „היימישער" זופּ. מיר זענען אַוועק זונטיק אויפן „שוואַרצן מאַרק", געקויפט אַ גלאָז „מעל" — אמת, דאָס מעל איז געווען געל, אָבער ווער מען האָט עס געאַרט? מיר האָבן אײַנגעהאַנדלט אַ ציבעלע, עטלעכע קאַרטאָפל. אַ ביסל אייל האָבן מיר געהאַט פון דער צוטיילונג און מיר האָבן זיך געגרייט צו אַ מחיהדיקער, יום־טובדיקער סעודה.

ווי זאָגט אַ יִידיש שפּריכוואָרט: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט". מײַן פרוי הייבט אָן פאַרקנעטן דאָס מעל און עס געלינגט איר אויף קיין פאַל

נישט צו מאַכן אַ טייג — ווי אַ שד וואָלט זיך אַרײַנגעמישט און נישט דערלאָזט, אַז פון מעל זאָל ווערן טייג. איך בין איר געקומען צו הילף און גענומען די זאַך אין מײַנע הענט. איך קנעט און קנעט און קיין טייג קאָן איך נישט אויסקנעטן. ענדלעך האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן „אײַנגעלייגטע קליסקעלעך", ד"ה מיט אַ לעפל אַרײַנטאָן שטיקלעך פון דער מעל־פּאַפּ אין קאָכעדיקן וואַסער. דער סוף איז געווען, אַז די „אײַנגעלייגטע קלוסקעס" זענען צערונען אין הייסן וואַסער און ס'איז אַרויס עפּעס אַ געלע זופּ. נאָכן פאַרזוכן די געלע זופּ זענען מיר ערשט דערגאַנגען דעם סוד פאַר וואָס פון דעם מעל איז נישט געוואָרן קיין טייג: מיר האָבן אַנשטאָט מעל אײַנגעהאַנדלט מושטאַרדע. אַזוי איז צערונען אונדזער חלום וועגן אַ היימישער זופּ ווי אַ חתונה מאָלצײַט.

דער עולם איז געווען אומצופרידן און זיך גענומען בונטעווען.

די לאַגע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. דער עולם האָט געזוכט אויסריידן נישט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט און ווען מען איז יאָ אַרויס־געגאַנגען אַרבעטן, האָט מען זיך נישט „צעריסן דעם יאַשטשיק".

צווישן די געקומענע האָבן זיך געפונען: שנײַדערס, שוסטערס, קאַמאַ־שנמאַכערס און אַנדערע בעלי־מלאָכות.

אין סווערדלאָווסק איז געווען אַ מאַנגל אין שנײַדערס, שוסטערס און אַנדערע פאַכמענער. זיי האָבן גענומען בעטן אַז מען זאָל זיי דערלויבן זיך אײַנצואָרדענען בײַ זייערע פאַכן. אַ טייל בחורים און מיידלעך האָבן גע־וואָלט לערנען. אַנדערע האָבן געבעטן, מען זאָל זיי דערלויבן צו פאָרן צו זייערע פאַמיליעס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. דער ענטפער פון דער נקוו"ד איז געווען: ניין!

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרײַבערײַ צו סטאַלינען, אין „קאָמאינטערן", אין צ"ק פון דער פאַרטיי. אין דער זעלבער צײַט האָבן די, וועלכע האָבן געהאַט פאַמיליעס אין אויסלאַנד, אָנגעהויבן שרײַבן, אַז מען זאָל ראַטעווען און שיקן געלט, בכדי זיי זאָלן בלײַבן לעבן. אויף אַ פאַרשטעלטן אופן האָט מען געלאָזט וויסן, אַז עס איז פשוט נישטאָ קיין ברויט, קיין ביסל מילך

פאַר אַ קינד און אַפילו קיין קאַרטאָפל. היות די בריוו זענען אַדורך אַ צענזור, האָט מען געשריבן, „דעם פעטער ברויטמאַן האָב איך שוין לאַנג נישט געזען". אויב דער קצב אין דער היים האָט געהייסן יאָסל, האָט מען געשריבן, „דער פעטער יאָסל איז אין גאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן".

חברה האָט פשוט אָנגעהויבן אַנטלויפן, עטלעכע ווייַסרוסן איז געלונגען צו אַנטלויפן און צוריקקומען קיין פוילן. די פוילישע פרעסע האָט אָנגעהויבן צו שרייַבן וועגן אונדזער שרעקלעכער לאַגע.

סענאַטאָר אָדער דעפוטאַט ראַזמאַרין האָט געהאַלטן אַ רעדע אין פוילישן סיים און געפאָדערט, אַז די פוילישע רעגירונג זאָל אינטערווענירן בייַ דער סאָוויעטן־מאַכט וועגן אונדזער לאַגע. צוויי לאָדזשער יונגעלייַט: אַגורעק און לעדערמאַן האָבן אַהיימגעשיקט פאָטאָגראַפיעס אויף וועלכע מען האָט זיי געזען באַוואַקסענע מיט בערד, אָנגעטאָן אין „לאַפּטשעס" (געפלאָכטענע שיך פון שטרוי) מיט רידלען אין די הענט. די פאָטאָגראַפיעס זענען גע־דרוקט געוואָרן אין יידישע און פוילישע צייַטונגען אין פוילן.

פון צייַט צו צייַט האָט די נקוו"ד עמעצן אַרעסטירט און יענער איז פאַרשוווּנדן אָן שפּורן.

מוסרים צווישן די אַריבערלויפערס זענען געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. מען איז נישט זיכער געווען אַרויסצורעדן אַ וואָרט. יעדער האָט זיך אָפּגעזונדערט אין זייַן ווינקל.

איין מאָל איז אַ בריגאַדע, וואָס האָט געאַרבעט בייַם גראָבן גריבער, אַרויס צו דער אַרבעט און דערקלערט דעם בריגאַדיר: „מיר וועלן נישט אַרבעטן, ביז מען וועט נישט פאַרבעסערן אונדזערע באַדינגונגען. עס גייט צו ווינטער און מיר וועלן פאַרפרוירן ווערן אין די אָפענע באַראַקן אָדער נאָך פריִער אומקומען פון הונגער".

ווי אַ פייַער האָט זיך פאַרשפרייט צווישן די בריגאַדעס די נייַס אַז חברה ווילן נישט אַרבעטן און אַנדערע בריגאַדעס האָבן אויך אויפגעהערט אַרבעטן.

מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז אַ שטרייַק איינע פון די גרעסטע פאַרברעכנס. געוווּסט אַז אין די מיטעלע צוואַנציקער יאָרן האָבן אַרבעטערס אין לענינגראַד פאַרשטרייַקט אין אַ שטאָל־גיסערייַ,

זענען זיי און זייערע פֿאַמיליעס אַרעסטירט און דערשאָסן געוואָרן. דער זאַוואָד איז אַראָפּגערוימט געוואָרן און אויפֿן אָרט פֿון זאַוואָד איז פֿאַר־פּלאַנצט געוואָרן אַ פּאַרק.

אונדז איז אָבער שוין נישט געווען קיין חילוק און מיר זענען געווען גרייט אויף אַלעם. מאַראַזאָוו, דער פֿאָרשטייער פֿון דער נקוו״ד, דער אַפּו־טרופּוס איבער די אַריבערלויפֿערס און דער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטיי־קאָמי־טעט האָבן צו ערשט גענומען דראָען און דערנאָך האָט ער מיט גוטן געוואָלט פּועלן אַז מען זאָל אָנהייבן אַרבעטן און אַלץ וועט געשענקט ווערן. דער ענטפֿער איז געווען: „מיר זענען אַהערגעקומען לעבן, נישט צו שטאַרבן ווי די הינט פֿון הונגער און קעלט״. מאַראַזאָוו און דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָבן דאַן אונדז צוגעזאָגט אַז עס וועט קומען אַ קאָמיסיע פֿון מאָסקווע און סווערדלאָווסק און מען וועט נעמען אין אַכט אונדזערע טענות און אויס־בעסערן אונדזער לאַגע.

מאַראַזאָוו און דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָבן מער געציטערט פֿאַר זייע־רע אייגענע קעפּ, ווי פֿאַרן לעבן פֿון די אַריבערלויפֿערס, ווײַל דער שטרײַק איז אויסגעבראָכן אונטער זייערע נעז און זיי האָבן דורך די מוסרים פֿון צווישן די אַריבערגעקומענע זיך באַצײַטנס נישט דערוווּסט וואָס דאָ גייט געשען.

מיר זענען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין אַ צײַט שפּעטער האָט מען אונדז אָנגעזאָגט, אַז דעם און דעם אָוונט וועט פֿאָרקומען אַ פֿאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פֿון קאַבאַקאָוון, ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר פֿון אוראַ־לער „קראַי״ (לאַנד). דעמאָלט האָט צום אוראַלער לאַנד געהערט: פּערם, זלאַטאָוסט, טשעליאַבינסק און סווערדלאָווסק (שפּעטער זענען זיי געוואָרן באַזונדערע „אָבלאַסטן״). קאַבאַקאָוו איז געווען אַ פּערזענלעכער פֿרײַנד פֿון סטאַלינען, אַן אַלטער באָלשעוויק, מיט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט זוכה געווען אַז בײַים לעבן זאָל די שטאָט ניזשני טאַגיל אויף אוראַל אָנגערופֿן ווערן מיט זײַן נאָמען — קאַבאַקאָווסק. (ער איז דערשאָסן געוואָרן אין 1937). ער איז אויך געווען דער נאַטשאַלניק פֿון דער נקוו״ד פֿון אוראַל, פֿאָרשטייער פֿון צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי און פֿון „קאָמאינטערן״.

קאַבאַקאָוו, אַ קליינער, געוואַלדיק דיקער מאַן, באַהאַנגען מיט מעדאַלן, האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג. אונדז באַגריסט מיט די דערגרייכונגען בײַם בויען דעם רערן־זאַוואָד, וואָס וועט זײַן דער שטאָלץ פון דער סאָוויעטישערווירטשאַפט און געבעטן מיר זאָלן זיך אַרויסזאָגן וואָס עס קוועלט אונדז און פאַר וואָס מיר זענען נישט צופרידן? מיר דאַרפן זיך נישט שרעקן: עס וועט אַלץ געטאָן ווערן כּדי אויסצובעסערן אונדזער לאַגע.

איך האָב אויך גענומען אַ וואָרט, דערציילט וועגן דער אַרבעט, וועגן די „שלאָגערס״ און „אָפּנאַרערס״, וואָס ווערן פאַבריצירט דורך די מיידלעך אין די קאַנצעלאַריעס. עס איז — האָב איך געזאָגט — אַ מזל־זאַך: קאָנסט אַרבעטן ווי שווער און באַצייכנט ווערן ווי אַ פוילאַק, דאָס הייסט: נישט קריגן באַצאָלט פאַר דײַן שווערער אַרבעט און באַצוולט ווערן מיט עסן. קאָנסט אָבער זײַן אַ פוילאַק און ווערן „אַ שלאָגער״ און קריגן אי באַצאָלט אי בעסער אָפּצועסן.

דער „דיעסיאַטניק״, דער פאָרשטייער פון דער פאַרטיי, וואָס דאַרף זען, אַז עס זאָל געטאָן ווערן גערעכטיקייט, איז שטענדיק שיכּור. לאַכט אָפּ פון ייִדן, זאָגט, אַז ייִדן האָבן ליב צו האַנדלען, נישט צו אַרבעטן.

און אויף מײַן פראַגע — האָב איך דערציילט — צי ער ווייס אַז קאַרל מאַרקס איז געווען אַ ייִד, האָט ער געענטפערט, אַז אויב מען וועט אים אַהערשיקן אויף דער בויונג וועט ער פונקט ווי איר אַלע נישט ווילן אַרבעטן.

עס איז געוואָרן אַ געלעכטער צווישן די אַריבערלויפערס און צווישן די געסט. קאַבאַקאָוו איז צוגעקומען צו מיר און מיר געדריקט די האַנט.

יעדער פון די רעדנערס האָט דערציילט וועגן די צרות וואָס מען מוז אויסשטיין און וועגן די אַרבעטס־מעגלעכקייטן אין סווערדלאָווסק פאַר פאַר־שידענע פאַכמענער.

קאַבאַקאָוו האָט באַדאַנקט די רעדנערס, צוגעזאָגט אַלץ צו נעמען אין אַכט. עס וועלן אויפגעבויט ווערן ספּעציעלע הײַזער פאַר די עמיגראַנטן — אַזוי האָט ער אונדז גערופן. פאַכמענער וואָס וועלן געפינען אַרבעט אין סווערדלאָווסק וועט דערלויבט ווערן צו פאָרן און וווינען אין סווערדלאָווסק. די וואָס ווילן זיך לערנען און וועלן אָנגענומען ווערן אין די אוניווערסיטעטן, וועלן זיך קענען לערנען און דאָרט וווינען.

מיר זענען אַוועק הייטערע, מיט האָפענונגען, אַז מיר וועלן סוף־כּל־סוף איבערקומען דאָס שלעכטע...

דערווײַל זענען לעדערמאַן און אַגורעק אַרעסטירט געוואָרן און אײַנגעזעצט געוואָרן אין סווערדלאָווסקער תּפיסה.

מיר איז דערלויבט געוואָרן צו אַרבעטן אין דער דרוקערײַ אין פּערוואָוראַלסק, עטלעכע קילאָמעטער פון דעם אָרט ווו מיר האָבן געוווינט.

עס האָבן מיט אַ מאָל מיט מיר זיך אָנגעהויבן צו באַקענען מענטשן וואָס איך האָב פריִער כּמעט נישט געזען. זיי האָבן מיך געלויבט פאַר מײַן דרײַסטקייט און פאַר מײַן געלונגענער רעדע. גערעדט האָב איך האַלב רוסיש, האַלב פּויליש און ס׳איבעריקע „צוגערעדט" מיט די הענט. צווישן די נײַע „באַקאַנטע" איז געווען אַ מאַן פון איבער דרײַסיק, אַ מאָלער, און לויט זײַנע רייד, אַ מיטאַרבעטער פון ד״ר צמח שאַבאַד פון ווילנע אין זײַן מעדיצינישן זשורנאַל „פאָלקס־געזונט".

איך האָב אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אָט די נײַע באַקאַנטע מײַנע זענען צו מיר געשיקט געוואָרן דורך דער נקוו״ד כּדי אויסצוגעפינען, ווי איך „האַלט אין דער וועלט" און צי מען קאָן פון מיר נישט אַרויסקוועטשן עפּעס אַ וואָרט כּדי זיך מיט מיר אָפּצורעכענען פאַר מײַן חוצפּה אַרויסצוטרעטן און קריטיקירן די פירערשאַפט פון דער בויונג.

לאַנג וואַרטן האָט מען נישט געדאַרפט. אין סעפּטעמבער, אין אַ מיטן נאַכט, זענען קרוב 40 מענטשן אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי די וועלכע האָבן קריטיקירט אין דער אָנוועזנהייט פון די גדולים פון מאָסקווע און סווערדלאָווסק די פירערס פון דער בויונג. מען האָט אַרעסטירט אַ טייל וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין שטרײַק, אַ טייל וואָס האָבן אַהיימגעשיקט בריוו צו זייערע קרובים און געבעטן געלט. צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען רודין מיט זײַן פרוי פון ווילנע.

אין אַ לאַסט־אויטאָ האָט מען אונדז אָפּגעפירט אויף דער סטאַנציע כראָמפּיק און אײַנגעזעצט אין דעם קעלער פון דער פּאָליציי־געבײַדע. חוץ

400 גראַם ברויט האָט מען גאָרנישט געקריגן. מען האָט דערלויבט אַרייַנ־צוברענגען פּעקלעך פון דרויסן.

נאָכן אָפּזיצן עטלעכע טעג האָט מען אונדז אין אַ לאַסט־אויטאָ אָפּגע־פירט קיין פּערוואָוראַלסק. מען האָט קיינעם נישט געזאָגט אין וואָס ער ווערט באַשולדיקט, נאָר אַז מיר ווערן פאַרשיקט אויף „וואָלנע וויסילקע" (פרייַע פאַרשיקונג) צו די ווייַסע בערן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז מען שיקט אונדז קיין טאָבאָלסק, צפון־סיביר.

פאַרן אַוועקשיקן האָט מען יעדן פון אונדז אונטער אַ קאָנוואָי פון דער נקוו"ד, אָפּגעפירט אַהיים כּדי זיך צו געזעגענען מיט די אייגענע און אויך כּדי מיטצונעמען אַ פּעקל זאַכן. איך האָב אייַנגעפּאַקט דאָס נייטיקסטע, מיט־גענומען עטלעכע קילאָ קאַשע און אַ פלעשל אייל, וואָס מיר האָבן געהאַט אייַנגעהאַנדלט אין „טאָרגסין" פאַר דעם געלט, וואָס מייַן פרוי האָט באַקומען פון אירע עלטערן אין פּוילן ווי אַ חתונה־מתּנה. איך האָב זיך געזעגנט מיט מייַן פרוי, מיט פרייַנד, באַקאַנטע. אַפילו אומבאַקאַנטע זענען געקומען זיך געזעגענען און לאָזן אַ טרער אויף אונדזער גורל.

# סווערדלאָווסקער תּפֿיסה

אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג זענען מיר פֿון דער סטאַנציע כראַמפּיק אָפּגע־
פֿירט געוואָרן אין דער סווערדלאָווסקער תּפֿיסה.

פֿאַרן אָפּפֿירן אונדז צו דער באַן איז באַפֿרײַט געוואָרן איינער פֿון די
אונדזעריקע, אַ קאַטאָוויצער יונגערמאַן וועלכן קיינער האָט נישט חושד
געווען אַז ער שפּיאָנירט פֿאַר דער נקווד און ער איז ספּעציעל אײַנגעזעצט
געוואָרן מיט אונדז צו הערן וואָס מיר רעדן.

די תּפֿיסה, אָדער דער טייל פֿון דער תּפֿיסה, וווּהין מיר זענען אײַנ־
געזעצט געוואָרן, איז געווען אַ „פּאָקאַזאַטיעלנאַיאַ" (אַ תּפֿיסה זיך צו באַווײַזן
פֿאַר פֿאָרשטייערס פֿון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אויסלאַנד און פֿאַר
אויסלענדישע געסט).

מיר זענען געווען „טראַנזיטניקעס" (אַדורכפֿאָרערס). דאָ האָט מען
געזאַמלט אַ גרויסן טראַנספּאָרט אָפּצושיקן אין די פֿאַרשידענע לאַגערן און
תּפֿיסות אין סיביר.

די צימערן זענען געווען גערוימע. מיר זענען געווען צו צוועלף מאַן
אין אַ צימער. מיר האָבן זיך געקאָנט באַוועגן פֿרײַ איבערן קאָרידאָר פֿון
אונדזער שטאָק און גיין פֿון קאַמער צו קאַמער. די טירן פֿון די קאַמערן
זענען געווען אָפֿן און נישט פֿאַרשלאָסן.

עסן האָט מען אונדז געפֿירט אין אַ גרויסן עסזאַל, ווו עס זענען גע־
שטאַנען קליינע טישן. בײַ יעדן טיש זענען געזעסן אַכט מאַן. קעלנערקעס

אין ווייַסע שירצן און ווייַסע היטעלעך האָבן צעשטעלט טעלערס, לעפל און גאָפל און טעפּ מיט זופּ. מיט אַ שעפּלעפל האָבן זיי יעדן אײַנגעגאָסן זײַן פּאָרציע, כאָטש די זופּ איז געווען פּונקט ווי אומעטום: קרויט מיט וואַסער — האָבן מיר זי געגעסן מיט אַפּעטיט. עס האָט אויסגעזען אַז מיר געפינען זיך נישט אין אַ סאָוויעטישער טורמע, נאָר אין אַ רעסטאָראַן ערגעץ אין מערב־אייראָפּע.

נאָכן אָפּזיצן עטלעכע טעג אין דער סווערדלאָווסקער טורמע, האָט מען אונדזער גרופּע, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט מאַן, צום מערסטן רוסן, אויסגעשטעלט אין תּפֿיסה־הויף. דער תּפֿיסה־נאַטשאַלניק צוזאַמען מיטן תּפֿיסה־דאָקטער זענען דורכגעגאַנגען די רייען. מען האָט יעדן אויסגערופֿן בײַם נאָמען. דאָ און דאָרט האָט דער דאָקטער צוגעלייגט דאָס אויער צום האַרץ פֿון אַן אַרעסטאַנט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: יאָ, פּעיִק אָפּגעשיקט צו ווערן מיטן טראַנספּאָרט.

אין מיטן דער „שׂמחה" איז אַרויס פֿון די רייען אַ הויך־געוואַקסענער רוס אין אַ לעדערנעם פּאַלטן, צוגעלאָפֿן צום טורמע־נאַטשאַלניק און צום דאָקטער און מיט אַ הייזעריקע שטים געגומען בעטן:

„לאָזט מיך איבער, איך האָב דריטן סטאַדיום סיפֿיליס, קיינער וויל מיך נישט האַלטן, מען שיקט מיך פֿון אָרט צו אָרט. שוין דאָס צווייטע יאָר ווי איך פֿאָר פֿון לאַגער צו לאַגער. שיסט מיך, אָדער היילט מיך, נאָר שיקט מיך נישט אַוועק".

דער נאַטשאַלניק האָט אַ געשריי געטאָן: אַרײַן אין דער ריי. דאָ איז נישט קיין שפּיטאָל, נאָר אַ תּפֿיסה און דו ביסט דאָ אין „טראַנזיט".

דער אַרעסטאַנט האָט בליץ־שנעל אַראָפּגעלאָזט פֿון זיך די הויזן און געשריגן: „זעט, עס פֿאַלן פֿון מיר לעבעדיקע שטיקער".

דער נאַטשאַלניק האָט גענומען שרײַען מיט גאַנומענע קולות: „אַרײַן אין דער ריי!"

דער אַרעסטאַנט האָט אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער און גענומען זיך שטעכן אין די פּיס, אין בויך. ס'האָט אָנגעהויבן רינען בלוט. עס זענען צוגעלאָפֿן צוויי תּפֿיסה־וועכטערס און אַרויסגעריסן דאָס מעסער פֿון זײַנע הענט.

דער אַרעסטאַנט איז אַ באַגאָסענער מיט בלוט אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד.

דער נאַטשאַלניק האָט באַפוילן דעם דאָקטער צו פאַרבאַנדאַזשירן די ווונדן און אויף אַ „נאָסילקע״ (טראָגברעטל) אים אַוועקשיקן מיטן טראַנס־פּאָרט.

מיר זענען געשטאַנען פאַרציטערט. אין דער צייַט זענען קיין אויס־לענדישע געסט נישט געווען און נישט געקאָנט זען, אַז אין דער „מוסטער־טורמע״, אין סווערדלאָווסק ווערן מענטשן באַהאַנדלט ערגער ווי בהמות און דאָס מענטשלעכע לעבן האָט קיין שום ווערט נישט...

מען האָט דעם צעשטאָכענעם אַרעסטאַנט אַוועקגעפירט צוזאַמען מיט אונדז צום טראַנספּאָרט. מיר האָבן צוליב דעם אינצידענט אויפן תּפֿיסה־הויף פאַרשפּעטיקט מיט עטלעכע שעה ; דאָס שפּילט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד קיין ראָלע נישט, אַבי דאָס סאָציאַליסטישע געזעץ איז אָפּגעהיט געוואָרן.

מען האָט אונדז אַרייַנגעפּאַקט אין וואַגאָנען אין וועלכע מען האָט אַמאָל געפירט בהמות, אָנגעפילט די וואַגאָנען אַז מען האָט „אַ שפּילקע צו דער ערד נישט געקאָנט וואַרפן״ — און מיר זענען אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון טיומען.

אָט איז אַ געשיכטע פון אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט זיך מיר אייַנגעקריצט אין זכרון : ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער קאָלעק־טיוויזאַציע. ער איז געווען אַן אָרעמער פּויער. אָבער אַ ברודער זייַנער איז געווען אַ „דיאַקאָן״ אין דער דאָרפישער קירכע. ער איז שוין לאַנג געווען אַרעסטירט און מען האָט נישט געוווּסט ווו זייַן געביין איז אַהינגעקומען.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָלעקטיוויזאַציע זענען צו ערשט אַרעסטירט געוואָרן אַלע „קולאַקעס״ (רייַכע פּויערים) מיט זייערע פאַמי־ליעס, דערנאָך די „סערעדניאַקעס״ (מיטעלע פּויערים) וואָס האָבן פאַר־מאָגט ערד און געהאַלטן געדונגענע אַרבעטערס. דעמאָלט האָט מען זיך אויך דערמאָנט אין אים, כאָטש ער איז געווען אַן אָרעמער פּויער און כּל ימיו געאַרבעט בייַ יענעם. מען האָט אים באַשולדיקט אַז ער העצט צווישן די

אָרעמע פּויערים זיי זאָלן נישט אַרײַנטרעטן אין קאָלכאָז. מען האָט אים פאַרמשפּט אויף 10 יאָר פאַרשיקונג אין ווײַטן צפון. זײַן פאַמיליע איז נישט אַרעסטירט געוואָרן.

צום גליק אָדער אומגליק זענען זײַנע פּאַפּירן מיטן אורטייל ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען און קיין שום לאַגער, אָדער תּפיסה וויל אים נישט צונעמען.

פאָרט ער שוין אַזוי אַרום אין עשאַלאָנען מער ווי פיר יאָר. ער איז שוין עטלעכע מאָל אויסגעפאָרן גאַנץ רוסלאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. געווען שוין אין אַ סך תּפיסות און לאַגערן אין לאַנד. מער ווי עטלעכע טעג בלײַבט ער אָבער נישט אויף קיין אָרט, מיטן קומענדיקן עטאַפּ ווערט ער געשיקט ווײַטער.

ער שרײַבט בריוו אַהיים צו דער פאַמיליע, ער שרײַבט בקשות צו סטאַלינען און אומעטום וווּ ס'איז נאָר מעגלעך שרײַבט ער. אָבער קיין ענטפער באַקומט ער פון ערגעץ נישט ווײַל קיינער ווייסט נישט זײַן אַדרעס. עס קאָן זײַן אַז ער איז שוין לאַנג באַפרײַט, נאָר מען קאָן אים נישט גע־פינען. ער גלייבט ער וועט שוין אייביק אַרומפאָרן אין עשאַלאָנען און קיין מאָל מער זיך נישט זען מיט זײַן פאַמיליע. אומגלויבלעך? אָבער אמת...

אויפן דריטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין טיומען, סיביר. עס האָט אויף אונדז געוואַרט אַ קאָנוואָי מיט הינט און זיי האָבן אונדז אָפּגעפירט אין דער טיומענער טורמע.

## די תּפיסה אין טיומען

אַזוי ווי מיר זענען געווען „טראַנזיטניקעס״, האָט מען אונדזער גרופּע אַרײַנגעלאָזט אין צוויי ספּעציעל אויסגעליידיקטע קאַמערן. דאָ האָבן מיר געוואַרט אויף אַ שיף וואָס האָט אונדז געזאָלט ברענגען קיין טאָבאָלסק.

די טיומענער תּפיסה מאַכט אַ שרעקלעכן אײַנדרוק אויף אַ נײַ־אײַנגעזעצטן. די תּפיסה איז אַן אַלטע, מיט מאַסיווע מויערן, אַרומגערינגלט מיט אומצאָליקע „וויזשקעס״ (וואַך־טורעמס) אין וועלכע ס׳שטייען שטענדיק רויטאַרמייער וואָס היטן, מען זאָל נישט אַנטלויפן. דאָס עסן איז שרעקלעך, פּשוט אַ ביסל שמוציק קרויט־וואַסער און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז באַפוילן צו גיין אַרבעטן. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסגראָבן קאַרטאָפל. נאַטשאַלסטווע האָט צוגעזאָגט צו ברענגען אונדזער זופּ אין פעלד אַרײַן און אונדז דערלויבן צו קאָכן קאַרטאָפל.

אַזוי ווי מיר זענען געווען „טראַנזיטניקעס״ האָט מען אונדז נישט געקאָנט צווינגען צו גיין צו דער אַרבעט. אָבער צוליב די צוזאָגן האָבן אַ מאַן דרײַסיק פון אונדזער גרופּע אײַנגעשטימט אַרויסצוגיין אין פעלד און העלפן דער תּפיסה־נאַטשאַלסטווע אויספירן אירע פּלענער בײַם אַראָפּנעמען דאָס גערעטעניש. מיר זענען, צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע קרימינעלע פאַרברעכערס, אָפּגעריסענע און האַלב־נאַקעטע, אָפּגעפירט געוואָרן אין קיך. נאָכן באַקומען אונדזער פּאָרציע ברויט מיט הייס וואַסער,

האָבן מיר אונטער אַ קאָנוואָי מיט הינט, לויטן סאָוויעטישן נוסח, אַרויס־מאַרשירט צו דער אַרבעט.

דער וועג צו דער אַרבעט איז געווען אַ ווײַטער. ווען מיר זענען ענד־לעך אָנגעקומען צום אַרבעטס־אָרט און גענומען אַרבעטן דווקא נישט לויטן סאָוויעטישן שטייגער, האָבן די קרימינעלע אונדז גענומען זידלען, פאַר וואָס מיר אַרבעטן אַזוי שנעל. מיר וועלן, האָבן זיי געטענהט, נישט האָבן קיין כּוח צוריקצוגיין אין טורמע.

ווען מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז מען וועט אַהערברענגען די זופּ און דאָ קאָכן קאַרטאָפל, האָבן זיי פון אונדז געלאַכט און אונדז גערופן „דוראַקי״ (נאַראָנים). זיי האָבן אונדז געלערנט ווי אַזוי צו עסן רויע קאַרטאָפל, אַז די רויטאַרמייער וואָס היטן אונדז זאָלן עס נישט זען.

גערעכט זענען געווען די קרימינעלע. קיין זופּ פון דער תּפיסה האָט מען נישט געבראַכט, קיין קאַרטאָפל האָט מען נישט געקאָכט. פאַר נאַכט צו, ווען עס האָט אָנגעהויבן פּרישען אַ קליין רעגנדל, איז געקומען אַ באַפעל פון אונדזערע היטער אַז מיר זאָלן צודעקן די קאַרטאָפל וועלן מיר מאָרגן זײַן פרײַ פון דער אַרבעט. די קרימינעלע האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן. אונדזער גרופּע האָט זיך אָפּגעטיילט פון די קרימינעלע און זיך נישט גערירט פון אָרט.

ווי די צעווילדעוועטע הינט האָבן עטלעכע רויטאַרמייער זיך געוואָרפן אויף אונדז און באַפוילן: „אַרבעטן, אָדער מיר וועלן שיסן!״ מיר האָבן זיך צוגערוקט נענטער איינער צום אַנדערן און געענטפערט: „שיסט!״

זעענדיק אַז זיי וועלן גאָרנישט אויפטאָן האָבן זיי געדראָעט, אַז מען וועט אונדז שטעלן פאַר אַ קריגס־געריכט פאַרן אָפּזאָגן זיך אויסצופירן די באַפעלן פון נאַטשאַלסטווע. אונטער אַ קאָנוואָי האָבן זיי אונדז געצוווּנגען צו לויפן צו דער טורמע.

נישט טויט, נישט לעבעדיק, הונגעריקע און אויסגעווייקטע פון רעגן, זענען מיר אַרום 1 בײַ נאַכט אָנגעקומען צום תּפיסה־טויער. מיר זענען אַדורכגעגאַנגען אַ רעוויזיע. מען האָט געזוכט צי מיר האָבן אַ מאָל נישט גענומען אַ קאַרטאָפל — מלוכה־אייגנטום. און אויב מען האָט בײַ עמעצן געפונען אַ קאַרטאָפל האָט מען זי טאַקע צוגענומען.

די סטאַלאָווע איז שוין געווען געשלאָסן און מיר זענען אַנידערגעפאַלן אויף די געלעגערס הונגעריקע און דורכגענעצטע ביזן ביין און איינגעשלאָפן.

אַרום 5 פאַר טאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט אַז מיר זאָלן זיך גרייטן צו גיין צו דער אַרבעט.

ספּאָנטאַן, ווי אָפּגערעדט, האָבן מיר געענטפערט: אַז צו דער אַרבעט וועלן מיר מער נישט גיין. איר קאָנט מיט אונדז טאָן, האָבן מיר געזאָגט, וואָס איר ווילט.

באַלד האָבן זיך באַוויזן דער טורמע־נאַטשאַלניק, דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר און נאָך „קאָך־לעפל" און גענומען דראָען, אַז מען וועט אונדז איינזעצן צוזאַמען מיט די קרימינעלע אַרעסטאַנטן און זיי וועלן אונדז שוין לערנען אַ לעקציע... מען וועט אונדז שטעלן פאַר אַ קריגס־געריכט אאַז"וו א"וו. ווען זיי האָבן געזען אַז קיינער פון אונדז רירט זיך נישט פון אָרט און מען שרעקט זיך נישט, האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן וועגן דער גרויסקייט פון חבר סטאַלין, וועגן די שוועריקייטן, וואָס דאָס לאַנד גייט אַדורך, וועגן די שונאים פון פאָלק, וועגן קרבנות און נאָך און נאָך.

איינער פון אונדזער חברה האָט געענטפערט: „איר האָט צוגעזאָגט צו ברענגען די זופּ צו דער אַרבעט, איר האָט נישט געבראַכט. איר האָט צוגעזאָגט אַז מען וועט קאָכן קאַרטאָפל — מ'האָט נישט געקאָכט. דערפאַר האָט איר נאָך 12 שעה שווערער אַרבעט, ווען מיר זענען געווען הונגעריק און דורכגעווייקט פון רעגן, באַפוילן אַז מיר זאָלן אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, אויב נישט וועט איר שיסן. ווען מיר זענען ביי נאַכט געקומען פון דער אַרבעט האָט איר אונדזער זופּ אונדז נישט געגעבן און איצט ווילט איר אַז מיר זאָלן ווידער גיין צו דער אַרבעט? מיר זענען נישט קיין פאַרברעכערס, מיר זענען דאָ „טראַנזיטניקעס" און מיר וואַרטן דאָ אויף אַ שיף צו פאָרן קיין טאָבאָלסק אויף „וואָלגע ווייסילקע". ווילט איר אַז מיר זאָלן דאָ ביי אייך אומקומען?"

זעט זיך אויס, אַז נאַטשאַלסטווע האָט איינגעזען אַז מיר וועלן זיך נישט לאָזן ברעכן און זיי האָבן געשווירן ביי לענינס און סטאַלינס פּאות, אַז אויב מיר וועלן אַרויסגיין צו דער אַרבעט, וועלן אַלע צוזאָגן אויסגעפילט ווערן.

דעם זעלבן טאָג איז קיינער פון אונדז צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. צו מאָרגנס איז אַ קלענערע גרופּע ווידער אַרויס אַרבעטן אין פעלד. די זופּ איז טאַקע געבראַכט געוואָרן אין צײַט און מען האָט אָפּגעקאָכט עטלעכע עמערס קאַרטאָפל. פאַר די קרימינעלע האָט מען קיין זופּ נישט געבראַכט און קיין קאַרטאָפל נישט געקאָכט.

עס איז געווען פריִער האַרבסט. אין יענער צײַט פון יאָר ווערן אין יענער געגנט די טײַכן אויסגעטריקנט, און מיר האָבן נישט געוווּסט צי עס וועט נאָך פאַרן ווינטער אָפּגיין אַ שיף פון טיומען קיין טאָבאָלסק, אָדער מיר וועלן דאַרפן איבערווינטערן אין דער תּפיסה פון טיומען.

נאָכן אָפּזיצן צוויי וואָכן אין דער טיומענער טורמע האָט מען אונדז צו וויסן געטאָן, אַז קיין שיף וועט שוין נישט אָפּגיין און די איינציקע האָפענונג איז איצט אָמסק, ווײַל עס איז מעגלעך, אַז פון אָמסק וועט יאָ אָפּגיין אַ שיף קיין טאָבאָלסק.

דאָ איז כּדאַי צו פאַרצייכענען אַז דער טיומענער טורמע־נאַטשאַלניק האָט געהאַט אַ „האָבי״ — אַליין צו דערשיסן די צום טויט פאַרמשפּטע וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ באַגנעדיקונג פון פרעזידענט פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד — דעמאָלט קאַלינין.

ער האָט דערשאָסן אַרום 450 צום טויט פאַרמשפּטע וואָס זענען שפּעטער באַגנעדיקט געוואָרן. ער איז אַלס שׂונא פון פאָלק דערשאָסן געוואָרן און מען האָט וועגן דעם שפּעטער געמאָלדן אין אַלע תּפיסות און לאַגערן.

ער איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט ליב געהאַט צו דער־שיסן אומשולדיקע קרבנות. שפּעטער וועט מיר אויסקומען צו דערציילן וועגן נאָך אַזאַ פאַל, ווען אַ נאַטשאַלניק פון אַ תּפיסה איז געוואָרן אַ „שלאָגער״ און געהאָלפן „צויאָגן״ צום זיג פון „סאָציאַליזם״ מיטן דערשיסן אומשול־דיקע קרבנות.

אויף דער דריטער וואָך האָט מען אונדזער גרופּע אָפּגעפירט צום וואָקזאַל און מיר זענען אָפּגעפאָרן קיין אָמסק. פון אָמסקער וואָקזאַל האָט מען אונדז געפירט צום פאָרט אויפן טײַך אירטיש. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט אַריבערלויפערס פון אַנדערע בויונגען, וועלכע מען האָט פאַרשיקט פּונקט ווי אונדז בכדי אָפּצושרעקן די איבערגעבליבענע און זיי צו ווײַזן אַז עס

איז נישט „הפקר־פיעטרישקע״ און מען קאָן נישט פאָדערן „ס׳טעלערל פון הימל״.

צווישן די געטראָפענע אויפן פאָרט אין אירטיש האָבן זיך געפונען „פאַרשטייערס״ פון: קאַבאַקאָווסק, נאַדזשעזשינסקי, מאַגניטאָגאָרסק, זלאַ־טאַוסט און אַנדערע ערטער. אונדזער גרופע פון פערוואָוראַלסק איז געווען די גרעסטע.

מען האָט אונדז אויפגעלאָדן אויף אַ שיף. יעדער האָט באַקומען אַ „סטאָיקע״. אין אַזעלכע „סטאָיקעס״ ליגט מען קעלבער פאַר דער שחיטה. מיר האָבן נאָר געמעגט ליגן. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַ שוואַרץ שטיקל ברויט און הייס וואַסער. געפאָרן זענען מיר צען טעג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין רעכט זיך אויפצושטעלן, אָדער זיך אַוועקצוזעצן, נאָר געמעגט צוגיין צום ברעג פון דער שיף כּדי אויסצופילן דעם מענטשלעכן געברויך. רעדן האָבן מיר געקאָנט וויפל מיר האָבן געוואָלט. לײדער האָבן מיר שוין געהאַט אַלץ אויסגערעדט. מיר האָבן שוין געוווסט וועגן יעדן איינעם מער ווי מען וואָלט געוווינט צוזאַמען אַ גאַנץ לעבן. עסן איז געווען די הויפּט־טעמע. עס זענען געווען צווישן אונדז אַזעלכע וואָס האָבן גאַנצע טעג גערעדט וועגן עסן און אַפילו געחלומט וועגן עסן — אַזוי האָבן זיי דערציילט. ביי אַ סך איז עס געוואָרן אַן אידעע־פיקס: זיך אָנצועסן מיט ברויט צו דער זאַט און דערנאָך מעג די וועלט אונטערגיין.

איין אינצידענט בעט זיך צו פאַרשרייבן: געווען ביי אונדז איינער אַ פאַרשיקטער, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון אַלע און איז תּמיד געלעגן אויף זיין „קאָיקע״ אין אַ ווינקל און זעלטן ווען מיט עמעצן אַרויסגערעדט אַ וואָרט. פון דעם וואָס ער האָט אַ מאָל דערציילט זיין נאָרע־שכן האָבן מיר געוווסט אַז ער איז פון לענינגראַד, איז פון פוילישן אָפּשטאַם (מיט אַן עכט־פוילישן פאַמיליע־נאָמען), אַ העכערער אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי, פון פאַך אַן אינזשיניער און אַז ער ווערט איצט פאַרשיקט אויפן ווייטן צפון.

איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט ער זיך פּלוצים געווענדט צו אונדז: חברה, איר ווייסט וואָס היינט איז? און נישט וואַרטנדיק אויף אונדזער ענטפער אויסגעשריגן: היינט איז ערב יום־כּיפּור... און ער האָט אָנגעהויבן ברומען די מעלאָדיע פון „כּל נדרי״...

באַלד האָט דער עולם גענומען מיטזינגען „כּל נדרי״ שטילערהייט.

דאָס איז אַוודאי געווען דער איינציקער „כּל נדרי״ וואָס עס האָבן, ווען עס איז, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געזונגען אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר קאָמוניסטן און געווען „בעזבאָזשניקעס״ (אומגלייביקע). מיר האָבן געזונגען ליגנדיק אויף אונדזערע נאַרעס ווי קעלבער צו דער שחיטה; אויף אַ שיף, אויפן טײַך אירטיש, אויפן וועג קיין טאָבאָלסק, האָבן די אַרעסטאַנטן וואָס ווערן פאַרשיקט פאַר כּלומרשט קאָנטררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט געזונגען „כּל נדרי״ און דאָס געזאַנג איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ העכערן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ פּאָליאַק.

# טאָבאָלסק

אויפֿן צענטן טאָג פֿון אונדזער רײַזע, פֿאַר נאַכט־צו, האָט די שיף צוגעאַנקערט בײַם טאָבאָלסקער ברעג. אַ קאָנוואָי האָט אונדז איבערגענומען און אַראָפּגעפֿירט פֿון דער שיף. אויפֿן ברעג האָבן שוין געוואַרט עטלעכע וועגענער. דער נאַטשאַלניק פֿון קאָנוואָי האָט באַפֿוילן אַרויפֿצולייגן אויף זיי אונדזערע זאַכן און מען האָט אונדז גענומען טרײַבן.

די שטאָט טאָבאָלסק געפֿינט זיך אַרום 500 מײַל אויף צפֿון פֿון טיומען. זי באַשטייט פֿון צוויי טיילן: אַ טאָל און אַ באַרג. נישט ווײַט פֿון טאָבאָלסק פֿאַלט דער טײַך טאָבאָל אַרײַן אין אירטיש וואָס פֿליסט צום צפֿון און פֿאַלט אַרײַן אין טײַך אָב און דער אָב פֿאַלט אַרײַן אין קאַרסקי־ים.

דער אַזוי גערופֿענער „האַנדל־צענטער" און די וווין־הײַזער פֿון די נקוו"ד־לײַט געפֿינען זיך „אונטן". „אויבן", אויפֿן באַרג, געפֿינט זיך די טורמע, ווי אויך די ביאָ־פֿאַבריק און די וווין־הײַזער פֿון פּראָסטן נאַראָד. דאָ הייבן זיך אָן די וועלדער וואָס ציִען זיך אַוועק אויף הונדערטער מײַל קיין צפֿון. די אײַנוווינערס פֿון טאָבאָלסק זענען על־פּי רוב פֿאַרשיקטע פֿון די צאַרישע אָדער סאָוויעטישע צײַטן. דאָ געפֿינען זיך אויך קינדער און אייניקלעך פֿון די פֿאַרשיקטע. אַלע אַרבעטן דאָ אין קאָלכאָזן. זומער פֿאָרן זיי אויף פֿישפֿאַנג אויפֿן ווײַטן צפֿון, אַזש קיין אָבדאַרק. ווען דער שניי הייבט אָן צו צעגיין פֿאָרן זיי קלײַבן יאַגדעס וואָס זענען אַ גאַנצן ווינטער געלעגן אונטערן שניי און זענען צײַטיק געוואָרן. פֿאַרשטייט זיך אַז דער פֿישפֿאַנג און אויך דאָס קלײַבן די יאַגדעס זענען מלוכהשע אונטערנעמונגען

און די אַרבעטערס קריגן באַצאָלט לויט די אויסגעאַרבעטע נאָרמעס.

אין טאָבאָלסק וווינען אַ סך ייִדן, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע אַלס „פּאַראַזיטן", ספּעקולאַנטן און אַ סך פון זיי האָבן זיך דאָ אײַנגעבירגערט און טראַכטן שוין נישט וועגן פאַרלאָזן טאָבאָלסק; צום מערסטן זענען עס אַלטע ייִדן.

פון שיף האָט מען אונדז געיאָגט באַרג־אַרויף אָן אָפּרו. האַלב־טויטע זענען מיר אָנגעקומען צו דער תּפיסה.

די טאָבאָלסקער תּפיסה האָט זיך קונה־שם געווען נאָך אין די צאַרישע צײַטן. די דעקאַבריסטן און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָלע אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, זענען אַדורך די טאָבאָלסקער טורמע.

פון דאַנען איז נאָך קיין מאָל קיינער נישט אַנטלאָפן. די תּפיסה שטייט אויף אַ באַרג און קוקט אַראָפּ צום טײַך.

מען האָט אונדז דורכגעפירט דורך עטלעכע טויערן און נאָכן אַדורכ־מאַכן די תּפיסה־פאָרמאַליטעטן האָט מען אונדזער גרופּע אַרײַנגעפירט אין אַ לײדיקן צימער, ווו מיר האָבן איבערגענעכטיקט אויף דער פּאָדלאָגע.

אין דער פרי האָט מען אונדז געבראַכט זופּ און ברויט אין קאַמער אַרײַן. דער טיילער פון דער זופּ און פון ברויט איז געווען אַ וואַרשעווער ייִד. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַן־גנב וואָס איז שוין אויסגעווען אַ גאַנצע וועלט. ער איז געקומען „גאַסטראָלירן" אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. די „געשעפטן" זענען אַוועק שלעכט, איז ער געוואָרן אַ רויבער, דערמאָרדעט עטלעכע מענטשן. ער איז שוין צוויי מאָל געווען פאַרמשפּט צום טויט — דער טויטשטראָף איז פאַרביטן געוואָרן אויף צען יאָר תּפיסה. אין דער טאָבאָלסקער תּפיסה איז ער „דאָס אייבערשטע פון שטייסל". איין מאָל אין חודש לאָזט מען אים אַרויס אויף עטלעכע טעג פון תּפיסה, ווײַל ער איז „אַ בעל־יחוס" — אַ קרימינעלער. ער גרייט זיך צו אַנטלויפן קיין יאַפּאַן.

ער האָט יעדן פון אונדז געגעבן גענוג ברויט און גענוג זופּ און צוגע־זאָגט, אַז אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן זײַן אין דער תּפיסה אין טאָבאָלסק וועלן מיר קיין הונגער נישט לײַדן. ער האָט געהאַלטן וואָרט.

אויפן דריטן טאָג האָט מען אונדז אָפּגעגעבן די זאַכן, מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויפן תּפיסה־הויף. אַ פאַרשטייער פון דער נקוו״ד האָט פאַר אונדז געהאַלטן אַ דרשה און אונדז געמאָלדן אַז מיר ווערן באַפרייַט און וועלן זיך דאַרפן מעלדן אין דער נקוו״ד איין מאָל יעדע וואָך.

ווען מ׳האָט געעפנט דעם טויער און אונדז אַרויסגעלאָזט אויף דער פרייַ, האָבן אויף דער אַנדערער זייַט תּפיסה־טויער געוואַרט דרייַ פרויען: פרוי רוסאַק, די פרוי פון אַ ווייַסרוסישן אַריבערלויפער, פרוי גליקמאַן פון ווילנע מיט אירע דרייַ קינדער און מייַן פרוי. זיי האָבן זיך שוין געפונען אין טאָבאָלסק מער ווי צוויי וואָכן און ביז מיט צוויי טעג צוריק האָבן זיי נישט געוווּסט צי מיר וועלן קומען קיין טאָבאָלסק. די נקוו״ד האָט געשפּילט אַ „קאַץ מיט אַ מויז״־שפּיל מיט די פרויען: אַ מאָל האָט מען זיי געזאָגט אַז אָט־אָט קומען מיר און אַ מאָל — אַז זיי ווייסן נישט צי מיר וועלן בכלל קומען.

די פרויען האָבן מיט דער דערלויבעניש פון דער נקוו״ד באַקומען אַן אָרט צום שלאָפן אין „דעם קרעסטיאַנינאַ״ (דאָס הויז פאַרן פויער), דאָס איינציקע „גאַסטהויז״ אין טאָבאָלסק, ווו מען קאָן איבערשלאָפן אַ נאַכט, אָבער נאָר מיט אַ דערלויבעניש פון דער נקוו״ד.

פון אונדזערע פרויען האָבן מיר זיך דערוווּסט ווי עס זעען אויס די לעבנס־מעגלעכקייטן אין טאָבאָלסק: ברויט ווערט דאָ צוגעטיילט אויף ברויט־קאַרטן. אַ קילאָ שוואַרץ ברויט אויפן „שוואַרצן מאַרק״ קאָסט מער ווי הונדערט רובל. מעל אָדער קאַרטאָפל איז שווער צו באַקומען אַפילו אויפן „שוואַרצן מאַרק״.

האָבן מיר קודם־כּל גענומען זוכן אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אַזוי ווי מיר האָבן נאָך געהאַט עטלעכע קילאָ קאַשע פון פּערוואָוראַלסק, איז אונדז געלונגען פאַר אַ קילאָ קאַשע צו געפינען אַ שטיבל בייַ אַן אָרטי־קער משפּחה. אויפן מאַרק איז קאַשע געווען מיט גאָלד צו גלייַך.

שנייַדערס, שוסטערס און אַנדערע פאַכמענער האָבן ווי עס איז געפונען אַרבעט. פון דער אַרבעט אַליין האָט מען אָבער נישט געקאָנט לעבן. האָט מען געמוזט, אָדער אונטערהאַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק״, אָדער בעטן הילף בייַ דער פאַמיליע אין אויסלאַנד און די געלט־הילף טוישן אויף

פראָדוקטן אין „טאָרגסין", וואָס האָט זיך געפונען אויך אין טאָבאָלסק. כאָטש מײַן פאַך — זעצערס — האָט מען שטאַרק געזוכט, האָט מען מיך אין דער דרוקערײַ נישט צוגענומען, ווײַל איך בין געווען אַ פאַרשיקטער, די דרוקערײַ האָט געפאָדערט אַ דערלויבעניש פון דער נקוו"ד און די לעצטע האָט מיר אַזאַ דערלויבעניש נישט געוואָלט געבן. די צרה איז אָבער וואָס יעדן טאָג מוז מען עסן... האָב איך גענומען זוכן אַרבעט בײַ וואָס עס זאָל נישט זײַן. איך האָב באַשלאָסן צו גיין האַקן און זעגן האָלץ. איז אָבער ווידער די צרה: מען מוז האָבן אַן אייגענע זעג, אַן אייגענע האַק און די הויפטזאַך — כּוח.

איך בין אַוועק אויף דער „ביאָ"-פאַבריק. דאָס איז געווען די אײנציקע פאַבריק אין טאָבאָלסק. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט וואַקסין פאַר פערד, כּדי זיי צו פאַרהיטן פון דער קראַנקייט „סיבירער יאַזווע". מען האָט אויך פּראָדוצירט „סיוואָראָטקעס" — אַ מעדיצין פאַר די פערד וועלכע זענען שוין קראַנק געוואָרן אויף דער קראַנקייט. מענטשן קאָנען אויך קראַנק ווערן אויף דער פערדישער קראַנקייט און שטאַרבן. די קראַנקייט איז זייער אַנ־שטעקיק. איך בין אַרײַן צום דירעקטאָר, אים דערציילט ווער איך בין און אים געזאָגט אַז איך האָב אַ פרוי און איך זוך אַרבעט. ער האָט מיר פאַר־געלייגט צו ווערן בוכהאַלטער. איך בין באַשטאַנען, כאָטש כ'האָב קיין מאָל קיין בוכהאַלטעריע נישט געלערנט. ווי זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט: „בויט ברעכט אײַזן". ער האָט מיר געהייסן קומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער. ווען איך בין געקומען האָט ער זיך אַנטשולדיקט וואָס ער קען מיר די אַרבעט נישט געבן. זעט אויס אַז ער האָט זיך אָנגעפרעגט אין דער נקוו"ד און פון דאָרט האָט מען געזאָגט: „ניין". האָט ער ווידער פאָרגעלייגט צו ווערן אַ וועכטער. איך בין באַשטאַנען און שוין אויפן צווייטן טאָג האָב איך איבערגעטראָגן די פאַר זאַכן וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין דער וועכטער־שטוב בײַ דער „ביאָ"-פאַבריק. איך בין געוואָרן אַ היטער.

מײַן אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין עפענען דעם טויער, ווען עמעץ איז אַרויסגעפאָרן פון אָדער אַרײַנגעפאָרן אין פאַבריקס־שטח. איך האָב גע־דאַרפט יעדן טאָג אויסקערן אַ טייל פון הויף און ווינטער אָפּרייניקן דעם שניי אַרום דער פאַבריק. פאַר דער אַרבעט האָב איך באַקומען 50 רובל אַ

חודש און זעקס קילאָ שוואַרץ מעל. אין יענער צײַט איז אַ קילאָ שוואַרץ ברויט אויפן „שוואַרצן מאַרק" געווען 100 רובל.

מיר האָבן גענומען שרײַבן בריוו, מײַן פרוי צו אירע עלטערן, איך צו מײַן שוועסטער און צו מײַן פעטער אין אַמעריקע. מיר האָבן געבעטן רחמים זיי זאָלן אונדז אַרויסהעלפן בכדי מיר זאָלן נישט אומקומען פון הונגער.

ביז עס איז אָנגעקומען די ערשטע הילף האָט מען געליטן הונגער און צו דעם האָט מײַן פרוי אָנגעהויבן שוואַנגערן. עס זענען געווען צײַטן ווען זי האָט געבעטן אַ שטיקעלע ברויט אײַנצורײַבן די ליפּן...

די פרעסט אין טאָבאָלסק זענען גרויסע, די טעמפּעראַטור דערגרייכט דאָרט ביז זעכציק גראַד אונטער נול. די שנייען הייבן אָן פאַלן אין סעפּ־טעמבער און ליגן ביז סוף מײַ. דער טײַך איז געפרוירן ביז סוף מײַ. עס טרעפט, אַז אין יולי ווען עס הייבט אָן צו בליִען אויף די פעלדער, קומט אָן אַ קאַלטער ווינט פון צפון און אַלץ ווערט פאַרפרוירן.

מען האָט אָנגעהויבן צו קריגן אַ ביסל געלט פון מײַן פרויס עלטערן, פון מײַן שוועסטער. איך האָב אויך געקראָגן 10 דאָלאַר פון מײַן פעטער אין אַמעריקע. פאַר דעם געלט האָבן מיר געקויפט אין „טאָרגסין": רײַז און זייף. זייף האָט מען אין טאָבאָלסק געקאָנט טוישן אויף אַלצדינג, אַפילו אויף קאַרטאָפל.

קרויט האָט מען געקראָגן אין דער פאַבריק. קאַרטאָפל — פאַר זייף. און מיר זענען מיט אַ מאָל געוואָרן „זאַט"... ווילדע קאַטשקעס און „קוראָ־פּאַטקעס" זענען אין טאָבאָלסק אויפן „קאָלכאָזנעם מאַרק" געווען לרוב און נישט טײַער. חוץ דעם האָט מען אויף דער פאַבריק פון צײַט צו צײַט גע־קראָגן צו קויפן עטלעכע קילאָ פערדפלייש און קרוליקעס, וואָס האָבן זייערס „אָפּגעדינט" און מען האָט זיי געקוילעט און פאַרקויפט צו די אַרבעטערס. אָבער ווען מען האָט נישט געקראָגן קיין הילף פון אויסלאַנד האָט מען ווידער אָנגעהויבן הונגערן.

אַן אַלטער רוס וואָס האָט ווי אַ בעטלער געוואַנדערט איבער דער לענג און דער ברייט פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד און איז געבליבן „שטעקן" אויף איבערן ווינטער אין טאָבאָלסק, איז אויך געוואָרן אַ וועכטער אין דער „ביאָ"־פאַבריק און געטיילט די אַרבעט מיט מיר. ער האָט מיך געלערנט ווי אַזוי

פּטור צו ווערן פון הונגער: ער האָט מיר געראָטן זיך צו לאָזן וואַקסן אַ באָרד. די געהעריקע קליידער וועט ער מיר אויסבאָרגן און מיך מיטנעמען אין די דערפער. ער וועט מיך אויסלערנען ווי אַזוי מען דאַרף אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד מאַכן אַ לעבן דורך בעטלעריי.

קיין הונגער, האָט ער מיר פאַרזיכערט, וועלן מיר נישט ליידן: אַ בוריקל, אַ רעטעכל און אַ מאָל אַ קאַרטאָפל און דאָס וועט אַ סך אַרויס־העלפן אין דער פרנסה... און עס איז אַ זינד צו לאָזן הונגערן אַ שוואַנגערע פרוי.

איך האָב אים פאַר די גוטע עצות געדאַנקט. מיין פרוי האָט כסדר געשריבן בריוו צו סטאַלינען, אים טיטולירט: „פאָטער פון די פעלקער, פירער פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט" און אַנדערע טיטולן. אים דערציילט וועגן גרויסן יחוס פון איר מאַן: אַ פאָטער אַ וועבער, די מוטער טעקסטיל־אַרבעטערין. בעיקר אָבער האָט זי דערציילט דעם כאַווער סטאַלין וועגן דער אומרעכט וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן קעגן איר מאַן. זי האָט געשריבן צו מאָלאָטאָוון, קאַגאַנאָוויטשן און ווישינסקין און קיינעם נישט געזשאַלעוועט קיין טיטולן; זי האָט אויך געשריבן צום „רויטן קרייץ" אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. די פּיעשקאָווא, מאַקסים גאָרקיס געוועזענע פרוי איז געווען פאַר־זיצערין. פון איר האָבן מיר דערהאַלטן עטלעכע „גאָלד־רובל" צו טוישן אין „טאָרגסין".

נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע חדשים אַלס וועכטער, האָב איך באַקומען אַ העכערן פּאָסטן: אַ הייצער פון דער צענטראַל־באַהייצונג. דאָרטן איז דער לוין געווען אַ העכערער, אָבער די אַרבעט אַ שווערערע. איך בין אַגב, נישט דערנידעריקט געוואָרן יעדעס מאָל דורכן דירעקטאָרס געשריי וואָס האָט אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער פאַבריק: „סטרוזש, עפן דעם טויער".

דער אויפזעער אין דער הייצעריי, אַ פאַרשיקטער פון אוקראַינע, באַשולדיקט אין „מענשעוויזם", האָט געהאַט איינזען מיט מיר און מיך געלערנט ווי אַזוי זיך לייכטער צו מאַכן די אַרבעט.

אין יענער צײַט װעלכע איך באַשרײַב איז אין דער סאָוויעטישער פּרעסע אָנגעגאַנגען אַ קאַמפּאַניע קעגן די „גנבים", וואָס צעגנבענען דאָס „פאָלקס־איינגנטום". אין די פאַבריקן, מאַגאַזינען, קאָלכאָזן, מיליטער־איינ־הײַטן און אוניווערסיטעטן זענען דורכגעפירט געוואָרן פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטערס, סטודענטן, אָנגעשטעלטע, רויטאַרמייער און אינטעלעקטואַלן וועלכע האָבן „איינשטימיק" אָנגענומען רעזאָלוציעס צו באַשטראָפן די „שונאים פון פאָלק" מיט טויט.

אומעטום האָט מען „געפונען" די גנבים און מען האָט זיי טאַקע פאַר־משפט צום טויט. די אָנפירערס פון דער „ביאָ"־פאַבריק אין טאָבאָלסק זענען געבליבן „פאַרשעמט". מען האָט געגישטערט, געזוכט, חושד געווען יעדן און נישט געקאָנט כאַפּן קיין איין גנב און זײַן „מיט לײַטן צו גלײַך".

דער נאַטשאַלניק פון דער הייצערײַ האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן און נישט אַהיימצונעמען קיין שטיקל האָלץ, ווײַל דער פאַבריק גייט אויס די נשמה „צו כאַפּן אַ גנב" און מאַכן אַ פאַרזאַמ־לונג און איינשטימיק אָננעמען אַ רעזאָלוציע און פאָדערן טויטשטראָף פאַרן שונא פון פאָלק.

ענדלעך איז דעם נאַטשאַלסטווע פון דער „ביאָ"־פאַבריק אין טאָבאָלסק געלונגען צו „כאַפּן אַ גנב". דאָס איז געווען איינער אַ „קאָניוך" (אַזאַ וואָס אַרבעט בײַ די פערד). אַזוי ווי דער קאָניוך האָט געהאַט אַ טויבן־שלאָק מיט טויבן און טויבן דאַרפן דאָך עסן, לייגט זיך אויפן שׂכל אַז ער גנבעט געוויס האָבער פאַר די טויבן.

דעם קאָניוכס טאָכטער איז געווען סעקרעטאַר פון „קאָמסאָמאָל", אָבער מען האָט זיך מיט דעם נישט גערעכנט. נאַטשאַלסטווע האָט צוגעטראָגן ווי מען דאַרף און דער קאָניוך איז אַרעסטירט געוואָרן.

עס איז באַלד פאַררופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע אַרבעטערס און אָנגעשטעלטע. דער נאַטשאַלניק פון דער פאַבריק, דער הויפּט־דאָקטער, דער סעקרעטאַר פון פאַרטיי־קאָמיטעט, דער פאַרשטייער פון די „פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען", דער סעקרעטאַר פון „קאָמסאָמאָל" (די טאָכטער פון אַרעסטירן קאָניוך) — אַלע האָבן געפאָדערט טויטשטראָף פאַרן שׂונא פון פאָלק. ס'איז טאַקע אָנגענומען געוואָרן אַן איינשטימיקע רעזאָלוציע וועלכע

האָט געפּאָדערט אַז די ריכטערס זאָלן דעם גנב באַשטראָפן מיט טויט. אויף צו מאָרגנס איז אין דער אָרטיקער צײַטונג דערשינען אַ באַריכט וועגן דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג און ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן וועגן דער וואַכזאַמ־קייט פון די פאַבריק־אָנפירערס און וועגן דעם אַז אַלע אַרבעטערס און אָנגעשטעלטע האָבן איינשטימיק געפּאָדערט טויטשטראָף פאַרן שונא פון פאָלק.

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אָבער דער באַשולדיקטער באַפרײַט געוואָרן. וואָס איז די מעשׂה? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די טויבן וואָס דער קאָניוך האָט געהאָדעוועט זענען פּאָסט־טויבן און זיי זענען באַשפּײַזט געוואָרן דורך דער רעגירונג. נאָך דער באַפרײַונג איז דער קאָניוך ווידער געקומען צו דער אַרבעט ווי קיין מאָל גאָרנישט. דער נאַטשאַלניק, דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַנדערע האָבן אים באַגריסט ווי עס וואָלט קיין זאַך נישט געשען.

דאָס לעבן פון אונדזערע אַריבערלויפערס איז געווען אַ שווערס. אַ טייל האָבן געהאַנדלט אויפן „שוואַרצן מאַרק" מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. אַ טייל האָבן געאַרבעט בײַ זייערע פאַכן און ווי עס איז אַדורכגעלעבט. אַ טייל האָבן געלעבט פון דער הילף וואָס זיי האָבן באַקומען פון אייגענע אין אויסלאַנד.

צום ערגסטן איז געגאַנגען די פינער וואָס זענען געווען פאַרשיקט אין טאָבאָלסק. זיי האָבן אויסגעכאַפּט אַלע הינט און קעץ פון טאָבאָלסק. נישט געווען מער אין שטאָט נישט קיין הונט און נישט קיין קאַץ. די פינער האָבן אָנגעהויבן גנבענען אין די דערפער אַרום טאָבאָלסק און נישט איינער פון זיי איז דערבײַ דערשאָסן געוואָרן, געוואָרן פאַרוווּנדעט און מען האָט אים איבערגעגעבן דער נקוו"ד. עס זענען צווישן זיי פאַרגעקומען זעלבסטמאָרדן. אָט גיי איך זיך רעגיסטרירן אין דער נקוו"ד און טרעף אַ באַקאַנטן פון אונדזער גרופּע, ער איז מער טויט ווי לעבעדיק. ער דערציילט מיר מיט טרערן אין די אויגן אַז ער האָט שוין אַלץ פון זיך פאַרקויפט. ער האָט נאָך אַ העמד אויף זיך וואָס ער וואָלט עס געקאָנט פאַרקויפן, נאָר ער האָט נישט

קיין פּלאַץ ווו עס אויסצוטאָן. איך האָב אים געגומען צו זיך אַהיים, געגעבן עפּעס אָפּצועסן, איבערצונעכטיקן אַ נאַכט און אויסצוטאָן זײַן לעצט העמד, ער זאָל עס קאָנען פּאַרקויפן און מיט דעם קאָנען אַדורכשטופּן נאָך עטלעכע טעג. עס איז אים געלונגען צו פּאַרקויפן דאָס העמד און ער האָט ווידער אָנגעהויבן האַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק". דערלעבט ביז 1937, ווען די נקוו"ד האָט אים צוזאַמען מיט מיליאָנען אַנדערע פּאַרניכטעט.

דעמאָלט, ווען מײַן פרוי האָט זיך געריכט אין דער קימפּעט, האָט זיך ווי צו להכעיס אויסגעלאָזט בײַ אונדז דער גאַנצער רעזערוו פון עסנוואַרג. וואָס צו פּאַרקויפן האָבן מיר נישט געהאַט. ווי זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט: „דער געבער ווערט מיד, דער נעמער איז שטענדיק גרייט". פון דעם אַרבעטס־לוין האָט מען אַפילו קיין צוויי וואָכן נישט געקאָנט אַדורכקומען.

איך האָב זיך פּשוט געשעמט צו שרײַבן מײַן שוועסטער אַז אין אַזעלכע אומשטענדן גייט מײַן פרוי געבוירן אַ קינד. איך האָב געקלאַפּט אַ טעלע־גראַמע, אַז כ'בין ערשט אַרויס פון שפּיטאָל, איבערגעקומען אַ טיפוס און נייטיק זיך אין הילף.

עס איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל. מײַנע חברים האָבן צווישן זיך צוזאַמענגענומען עפּעס געלט, געקויפט אַ הינדל און עס אָפּגעקאָכט. דערנאָך עס אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל. איך אַליין האָב מער ווי מײַן שטיקל ברויט נישט געהאַט וואָס צו ברענגען מײַן פרוי אין שפּיטאָל. איך האָב געלעבט פון יאַגדעס און שוואָמען, וואָס איך האָב געקליבן אין וואַלד, נישט ווײַט פון אונדזער הויז.

ווען מײַן פרוי איז אַ ביסל געקומען צו זיך איז זי אַוועק אין דער נקוו"ד און געפאָדערט אַז מען זאָל אונדז צוריקשיקן קיין „טרובסטראַי", ווײַל זי איז פרײַוויליק געקומען קיין טאָבאָלסק און זי וויל נישט אַז מיר זאָלן אומקומען פון הונגער. מען האָט איר צוגעזאָגט אַז מען וועט אונדז צוריקשיקן.

דערווײַל האָב איך צוזאַמענגעקלאַפּט אַ קעסטל פון ברעטלעך, געגומען היי אין פערדשטאַל און געמאַכט אַ „בעטעלע" פאַרן קינד. כ'האָב צעריסן

מײַן לעצט העמד אויף אַ לײַלעכל און ווינדעלעך. קיינער פון דער פֿאַבריק־נאַטשאַלסטווע האָט זיך נישט געפֿרעגט ווי אַזוי מיר האָבן „אײַנגעאָרדנט" דאָס ניי־געבוירענע קינד אין דעם וועכטער־שטיבל ווו מיר האָבן נאָך אַלץ געוווינט.

די פֿרויען מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט אין דער פֿאַבריק זענען יאָ אונדז געקומען באַזוכן און אַנשטאָט אַ גוט וואָרט, האָבן זיי געזאָגט: „ניע־זשיוושטשאַיאַ" (זי וועט נישט לעבן).

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן זעקס וואָכן האָט מען מײַן פֿרוי אַרויסגערופֿן אין נקוו"ד און געזאָגט, אַז דער חבר סטאַלין האָט צוגעשיקט אַ דערלויבעניש פֿאַר אונדז צוריקצופֿאָרן קיין „טרובסטראַי". מײַן פֿרוי האָט זיך צעוויינט און געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט אויף קיין הוצאות, האָט דער נקוו"דיסט אַ זאָג געטאָן: „דו האָסט דאָך אָבליגאַציעס — ברענג זיי, וועלן מיר דיר געבן געלט".

איך בין אַוועק אויפֿן „שוואַרצן מאַרק" און געקויפֿט פֿאַר 10 רובל אַן אָבליגאַציע פֿון 300 רובל. מײַן פֿרוי איז אַוועק אין דער נקוו"ד און געקראָגן 300 רובל מיט אַ פּראָפּוסק „ביז טרובסטראַי" פֿאַר מיר, מײַן פֿרוי מיטן קינד. מיר האָבן באַקומען אַ בילעט אויף דער שיף ביז טיומען.

קיין סך צום פּאַקן איז נישט געווען: עטלעכע זאַכן, עטלעכע טעפּ, אַ זעקעלע מיט היי אַוועקצולייגן דאָס קינד. דאָך האָבן זיך אָנגעזאַמלט עטלעכע פּעקלעך.

נישט געווען מיט וועמען זיך צו געזעגענען אין דער פֿאַבריק. נאָכן אָפּאַרבעטן אַ יאָר צײַט אויפֿן זאַוואָד איז קיין איינער נישט געקומען זאָגן אַ „פֿאָר געזונט". איך בין דאָרט געווען אַ פֿרעמדער, אַ ייִד אַ פֿאַרשיקטער.

בלויז דער אויפֿזעער פֿון דער הייץ־אָפּטיילונג, דער פֿאַרשיקטער „מענ־שעוויק" האָט אויסגעבעטן בײַ נאַטשאַלסטווע אַ פֿערד און וואָגן און אונדז אָפּגעפֿירט ביז צו דער שיף. עס זענען געקומען זיך מיט אונדז געזעגענען עטלעכע פֿרײַנד פֿון לאָדזש וואָס זענען געווען פֿאַרשיקט צוזאַמען מיט אונדז.

די שיף איז געווען אַ קליינע. מיר האָבן געקראָגן אַ קאַבינע ערשטע קלאַס צוזאַמען מיט אַ רוסישן יונגנמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אויפֿן ווײַטן

צפון, דאָרט קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און געפֿאָרן אין אַ „קומיס"־סאַנאַטאָריע (אַ סאַנאַטאָריע ווו מען היילט טובערקולאָז מיט פֿערדמילך) ערגעץ אין קאַזאַכסטאַן.

זעענדיק, אַז מיר פֿירן אַ קליין קינד איז ער פֿאַרשווונדן פֿון אונדזער קאַבינע. זעט אויס אַז ער האָט מורא געהאַט אַז ער קאָן אָנשטעקן ס׳קינד מיט שווינדזוכט.

באַלד פֿון ערשטן טאָג אָן איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן מײַן פֿרוי מיט דער שיף־מאַנשאַפֿט. אַזוי ווי מער ווי 3 ווינדעלעך האָבן מיר נישט געהאַט, האָט זי געמוזט כּסדר טריקענען די ווינדעלעך בײַ די קעסלען. די „מלחמה" האָט געוווּנען מײַן פֿרוי, זי האָט זיי באַזיגט. זי איז געווען „שטאַרקער". איר טענה איז געווען: גיט מיר ווינדעלעך, וועל איך נישט דאַרפֿן כּסדר זײַן מיט אײַך — און זיי געוויזן, אַז דאָס זענען שטיקער העמדער, נישט קיין ווינדעלעך.

אויפֿן דריטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין טיומען. פֿון פֿאָרט צום וואָקזאַל איז אַ מהלך פֿון עטלעכע קילאָמעטער. רוסישע פֿרויען, זעענדיק, ווי מיר שלעפּן אַזעלכע מאָדנע פּעק מיט אַ קליין קינד, האָבן אַרויסגעריסן פֿון אונדזערע הענט די פּעק און אונדז צוגעפֿירט צום וואָקזאַל.

און דאָ האָט זיך פֿאַרקאָכט די אמתע קאַשע. קיין בילעטן צו פֿאָרן פֿון טיומען קיין סווערדלאָווסק האָבן מיר נישט געהאַט. דער וואָקזאַל איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן וואָס האָבן שוין עטלעכע וואָכן געוואַרט און נישט געקאָנט אַוועקפֿאָרן. די באַן פֿון וולאַדיוואָסטאָק קיין מאָסקווע גייט דורך איין מאָל אין דער וואָך דורך טיומען און קומט אָן מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג פֿון צוויי־דרײַ טעג. דער צוג האָט געזאָלט אָנקומען מיט אַ טאָג שפּעטער.

מײַן פֿרוי מיטן קינד זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין „הויז פֿון מאַמע און קינד" בײַם וואָקזאַל, איך בין געבליבן אין דרויסן מיט די הונדערטער אַנדערע וואָס האָבן געוואַרט אויף דער אָנקומענדיקער באַן.

איך האָב זיך געווענדט צום וואָקזאַל־נאַטשאַלניק, אים געשילדערט מײַן לאַגע, אים דערציילט אַז איך בין דאָ מיט אַ פרוי און מיט אַ קליין קינד און אַז די פרוי וועט זיך אַן מיר נישט קאָנען קיין עצה געבן.

ער האָט מיר קאַלטבלוטיק געענטפערט אַז די פרוי מיטן קינד וועלן מאָרגן אַוועקפאָרן מיט דער באַן און איך וועל בלײַבן אין טיומען.

אַז איך האָב אים גענומען בעטן ער זאָל מיר געבן מעגלעכקייטן מיטצו־פאָרן מיט זיי, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „פּאַשאָל וואָן!" און איז אַוועק. עס איז מיר געווען ביטער אויף דער נשמה. דערווײַל האָב איך זיך געמוזט פאַרנעמען מיט אײַנהאַנדלען עסן פאַר דער פרוי און פאַר מיר אַליין. מיט אַ „געלעגער" בין איך געווען פאַרזאָרגט: אויף דער פּאָדלאָגע פון גרויסן וואָקזאַל אויף דער טיומענער באַן־סטאַנציע. צוזאַמען מיט הונדערטער פרויען און מענער וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף אַ באַן צו עטלעכע וואָכן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס וועט נישט העלפן קיין בעטן, קיין געוואַלדעווען, קיין שרײַען.

בײַ יעדער באַן־סטאַנציע אָדער ים־פּאָרט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד גע־פינט זיך אַן אָפּטיילונג פון דער נקוו"ד און אויפן וואָקזאַל דיזשורירט טאָג און נאַכט אַן נקוו"דניק.

צו מאָרגנס, באַלד אין דער פרי בין איך געגאַנגען אין דער נקוו"ד. אַ ייִדישער יונגערמאַן האָט מיך אויסגעהערט און מיר געזאָגט: „גיי זאָג דעם וואָקזאַל־נאַטשאַלניק, אין מײַן נאָמען, אַז ער זאָל דיך מיטן קומענדיקן צוג אַוועקשיקן צוזאַמען מיט דער פרוי און קינד". ער האָט אויך וועגן דעם געקלונגען צום נקוו"דיסט אויפן וואָקזאַל.

איך האָב אויסגעזוכט דעם נאַטשאַלניק, ער האָט מיך דערקענט, אָבער מיך נישט געוואָלט אויסהערן און מיך געיאָגט פון זיך, צו לעצט האָט ער צוגערופן דעם נקוו"דיסט פון וואָקזאַל און אים געזאָגט אַז איך פאַרנעם זיך מיט קאָנטררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. לכן זאָל ער מיך אַרעסטירן.

דער סאָלדאַט האָט שוין געוווּסט אין וואָס עס גייט דאָ און מיר געזאָגט: „לויף שנעלער אין דער נקוו"ד און דערצייל דאָרט, וואָס דאָ איז געשען, ווײַל דער צוג דאַרף יעדע מינוט אָנקומען".

איך בין ווי אַ משוגענער געלאָפן אין דער נקוו״ד. דער ייִדישער יונגער־מאַן איז שוין דאָרט נישט געווען, נאָר אַ רוס. ער האָט, זעט אויס, אַלץ געוווּסט, אַזוי ווי איך האָב אָנגעהויבן רעדן, האָט ער אויפגעהויבן דעם טעלעפאָן, צוגערופן דעם רויטאַרמייער און באַפוילן: „איינהאַלטן דעם צוג, ביז דער מאַן, זיין פרוי און קינד וועלן איינשטייגן. און אויב דער באַן־נאַטשאַלניק וועט זיך קעגנשטעלן, אים אַרעסטירן און ברענגען אַהער אין דער נקוו״ד״.

דער צוג איז שוין טאַקע געשטאַנען. דער וואָקזאַל־נאַטשאַלניק מיט מיין פרוי זענען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג אין אַ וואַגאָן. ער האָט אונדז אַריינ־געלאָזט אין וואַגאָן, געהאָלפן אַרויפטראָגן אונדזערע „שמאַטעס״. ער האָט מיר געגעבן די בילעטן און נישט געפאָדערט קיין געלט. ווען מיר זענען שוין געזעסן אין וואַגאָן האָט ער ערשט געגעבן דעם סיגנאַל און דער צוג איז אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון סווערדלאָווסק.

דעם זעלבן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין סווערדלאָווסק. עס האָט אונדז אָפּגעוואַרט די פרוי וואָלזשיצקי, געוועזענער נאַטשאַלניק אין סאַראָ־ווער לאַגער, איצט באַפּולמעכטיקטע פון דער נקוו״ד איבער די עניינים פון די אַריבערלויפערס אויף אוראַל. זי האָט אונדז געגעבן בילעטן צו פאָרן קיין „טרובסטראָי״. אונדז צוגעפירט מיט איר אויטאָ צו אונדזערע באַקאַנטע פון לאָדזש, די פאַמיליע בעכלער, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט איינגעאָרדנט אין סווערדלאָווסק. דאָרט האָבן מיר איבערגענעכטיקט, זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעבאָדן דאָס קינד, אָפּגעגעסן און זיך אָפּגערוט פון דער „רייזע״, און צו מאָרגנס זענען מיר אָפּגעפאָרן נאָך „טרובסטראָי״.

## „טרובסטראָי"

דורך דעם יאָר, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אויף פאַרשיקונג אין טאָבאָלסק, איז אין „טרובסטראָי" פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע.

נישט ווייַט פון „טרובסטראָי" זענען אויפגעבויט געוואָרן פאַר די איבערלויפערס אַכט הייַזער, הילצערנע, צוויי־שטאָקיקע. דאָס מקום האָט באַקומען דעם קלינגענדיקן נאָמען „עמיגראַנטן שטעטל".

שנייַדערס, שוסטערס, קאָמאַשנמאַכערס און אַנדערע פאַכמענער זענען אייַנגעאָרדנט געוואָרן אין סווערדלאָווסק. אַ סך בחורים און מיידלעך האָבן באַלייגט עקזאַמענס און צוגענומען געוואָרן אויף פאַרשידענע אוניווערסי־טעטן אין סווערדלאָווסק און אַנדערע ערטער אויף אוראַל.

די באַדינגונגען אויף דער בויונג האָבן זיך געענדערט צום גוטן. עס איז געעפנט געוואָרן אַ מאַגאַזין, ספּעציעל פאַר די עמיגראַנטן. דעם מאַגאַ־זין זענען צוגעשטעלט געוואָרן שפּייַז־פּראָדוקטן און אַנדערע אַרטיקלען. די שטימונג צווישן עולם איז געווען אַ הייטערע, פול מיט האָפענונגען.

איך האָב באַקומען אַ וווינונג צוזאַמען מיט אַ ווילנער משפחה און אָנגע־הויבן אַרבעטן אין דער דרוקערייַ אין פּערוואָוראַלסק.

מיר האָבן באַקומען פאַרן קינד: ווינדעלעך, אַ קאָלדרע, אַ בעטל און אַנדערע זאַכן. די אַרבעטער אויף דער בוי האָבן פאַרדינט גענוג אויף צו קאָנען ווי עס איז אַדורכלעבן. אויך די פרויען האָבן געאַרבעט און די קינדער זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן אין „יאַסלעס" אָדער „קינדער־גערטנער". עס

האָבן עקסיסטירט פאַרשידענע קורסן. יעדער האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו לערנען די רוסישע שפּראַך, מאַרקסיזם־לעניניזם, פּאַרטיי־געשיכטע. עס האָט פונקציאָנירט אַ ביבליאָטעק מיט רוסישע און ייִדישע ביכער. חברה האָבן געשאַפן אַ דראַמקרײַז און געגעבן פאָרשטעלונגען אין ייִדיש.

אמת, פון צײַט צו צײַט האָט מען געהערט אַז דער אָדער יענער איז פּלוצלינג פאַרשווונדן אָן שפּורן. האָט מען אַ קרעכץ געטאָן און דאָס איז באַלד פאַרגעסן געוואָרן.

עטלעכע מענער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער אויסער די גרענעצן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָבן געקראָגן דערלויבענישן זיי אַריבערצוברענגען. איזראַעלעוויטש, אַ לאָדזשער וועבער פון באַלוט וואָס האָט דאָ געאַרבעט אַלס בעדער אין „טרובסטראָי", האָט אַריבערגעבראַכט זײַן פרוי און טעכטערל. נאָכן אָפּזײַן עטלעכע וואָכן אין „טרובסטראָי" האָבן די נײַ־געקומענע זיך אויף קיין פאַל נישט געקאָנט אײַנלעבן אין די באַדינגונגען וועלכע האָבן אונדז אויסגעזען ווי אַ גן־עדן און אַזוי ווי זיי זענען געקומען לעגאַל, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן קיין מאָסקווע צום פּוילישן קאָנסול און נעמען אַ וויזע צוריקצופאָרן קיין לאָדזש. ווײַטער ווי ביז סווערדלאָווסק זענען זיי נישט דערפאָרן. אויפן סווערדלאָווסקער וואָקזאַל זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן און מער האָט ער פון זיי נישט געהערט.

אָגורעק, אַ לאָדזשער שנײַדער, וועלכער איז געווען אַ טוער אין האַנטווערקער־פאַראיין, איז צוליב אַ מסירה אַז זײַן בילד ווו מען זעט אים באַוואָקסן מיט אַ באָרד, אָנגעטאָן אין לאַפּטשעס בעת ער גראָבט ערד, איז געדרוקט געוואָרן אין פּוילישע און ייִדישע צײַטונגען, אַרעסטירט געוואָרן מיט אַ צווייטן לאָדזשער יונגנמאַן. זיי האָבן אין תּפיסה דערקלערט אַ הונגער־שטרײַק. אין דער זעלבער צײַט איז זײַן פרוי און קינד געקומען קיין „טרובסטראָי". זי איז צו איר מאַן אין תּפיסה נישט צוגעלאָזט געוואָרן און זי איז מיטן קינד פאַרשווונדן אָן אַ שפּור.

אָגורעק און זײַן פרײַנד זענען אומגעקומען אין דער סווערדלאָווסקער תּפיסה.

איבער יעדנס קאָפּ איז געהאָנגען אַ האַק. מען איז נישט געווען זיכער אַרויסצורעדן אַ וואָרט. איך האָב זיך אָפּגעזונדערט פון אַלע. איך האָב מורא געהאַט צו דערציילן וועגן טאַבאַלסק, זיך געהיט מיט אַ וואָרט. פאַר מײַן שכן האָב איך געציטערט, ווײַל מען האָט געזאָגט... איך האָב זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר מײַנע חברים, פאַר מײַנע פרײַנד. אויפגעהערט צו שלאָפן די נעכט. בײַ יעדן קלאַפּ אין טיר האָב איך געמיינט, אַז מען איז מיר געקומען אַרעסטירן. מײַן פרוי האָט מיר אויסגערעדט און מיר געזאָגט אַז איך בין פשוט קראַנק און דאַרף גיין צו אַ דאָקטער. נו, גיי אָבער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד צו צו אַ דאָקטער און דערצייל אים אַז דו ביסט חושד יעדן מענטש וואָס רעדט צו דיר אַז ער איז אַ מסור און אַרבעט אין דער נקוו״ד. קיין איין נאַכט וואָלט מען מיך אין שטוב נישט געלאָזט איבערנעכטיקן. מען וואָלט מיך תיכּף פאַרשיקט ערגעץ אין אַ משוגעים־הויז, אָדער מען וואָלט מיך דערשאָסן.

איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז אַוועק פון „טרובסטראָי״. אַוועק ערגעץ ווו עס זענען נישטאָ קיין עמיגראַנטן און קיינער ווייסט נישט ווער איך בין. לײַדער האָב איך שוין געהאַט אַ פּאַס, ווו עס איז שוואַרץ אויף ווײַס געווען אָנגעשריבן, אַז איך בין „אַ ייִד פון פּוילן, געקראָגן סאָוויעטישע בירגער־שאַפט אין סערדוולאָווסק״.

מײַן פרוי איז שוין געווען מיד פון אַרומשלעפּן זיך מיט אַ קליין קינד. זי האָט גוט געדענקט טאַבאַלסק מיט די „גוטע צײַטן״, ווען עס איז נישט געווען וואָס צו עסן און מיר זענען געצוווּנגען געווען צו שרײַבן קיין פּוילן צו אירע עלטערן און צו מײַן שוועסטער, בעטנדיק הילף. זי האָט חושד געווען אַז איך בין פשוט משוגע און זי האָט מיר אַרײַנגעטענהט: „אַרבעטסט בײַ דײַן פאַך, האָסט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, מיר זענען נישט הונגעריק, דאָס קינד איז „פאַרזאָרגט״, מיר האָבן דאָ חברים — טאָ וואָס גייסטו זוכן דעם ‚נעכטיקן טאָג׳?״

אין אַ געוויסן זין איז זי געווען גערעכט. עפּעס ווי אַ שד וואָלט זיך אין מיר באַזעצט און מיך נישט געלאָזט רוען פולע 24 שעה אין מעת־לעת.

איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין טאַשקענט, מיטל־אַזיע, ווו ס׳איז וואַרעם און קיינער קען מיך נישט.

אין אַראַמיל, 10 קילאָמעטער פֿון סווערדלאָווסק, געפֿינט זיך אַ גרויסע טעקסטיל־פֿאַבריק, ווו עס האָבן געאַרבעט די אַלטבוימס, אַ לאָדזשער פֿאַר־פֿאָלק מיט פֿיר קינדער: אַ מיידל פֿון 12 יאָר איז געווען די באַלעבאָסטע אין שטוב און טאַטע־מאַמע האָבן געאַרבעט אין פֿאַבריק. עס האָט אויך געאַרבעט אין דער פֿאַבריק אַ פֿאַרפֿאָלק פֿון ווילנע. איך בין אַרײַנגעפֿאָרן צו די אַלטבוימס. זיי האָבן זיך מיט מיר דערפֿרייט, מיך אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב און צוגעזאָגט אַרויסצוהעלפֿן מיט וואָס זיי וועלן נאָר קאָנען.

איך בין אַוועק אין „אָטדיעל קאַדראָוו" (אָפּטיילונג פֿאַר קאַדרען) און ווען איך האָב דעם נאַטשאַלניק דערציילט אַז איך בין געקומען אײַנאָרדענען מײַן פֿרוי אין דער טעקסטיל־פֿאַבריק ווײַל זי איז אַ טעקסטיל־אַרבעטערין נאָך פֿון דער היים, האָט ער מסכּים געווען זי אײַנצואָרדענען מיטן קינד און מיך אַ פֿרעג געטאָן וועגן מײַן פֿאַך. איך האָב אים געזאָגט אַז איך בין אַ זעצער. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם טעלעפֿאָן, עפּעס מיט עמיצן גערעדט און מיך געבעטן אַ ביסל וואַרטן. באַלד איז אַרײַנגעקומען אַ מאַן און זיך פֿאָרגעשטעלט ווי דער רעדאַקטאָר פֿון דער לאָקאַלער צײַטונג און מיר דערציילט, אַז די דרוקערײַ איז שוין עטלעכע חדשים געשלאָסן און די צײַטונג קאָן נישט דערשײַנען, ווײַל ס'איז נישטאָ קיין זעצערס. ער האָט מיר צוגעזאָגט אַ גוטן געהאַלט, אַ וווינונג, האָלץ און אַנדערע זאַכן וואָס נאָרמאַל איז זיי שווער צו קריגן.

איך בין אַוועק קיין „טרובסטראָי", גענומען די פֿרוי און קינד און געפֿאָרן קיין אַראַמיל.

אַלע צוזאָגן פֿון רעדאַקטאָר זענען אויסגעפֿילט געוואָרן. די דרוקערײַ איז ווידער געעפֿנט געוואָרן און דאָס וואָכנבלאַט האָט ווידער אָנגעהויבן צו דערשײַנען. דאָס וואָכנבלאַט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿאַר די אַרבעטערס פֿון דער גרויסער טעקסטיל־פֿאַבריק אין אַראַמיל און פֿאַר די אַרומיקע קאָלכאָזן.

מיר האָבן באַקומען אַ בשותּפֿותדיקע וווינונג און דער רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג האָט ווי ווײַט מעגלעך געטאָן אַלץ כּדי אונדז לײַכטער צו מאַכן דאָס לעבן.

דאָס צוזאַמענלעבן אין דער שותפות־וווינונג איז נישט געווען קיין געלונגענס, די שותפים האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאַרטיי־פּאָסטנס. ער — אַ וויכטיקער טוער אין אָרטיקן פּאַרטיי־קאָמיטעט, זי — פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער פאַבריק. אַן אומגעבילדעטע, דאָרפישע מויד, האָט זי ביַי יעדער געלעגנהייט געוויזן איר „העכערקייט”. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַז אַן אומפּאַרטייִשער און דערצו אַ ייִד פון אויסלאַנד זאָל וווינען מיט איר אין איין וווינונג. מיר האָבן געמוזט טוישן די וווינונג און מיר האָבן זיך אַריַינגעצויגן אין אַ צימער ביַי דער דרוקעריַי. מיר האָבן געלעבט אַ סך בעסער ווי אַ סך אַנדערע אין שטעטל. מיט האָלץ אויפן ווינטער זענען מיר געווען פאַרזאָרגט, מיר האָבן באַקומען פּראָדוקטן וואָס פאַר אַנדערע זענען זיי געווען אַ לוקסוס. דער רעדאַקטאָר האָט זיך געזאָרגט פאַר אונדז פּונקט ווי פאַר זיַין אייגענער פאַמיליע. קיין קינאָ, קיין טעאַטער זענען אין אַראַמיל נישט געווען און קיינער האָט זיך אין זיי נישט גענויטיקט. דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך געדרייט אַרום דער פראַגע ווי אַזוי זיך צו פאַרזאָרגן מיט עסן און באַהייצונג.

דער רעדאַקטאָר איז געווען אַ פיַינער, יונגער רוס, מיט אַ פאַמיליע, שוין אַ סך יאָרן אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. פון צייַט צו צייַט בין איך מיט מיַין פרוי פאַרבעטן געוואָרן צו אים אין שטוב און מיר האָבן געטרונקען בראָנפן און ביר, געזונגען לידער און זיך פריילעך געמאַכט.

געטרונקען האָבן אַלע. אויך מיר האָבן פאַרברענגט ביַי דער פאַמיליע אַלטבוים און דער פרוי אַלטבוימס אַ ברודער. דאָרט האָט מען קיין בראָנפן נישט געטרונקען, נאָר גערעדט וועגן לאָדזש מיט בענקשאַפט...

מאַכט זיך אַ מעשׂה, אַז נאָכן אויסזעצן די צייַטונג, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אויף אַ פּעדאַל, יעדע זייַט באַזונדער, בין איך, ווי תּמיד נאָכן פאַר־ענדיקן מיַין אַרבעט, אַוועק אַהיים. אָבער עפּעס ווי אַ געהיימער קראַפט האָט מיך צוריקגעשלעפּט אין דער דרוקעריַי. איך קום אין דרוקעריַי און זע אַז דער בחור ביַים פּעדאַל האָט אָנגעהויבן דרוקן אַ נייַ זייַט. איך הייס אים אָפּשטעלן דאָס דרוקן און נעם איבערלייענען דאָס געדרוקטע: ס'איז

אַ רעדע פון סטאַלינען. ווי נאָר איך האָב גענומען לייענען האָב איך תּיכּף צונויפגענומען אַלע אָפּגעדרוקטע זײַטן און זיי אַרײַנגעוואָרפן אין ברענענ־דיקן אויוון. וואָס איז געשען? מיר האָבן געזעצט מיט האַנטזאַץ און ווי עס טרעפט איז פון אַ שורה אַרויסגעפאַלן אַן אות. דער בחור בײַ דער דרוק־מאַשין האָט אויפן אָרט פון אַרויסגעפאַלענעם אות אַרײַנגעשטעלט אַן אַנדער אות. דאָס וואָרט איז געווען „סטאַלין״ און אַרויסגעפאַלן איז די „ט״, וואָס אויף איר אָרט האָט דער בחור אַרײַנגעשטעלט אַ „ר״, אַזוי אַז פון „סטאַלין״ איז געוואָרן „סראַלין״.

ביז הײַנט צו טאָג ווייס איך נישט צי דאָס איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך מיט עמיצן כּדי צו פאַרניכטן דעם רעדאַקטאָר און צוזאַמען מיט אים אויך מיך... אָדער עס איז פּשוט געווען אַ צופאַל. איך האָב קיין מאָל מיטן יינגל נישט גערעדט וועגן דעם און ער האָט מיר קיין מאָל נישט געזאָגט וועגן דעם קיין וואָרט.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און דער רעדאַקטאָר איז אַרעסטירט גע־וואָרן און צוזאַמען מיט אים זענען זײַן פרוי און קינדער פאַרשוווּנדן פון אַראַמיל.

אַלס נײַער רעדאַקטאָר איז באַשטימט געוואָרן דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער פאַבריק צוליב וועלכע מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן די ערשטע וווינונג.

מען האָט איר צוגעטיילט צו הילף אַ לערער וועלכער האָט געשריבן און קאָרעגירט די באַטיצן וועגן די אויסגעפילטע נאָרמעס, וועגן שלאָגערס און וועגן קאָלכאָזן וואָס האָבן אויסגעפירט די נאָרמע און צוגעשטעלט זייערע פּראָדוקטן צו דער רעגירונג...

די הויפּטזײַט אין אַזאַ צײַטונג פאַרנעמען די איבערגעדרוקטע אַרטיק־לען פון דער „פּראַוודאַ״, הויפּט־אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און פון דער „איזוועסטיאַ״, אָרגאַן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג. די נײַע רעדאַקטאָרשע האָט פאַרנומען איר פּאָסטן מיט רעש, מיך ווי נישט באַמערקט, דערצו געפאָדערט זאַכן וואָס זענען טעכניש אוממעג־לעך. צום בײַשפּיל: אַרײַנפּאַקן סטאַלינס אַ רעדע אין איין זײַט אָן המשך אויף אַ צווייטער זײַט. אין דער צײַט, ווען עס האָט נישט געטאָרט פעלן אין

אַרטיקל קיין איין אות און סטאַלינס נאָמען האָט נישט געטאָרט „געבראָכן" ווערן און איבערגעטראָגן ווערן אויף דער צווייטער שורה. פאַר דער מינדס־טער אומפּינקטלעכקייט האָט געדראָט אַ שטראָף פון צען יאָר. זי האָט גע־שריגן, אַז מען קאָן יאָ טאָן וואָס זי פאַרלאַנגט, נאָר איך טו איר צו להכעיס. זי איז געוואָרן מיט מיר ברוגז. דאָס ייִנגל אין דער דרוקערײַ איז געוואָרן דער פאַרבינדלער צווישן מיר און דעם רעדאַקטאָר.

איין מאָל, נאָכן אָוועקטראָגן די קאָרעקטור־זײַטן וועלכע דער רעדאַק־טאָר און דער צענזאָר האָבן געדאַרפט אונטערשרײַבן, כּדי מען זאָל די צײַטונג קאָנען דרוקן, האָט די רעדאַקטאָרשע זיך שטאַרק צעשריגן. אַן אַרטיקל פון דער „פּראַוודאַ" האָט געהאַט אַ המשך אויף דער צווייטער זײַט, האָט זי געקלאַפּט אין טיש און געשריגן: „אַזאַ פאַרשיווער זשיד, איך וועל אים אָפּלערנען". אַזוי האָט מיר שפּעטער דערציילט דאָס ייִנגל, דער פאַר־בינדלער צווישן מיר און דער רעדאַקטאָרשע.

אויף צו מאָרגנס בין איך אַוועק אין „אָטדיעל קאַדראָוו" בײַ דער פאַבריק און געזאָגט אַז איך מוז פאַרלאָזן די אַרבעט און דערציילט פאַר וואָס. איך האָב אָפּגעגעבן אַ ביטע וועגן באַפרײַונג. לויטן דעמאָלטיקן סאָוויעטישן געזעץ האָב איך געמוזט אָפּאַרבעטן צוויי וואָכן. מען האָט מיך פון דער אַרבעט באַפרײַט.

מײַן פרוי האָט ווידער גענומען מיר אויסרעדן, אַז עס איז נישט אין אָרדענונג מיט מיר, אַז אַ מענטש דאַרף זײַן נאָכגיביק, פאַרקוקן, און אַז די אַלטבוימס מיט פיר קינדער לעבן אַ סך ערגער פון אונדז, ווערן מער באַעוולט און זיי ליגט נישט אין זינען צו פאַרלאָזן אַראַמיל... איך זוך, האָט זי גע־טענהט, דעם נעכטיקן טאָג און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. די רעדאַק־טאָרשע האָט צוגעשיקט צו אונדז אַ פרוי און געבעטן אַז איך זאָל בלײַבן, פאַרזיכערט אַז עס וועט שוין זײַן אַלץ אין אָרדענונג.

אין 1937 האָט מען די אַלטבוימס אַרעסטירט און צוזאַמען מיט זייערע פיר קינדער זענען זיי אויף אַ לאַסט־אויטאָ אַוועקגעפירט געוואָרן קיין סווערדלאָווסק. יעדעס מאָל האָט דער טראָק זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אַנדער

אָרט און אַן נקוו״דיסט האָט איַינגעוויקלט אַ קינד אין אַ קאָלדרע און עס ערגעץ אַוועקגעטראָגן. די אַלטבוימס האָבן געשריגן און ספּאַזמירט. דרײַ מאָל האָט זיך דאָס איבערגעחזרט. צום סוף זענען די אַלטבוימס מיטן עלטסטן מיידל אַוועקגעפירט געוואָרן אין סווערדלאָווסקער תּפיסה.

נאָכן אָפּזיצן אין דער סווערדלאָווסקער תּפיסה עטלעכע וואָכן, נישט צוזאַמען מיט איר מוטער, איז דאָס מיידל באַפרײַט געוואָרן, בכדי צו קאָנען באַוויינען אירע יונג־פּאַרטיליקטע טאַטע־מאַמע, ווי אויך אירע צוגערויבטע צוויי ברידער און שוועסטערל. דאָס מיידל האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך איצט ערגעץ אין אויסלאַנד. פון דער ווילנער פאַמיליע איז דער מאַן אַרעסטירט געוואָרן און די פרוי מיט אַ פריש געבוירן קינד זענען געבליבן אויף דער פרײַ.

אָט וועל איך דערציילן אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אַראַמיל און זיך איַינגעקריצט אין מײַן זכּרון.

נישט ווײַט פון מיר האָט געוווינט אַ פּוילישע פאַמיליע: אַ מאַן מיט אַ פרוי און אַ זון, אַ צווייטער זון איז געווען פאַרשיקט אין אַ לאַגער. אַלע דרײַ האָבן געאַרבעט אין דער טעקסטיל־פאַבריק, טאַטע און זון אַלס מײַס־טערס און די מוטער אַלס וועבערין. זיי האָבן געהאַט אַן אייגן הויז, אַ קו און געווען צופרידן. זיי האָבן געוווינט אין רוסלאַנד נאָך פון פאַר דער רעוואָ־לוציע.

זייער זון אין לאַגער האָט זיך באַקאַנט און באַפרײַנדעט מיט אַ יונגנמאַן, אַ זון פון אַן אַלטן טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אוקראַיִנע. ווען דער פרײַנד איז באַפרײַט געוואָרן האָט ער אים געגעבן דעם אַדרעס פון זײַנע עלטערן און אים פאַרזיכערט אַז זײַנע עלטערן וועלן אים העלפן זיך איַינאָרדענען אויף דער טעקסטיל־פאַבריק.

די פאַמיליע האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. נאָכן אָפּזײַן עטלעכע וואָכן אין אַראַמיל, האָט ער אין אַ פאַרנאַכט, ווען דער אַלטער האָט געהאַקט האָלץ, אים דערהרגעט מיט אַ האַק און אים אַראָפּגעשלעפּט אין קעלער. דעם זון, אַ יונגנמאַן פון 25 יאָר, אַ ריז, האָט ער אין שלאָף דער־

הרגעט מיט דער זעלבער האַק און אויך אַראָפּגעשלעפּט אין קעלער. ער האָט געוואַרט אויף דער אַלטער מוטער וואָס האָט געדאַרפט קומען אַרום 12 ביי נאַכט פון דער אַרבעט. וואַרטנדיק האָט ער דערהערט קרעכצן פונעם קעלער. ער איז אַראָפּ מיט אַ שער און אַזוי לאַנג געשטאָכן די קרבנות ביז זיי זענען שטיל געוואָרן און איז ווייַטער אַרויף וואַרטן אויפן לעצטן קרבן.

אַרום 12 ביי נאַכט ווען די אַלטע איז אַרייַן אין קאָרידאָר האָט ער זי דערשלאָגן מיט דער האַק, זי אַראָפּגעשלעפּט אין קעלער און דערנאָך זיך געלייגט שלאָפן.

פּאָר טאָג האָט ער אויסגעמאָלקן די קו און די מילך געגעבן די שטענ־דיקע אָפּנעמערס פון דער מילך ביי זייַנע קרבנות.

דערנאָך האָט ער אייַנגעפּאַקט אַ פּעקל זאַכן און אַוועק אויפן „שוואַרצן מאַרק" אין סווערדלאָווסק. אַזוי עטלעכע מאָל דורכן טאָג. ווען אין דער פאַבריק איז געוואָרן אויפפאַלנדיק וואָס קיינער פון דער פאַמיליע איז נישט געקומען צו דער אַרבעט, האָט דער נאַטשאַלניק אים אַרויסגערופן. ער האָט געזאָגט דעם נאַטשאַלניק אַז די משפּחה־לייַט זענען אַוועקגעפאָרן אויף אַ טאָג כּדי זיך צו טרעפן מיט זייער זון וואָס ווערט איבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער.

אויפן דריטן טאָג איז ער דורך דער מיליץ אַרעסטירט געוואָרן און אין עטלעכע טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ „פּאָקאַזאַטעלני סוד" (אַן עפנטלעכער משפּט) מיט אַ „פּאַרטיידיקער", אַ פּראָקוראָר און אַ ריכטער. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען אָנקוקן דעם מערדער און זייַן אויפן משפּט.

דער פאַרטיידיקער האָט געהאַלטן אַ רעדע מיט לויב־געזאַנגען פאַרן חבר סטאַלין, אויסגערעכנט וואָס ער האָט אַלץ אויפגעטאָן פאַרן רוסישן פאָלק און געפאָדערט טויטשטראָף פאַרן אָנגעקלאָגטן. דער פּראָקוראָר האָט געהאַלטן אַ רעדע מיט לויב־געזאַנגען פאַרן חבר סטאַלין, דערציילט וואָס ער האָט אַלץ אויפגעטאָן פאַרן רוסישן פאָלק און געפאָדערט טויטשטראָף פאַרן געמשפּטן. דער באַשולדיקטער האָט אין זייַן לעצט וואָרט געהאַלטן אַ רעדע מיט לויב־געזאַנגען פאַרן חבר סטאַלין און געבעטן דעם ריכטער אַז מען זאָל אים פאַרמשפּטן צום טויט. צום סוף האָט ער אויסגעשריגן: „זאָל

לעבן דער חבר סטאַלין!״ דער ריכטער האָט אַרויסגעטראָגן אויפן אָרט דעם אורטייל: „טויטשטראָף דורך דערשיסן״.

נאָכן אַרויסטראָגן דעם דאָזיקן אורטייל האָט דער ריכטער געמאָלדן אַז מען וועט משפטן אַ צווייטן פאַרברעכער.

מען האָט אַרײַנגעפירט אַ קאָלכאָזניק, שוין אַן אַ פאַרטיידיקער און אַן אַ פּראָקוראָר. דער ריכטער האָט אים באַשולדיקט לויט דעם פּאַראַגראַף 58 פּונקט 7 — שעדיקערײַ און פּונקט 10 — אַנטי־סאָוויעטישע אַגיטאַציע. ער האָט אים געפרעגט: צי איז אמת, אַז ער האָט געזאָגט, אַז אויב עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה, וועט מען דאָ שטאַרבן פון הונגער. דער קאָלכאָזניק האָט געטענהט אַז ער האָט געזאָגט, אַז זײַנע קינדער שטאַרבן פון הונגער און זײַן חבר האָט אין אים אַרײַנגערעדט זאַכן וואָס ער האָט נישט פאַר־שטאַנען. דער ריכטער האָט אַרויסגעטראָגן אויפן אָרט אַן אורטייל: 25 יאָר לאַגער.

איך בין געווען זיכער אַז דער מערדער וועט באַגנעדיקט און באַפרײַט ווערן און דער קאָלכאָזניק וועט שוין קיין מאָל זײַן פאַמיליע נישט זען. ער וועט אומקומען ערגעץ אין אַ לאַגער פון הונגער און שווערער אַרבעט, פּונקט ווי מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות פאַר אים און מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות נאָך אים.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך מיט אַ פרײַנד פון לאָדזש, איטשע אַלטבוים, אַ ברודער פון פרוי אַלטבוים, פאַרלאָזט אַראַמיל און אָפּגעפאָרן קיין סאַראַטאָוו אויף דער וואָלגע, ווו עס האָט געוווינט מײַן פרוים אַ ברודער, אויך אַן איבערלויפער פון לאָדזש וואָס האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט עטלעכע יאָר אין לאַגער „ביעלאָמאָרסקי קאַנאַל״.

ער מיט נאָך אַ לאָדזשער בחור זענען געהאַט געווען פון „זלאַטאָסטראָי״, אַ נײַע בויונג נישט ווײַט פון זלאַטאָוסט, אוראַל. זיי זענען „געלאָפן״ קיין מאָסקווע זיך באַקלאָגן פאַר די פירערס פון דער פאַרטיי און רעגירונג אויף זייער ביטערן גורל, אויף הונגער און קעלט — און דערפאַר זענען זיי פאַר־

שיקט געוואָרן אויף צוויי יאָר שווערער אַרבעט אויפן „ביעלאָמאָרסקי קאַ־נאַל". זיי האָבן זיך געראַטעוועט אַ דאַנק זייער שניַידעריַי.

מיַין פרוי האָט מיך „באָמבאַרדירט" מיט בריוו אַז איך זאָל צוריק־קומען. זי האָט מיר געשריבן אַז מען זאָגט מיר צו אַ גוטע וווינונג, מען וועט מיר פאַרגרעסערן דאָס געהאַלט און אַנדערע צוזאָגן. די דרוקעריַי איז גע־ווען געשלאָסן וויַיל קיין זעצערס זענען אין יענע מקומות נישט געווען. מיַין ענטפער איז געווען — ניין!

אין סאַראַטאָוו האָט אַלטבוים באַלד באַקומען אַרבעט און אַ וווינונג. מיר איז אָנגעקומען שווערער. אַרבעט האָב איך געקריגן, נאָר אַ שטוב פאַר מיר מיט מיַין פרוי און קינד האָב איך נישט געקאָנט באַקומען. נאָכן אָפּזיַין אַ וואָך אין סאַראַטאָוו און נישט קאָנענדיק באַקומען קיין אָרט ווו צו וווינען, בין איך אַוועק קיין ענגעלס, אַמאָליקער פּאָקראָווסק, די הויפּטשטאָט פון דער אַזוי גערופענער דיַיטשער רעפּובליק.

די וואָלגע טיילט אָפּ סאַראַטאָוו פון דער הויטשטאָט פון דער דיַיטשער סאָציאַליסטישער רעפּובליק — ענגעלס. די איַינוווינערס פון ענגעלס: דיַיטשן און אַ סך פּאָליטישע עמיגראַנטן פון דיַיטשלאַנד. אין „קראַיקאָם" פון דער פּאַרטיי און אין „קראַי־איספּאָלקאָם", האָבן פאַרנומען הויכע פּאָסטנס עמי־גראַנטן פון דיַיטשלאַנד. אַן אָנגעזעענעם אָרט אין „קראַיקאָם" פון דער פּאַרטיי האָט פאַרנומען טעלמאַנס אַ געהילף (טעלמאַן — ערשטער סעקרעטאַר פון דער דיַיטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דערשאָסן געוואָרן דורך די היטלעריסטן אין דיַיטשלאַנד), מיט וועלכן איך בין שפּעטער געזעסן אין תּפיסה אין סאַראַטאָוו. איך האָב באַלד באַקומען אַרבעט אין דער ציַיטונג אין דער דיַיטשער שפּראַך „נאַכריכטען" און געפונען אַ צימער ביַי אַ רוסי־שער פאַמיליע. כ'האָב געמיינט, אַז אָט־אָ־דאָ אין ענגעלס וועל איך שוין בליַיבן וווינען און זיך נישט דאַרפן מער שלעפּן פון אָרט צו אָרט.

מיַין פרוי מיטן קינד זענען געקומען פון אַראַמיל. זעענדיק וואָס פאַר אַ טויש איך האָב געמאַכט, איז זי נישט געווען איבערגליקלעך, אָבער קיין וועג אויף צוריק איז שוין נישט געווען.

נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע וואָכן אין ענגעלס, דערהאַלט איך אַ מעלדונג, אַז איך דאַרף זיך מעלדן אין „ספּעץ־אָטדיעל" (ספּעציעלע אָפּטיילונג בײַ דער נקוו"ד וואָס גיט אַכטונג אויף דער כשרות פון די אויסלענדער).

נאָכן אויספילן דעם פראַגע־בויגן: סאָציאַלער אָפּשטאַם, ווען געבוירן, ווען אַריבער די גרענעץ און אַזוי ווײַטער, גיט מיך דער נקוו"דניק אַ פרעג: „צוליב וואָס ביסטו געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד?" איך ענטפער: „כ'בין געווען אַרבעטסלאָז".

מײַן אויספרעגער קוקט מיך אָן מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגן און מיט אַ געהעכערטן טאָן גיט ער אַ זאָג: „בויען סאָציאַליזם!" אָבער איך האַלט זיך בײַ דאָס מײַניקע: „געווען אַרבעטסלאָז".

ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם פראַגע־בויגן און אים אונטערגע־שריבן, איז געווען פאַרשריבן „געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד בויען סאָציאַליזם".

אַ פאַרשעמטער האָב איך געזאָגט מײַן פרוי, „איך מוז פון דאַנען אַוועק־פאָרן. דער נקוו"דניק האָט מיך פּשוט געוואָלט „אויפעסן", ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זוכן אַרבעט, ווײַל איך בין אין פּוילן געווען אַרבעטסלאָז און איך האָב אונטערגעשריבן אַז איך בין געקומען בויען סאָציאַליזם".

מײַן פרוי האָט מיר שוין גאָרנישט געזאָגט, גענומען דאָס קינד און אַוועק צום ברודער קיין סאַראַטאָוו און איך בין אַוועק פון ענגעלס און באַקו־מען אַרבעט אין אַל־גיי, אין אַ צײַטונג, אַרויסגעגעבן פונעם ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אין אַל־גיי.

אַל־גיי געפינט זיך אויף דער גרענעץ פון דער סאַראַטאָווער געגנט און קאַזאַכסטאַן. די באַן פון סאַראַטאָוו גייט נישט ווײַטער ווי ביז אַל־גיי.

פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אַלעקסאַנדראָוו־גיי געווען אַ רײַך לאַנד, די צוזשטעלערין פון פלייש, ווייץ און פּרוכטן. הײַנט איז אַל־גיי אַ סטעפּ, די סעדער — אויסגעהאַקט. בלויז אַ טייל הײַזער זענען הילצערנע. די איבעריקע „זיעמליאַנקעס" זענען פון ליים און מיסט פון בהמות און געפינען זיך האַלב אין דער ערד. די באַהייצונג דאָרט באַשטייט פון „קיזי־קעס" — שטרוי מיטן מיסט פון בהמות. דאָס דאַרף איז באַוווינט פון עטלעכע

טויזנט רוסן און קאַזאַכן. צום מערסטן אײַנוווינערס פון דאָרף אַרבעטן אין קאָלכאָזן. אין גאַנצן דאָרף איז דאָ איין ברונעם פון זיס וואַסער. דאָס וואַסער פירט מען אין אַ פאַס אויף אַ וואָגן, וואָס איז אײַנגעשפּאַנט אין דער קו וועלכע יעדער אײַנוווינער פאַרמאָגט, אָדער מען פירט אויף אַ קעמל. נישט ווײַט פון דאָרף פליסט דורך אַ טײַך, דער „באַלשאַי אוזען". אין טײַך וואַשט מען וועש, דאָרט טרינקען די בהמות, דאָרט באָדט מען זיך און אין ווינטער ווען דער טײַך ווערט פאַרפרוירן, צעקלאַפּט מען דאָס אײַז און מען טרינקט דאָס וואַסער.

אין אָט דעם דאָרף האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן און באַקומען אַ צימער בײַ אַ קאָלכאָזניק. איך זע נאָך הײַנט מײַן פרויס מינע ווען זי האָט דערזען ווו זי מיטן קינד וועלן מוזן לעבן.

קיין קינאָ, קיין טעאַטער, אָדער אַנדערע פאַרווײַלונגס-ערטער זענען אין אַל-גיי נישט געווען. יעדן זונטיק איז די יוגנט זיך צוזאַמענגעקומען אויפן מאַרק און „געקנאַקט באַניקערן". צו באַקומען ברויט איז געווען ווי „צו שפּאַלטן דעם ים". מען האָט געדאַרפט שטיין אין דער ריי גאַנצע מעת-לעתן. פאַר די מיטאַרבעטערס פון דער צײַטונג זענען אָבער די טירן געווען אָפן. אויפן מאַרק זענען געקומען קאַזאַכן פון ווײַטע מקומות און געברענגט אייער און פוטער צעלאָזט אין פלעשער.

מײַן פרוי האָט אָנועקגעפירט אייער און פוטער קיין סאַראַטאָוו און פון דאָרט געבראַכט קאַרטאָפל, מעל און חי — געלעבט. איין פאַל וויל איך איבערגעבן פון אַל-גיי: איך קום אַרײַן צו אַן אַלטער פרוי דינגען אַ צימער, זי ווייסט שוין, אַז אַ „זשיד" געפינט זיך אין אַל-גיי. כאָטש דאָס וואָרט „זשיד" איז דעמאָלט דורכן געזעץ געווען פאַרבאָטן — אויף אַ ייִד האָט מען געזאָגט „יעווריי" — און זי גיט מיר אַ פרעג: „ביסט אַ זשיד?" איך — „יאָ". זי: „איר האָט אַן אייגן לאַנד?" זע איך דאָך מיט וועמען איך האָב צו טאָן, זאָג איך — „יאָ". זי: „ווי הייסט דאָס לאַנד, ,זשידאָוויאַ'?" איך: „יאָ". זי: „צערקווים זענען בײַ אײַך דאָ?" איך: „יאָ". זי: „אַ ,צאַר' האָט איר?" איך: „יאָ". „אַ רעוואָלוציע איז בײַ אײַך געווען?" איך: „ניין". זי: „אידיאָט, נאָך וואָס ביסטו דאָ אַהער געקומען? בײַ אונדז פאַר דער רעוואָלוציע זענען

געווען זשידעס, גוטע מענטשן, דער אַפּטייקער, דער דאָקטער זענען געווען זשידעס״.

און דאָס צימער האָט זי מיר נישט פאַרדונגען.

נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע חדשים אין אַל־גיי איז ס׳קינד קראַנק געוואָרן און דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז מען מוז טוישן דעם קלימאַט און אַז דאָס וואַסער פון אַל־גיי איז שעדלעך פאַר דער הויט פון קינד. מײַן פרוי איז מיטן קינד געפאָרן קיין סאַראַטאָוו, דורך באַקאַנטע באַקומען אַ צימער אין אַ פינצטערן קעלער, בײַ אַ ייִדישער פרוי. איך בין געפאָרן קיין סאַראַטאָוו און געפונען אַרבעט אין דער טאָג־צײַטונג „יוגאָ־וואָסטאָטשני ראַבאָטשי״. איך בין צוריק קיין אַל־גיי אָפּגעפאָרן זיך צו באַפרײַען פון דער אַרבעט. דאָס איז געווען אָנפאַנג אַפּריל 1937. ווען כ׳בין געקומען צו דער אַרבעט אין סאַראַטאָוו, האָט מען מיר דערקלערט, אַז מען האָט שוין צוגענומען אַ צווייטן אויף מײַן אָרט און אויף מײַנע טענות, אַז איך בין אַוועק פון אַן אַרבעט צוליב דעם וואָס איך בין דאָ אָנגעשטעלט געוואָרן אויף אַרבעט, האָט מען מיר פּשוט געזאָגט, אַז איך זאָל נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ און גיין.

איך האָב באַקומען אַרבעט אין דער סאַראַטאָווער דרוקערײַ. אין דער לופט האָט מען געפילט, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג. מען האָט אַרעס־טירט אַ לאָדזשער יונגנמאַן אין דער טישלערײַ וווּ ער האָט געאַרבעט. דער פאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער טישלערײַ האָט אים „באַאַרבעט״ מיט אומ־שולדיקע פראַגעס: אַזוי ווי ער האָט געוווינט אין פּוילן האָט ער דאָך אַוודאי געלייענט טראָצקין. אַ נאַיִווער בחור, וועלנדיק באַווײַזן אַז ער איז נישט אַבי ווער, האָט ער געענטפערט, אַז יאָ. אויף דער פראַגע צי טראָצקי איז עפּעס אַ גוטער שרײַבער האָט דער בחור געענטפערט אַז ער איז נישט נאָר אַ גוטער שרײַבער נאָר אויך אַ גוטער רעדנער. דאָס איז געווען גענוג. מען האָט אים געמשפּט און פאַרמשפּט אויף דרײַ יאָר פאַרשיקונג. אין עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער אויף דער פאַרשיקונג נאָך אַ מאָל געמשפּט געוואָרן און באַקומען 25 יאָר לאַגער. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי אין סאַראַטאָוו.

עטלעכע ווילנער יונגעלייט האָבן פריַיוויליק זיך פאַרשריבן אין דער רויטער אַרמיי און געבעטן מען זאָל זיי שיקן אין ים־פלאָט. זיי זענען פאַר־משפט געוואָרן צום טויט פאַר שפּיאָנאַזש און זייערע זאַכן זענען צוריק־געשיקט געוואָרן אין די וווינונגען ווו זיי האָבן געוווינט.

אין מיטן מײַ האָב איך באַקומען אַן אַרויספאָדערונג זיך צושטעלן אויף אַ חודש דינסט אין דער רויטער אַרמיי. נישט־טויט נישט־לעבעדיק בין איך אַוועק אין „וואָיענקאָמאַט", זיך דערבעטן צום „קאָמיסאַר" און אים דער־ציילט מײַן יחוס, ווער איך בין, ווו איך בין שוין אַלץ געזעסן און פאַרוואָס. כ׳האָב געהאָפט אַז ער וועט נאָך דער „ווידוי" מיך הייסן אַהיימגיין. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן: אָבער דינען אין דער רויטער אַרמיי וועסטו דאָך גיין אויב מען וועט דיך רופן? איך האָב אַרויסגעשטאַמלט — „יאָ". מיט צוויי טעג שפּעטער האָב איך מיט אַ גרעסערער גרופּע רוסן אָפּמאַרשירט קיין טאַטישעווע, אַ 40 קילאָמעטער פון סאַראַטאָוו.

אַלץ וואָלט אַדורך בשלום ווען נישט מײַן „אַקצענט". אויף אַ לעקציע וועגן דער „סטאַלין־קאָנסטיטוציע" האָב איך באַקומען צו לייענען אַ פּאַראַ־גראַף פון דער קאָנסטיטוציע און דער לעקטאָר האָט דערפילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן ווו איך בין גע־בוירן און ווען איך בין געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ווען איך האָב אים געענטפערט, האָט ער זיך אַזש באַלעקט פאַר שמחה. באַלד אַוועק צום קאָמיסאַר פון פּאָלק און אים דערציילט וואָס פאַר אַ „העכט" ער האָט גע־כאַפּט. נאָכן אָוונטברויט האָט מען מיך אַרויסגערופן צום קאָמיסאַר פון פּאָלק. עס איז אויך דאָרט געווען דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק. איך האָב אַ ציטערנדיקער געזאָגט אַז פאַרן ווערן מאָביליזירט האָב איך אַלץ וועגן זיך דערציילט דעם קאָמיסאַר פון „וואָיענקאָמאַט". דערנאָך האָב איך איבער־געגעבן מײַן גאַנצע געשיכטע. מען האָט מיך געהייסן צוריקגיין אין קאַזאַר־מע. מער אויף קיין איבונגען האָט מען מיך נישט גערופן. איך בין גאַנצע טעג געלעגן אין וואַלד, געגאַנגען עסן יעדעס מאָל מיטן פּאָלק, און צום סוף, ווען דאָס פּאָלק האָט צוריק אָפּמאַרשירט קיין סאַראַטאָוו, האָב איך באַקומען אַ באַן־בילעט און בין אָפּגעפאָרן אַהיים.

אין מײַ האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן אין סאַראַטאָוו. די אַרעסטן זענען פֿאָרגעקומען מערסטנס בײַ נאַכט. דער „טשאָרני וואָראָן" (די שוואַרצע קראָ), אַ געפּאַנצערטער לאַסט־אויטאָ, אָן פֿענצטערס, ענלעך צו די לאַסט־אויטאָס מיט קראַטעס אין וועלכע די הינט־שלעגערס פֿירן די געכאַפּטע הינט, איז כּסדר אַרומגעפֿאָרן אין די נעכט און געפֿירט די אַרעסטירטע פֿון זייערע היימען אין די תּפֿיסות אַרײַן.

אויף די פּנימער פֿון די מענטשן האָט זיך צעלייגט אַ טרויער, אַ מורא. מען האָט אויפֿגעהערט צו רעדן מיט אייגענע און באַקאַנטע.

יעדן טאָג האָט מען געזען אַדורכפֿאָרן עשאַלאָנען מיט אַרעסטירטע דורך סאַראַטאָוו.

מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערנסטער. דערווײַל האָט מען אַרעסטירט אַלטע באָלשעוויקעס, פּאַרטייערס וואָס האָבן ווען עס איז זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער ליניע פֿון דער פּאַרטיי אָדער זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען. פּאַרטייערס וואָס מען האָט ווען עס איז געשיקט אויף אַרבעט אין דאָרף בעת דער קאָלעקטיוויזאַציע, אָדער געשיקט אויף אַרבעט אין אַנדערע געגנטן אין לאַנד און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופֿירן דעם באַפֿעל פֿון דער פּאַרטיי.

מען האָט אויך אַרעסטירט פּאַרטייערס וואָס מען האָט זיי געשיקט קיין אויסלאַנד אויף פֿאַרשידענע אַרבעטן; געוועזענע סאָלדאַטן וואָס זענען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרײַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט און אויך מלחמה־געפֿאַנגענע פֿון פֿאַרשידענע לענדער וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צוריקצופֿאָרן אין זייערע היימען, נאָך דעם ווי זיי האָבן אָנטייל גענומען אין בירגער־קריג אויף דער זײַט פֿון די באָלשעוויקעס און געבליבן אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד; אַלע וואָס האָבן געשריבן און דערהאַלטן בריוו פֿון קרובֿים אין אויסלאַנד און אַנדערע.

אין מאָסקווע זענען פֿאָרגעקומען די פּראָצעסן פֿון די פֿירערס פֿון דער אַזוי גערופֿענער „אָפּאָזיציע" און די „באַשולדיקטע" האָבן זיך „מודה געווען".

אין יענער צײַט האָט סטאַלין געהאַלטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט: „די קאַפּיטאַליסטישע לענדער שיקן שפּיאָנען איינער צום צווייטן, טויזנטער שפּיאָנען פון ענגלאַנד, פראַנקרײַך און אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געפינען זיך אין אַמעריקע. אַמעריקע האָט אירע שפּיאָנען אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד. קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן וויפל שפּיאָנען עס זענען אַרײַנגעשיקט געוואָרן דורך די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד". (דאָס איז אַ טייל פון סטאַלינס אַ רעדע, געהאַלטן אין די ערשטע חדשים פון 1937).

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז אונדזער גורל איז אַ געחתמעטער. מײַן פרוי האָט דאָס מאָל מיך געצוואונגען בעטן, אַז איך זאָל אַוועק פון סאַראַטאָוו און זיך פרוּוון ראַטעווען. איך בין שוין געווען מיד פון לויפן פון אָרט צו אָרט און באַשלאָסן — וואָס עס וועט זײַן מיט אַלע, וועט זײַן מיט מיר.

אין סאַראַטאָוו האָבן געוווינט ביז אַ הונדערט ייִדן פון די אַזוי גערופענע „אַריבערלויפערס". זיי זענען פון פאַרשידענע בויזנגען געקומען קיין סאַראַטאָוו און באַשלאָסן דאָ אויפצובויען זייערע היימען.

סאַראַטאָוו איז אַן אַלטע שטאָט מיט אַן אוניווערסיטעט. זי איז אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון בערג. די וואָלגע פליסט דורך דורך סאַראַטאָוו. דער קלימאַט איז אַ ביסל ענלעך צום קלימאַט אין לאָדזש.

אין 1937 האָבן זיך אין די מלוכה־מאַגאַזינען באַוויזן פּראָדוקטן. דער „קאַלכאָזנער מאַרק" איז געווען פול מיט פּראָדוקטן.

סאַראַטאָוו האָט פאַרמאָגט עטלעכע קינאָס, אַן אָפּערע, אַ דראַמאַטיש טעאַטער, אַ צירק, אַ קינדער־טעאַטער און ווער עס האָט געוואָלט גיין פאַרברענגען און געהאַט אַ פּאָר רובל האָט עס געקאָנט טאָן לויט זײַן געשמאַק.

מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער. קיינער איז נישט געווען זיכער אַז ער וועט רויִק אַדורכשלאָפן די נאַכט. מען האָט אַרעסטירט פאַרן דערציילן אַ וויץ, פאַר זאָגן אַז עס פעלן הויזן, אָדער אַז פלייש אויפן „קאַלכאָזנער מאַרק" איז צו טײַער. אין דער שנײַדער־פאַבריק וווּ מײַן שוועגערין האָט געאַרבעט, האָט אַן אַלטער שנײַדער פון איבער די זיבעציק, אַ ייִד אַ

וויצלער געגעבן אַ זאָג: „מען דאַרף סטאַלינס בילד אויפהענגען נענטער צום אויוון, ווען אים זײַן וואַרעמער". עמיצער האָט עס צוגעטראָגן ווו מען דאַרף און דער ייִד איז אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אויף צען יאָר אַרבעטס־לאַגער.

אין דער דרוקערײַ ווו איך האָב געאַרבעט איז דער ערשטער קרבן געווען אַ רוסישער זעצער וואָס האָט בעתן אויסבעסערן דעם זאַץ אין אַ בראָשור, „וועגן 20 יאָר רויטע אַרמיי", נישט אַרײַנגעשטעלט אויפן ריכטיקן פּלאַץ אַן אות. מען האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז אַ מאָל געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. עטלעכע פון זײַנע חברים פון דער דרוקערײַ האָבן קעגן אים עדות געזאָגט און ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר לאַגער.

דער צווייטער קרבן איז געווען אַ ייִדישער יונגערמאַן, אַ געבוירענער אין רוסלאַנד. זײַן חטא איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט געאַרבעט אויף „קאַ.ווע.זשע.דע." דאָס איז די באַן־ליניע מאָסקווע — וולאַדיוואָסטאָק וואָס האָט דורכגעשניטן די טעריטאָריע פון מאַנדזשוריע וואָס איז דעמאָלט גע־ווען אָקופּירט דורך יאַפּאַן. ער איז פאַרשוווּנדן אָן שפּורן.

דער דריטער קרבן איז געווען דער דאָקטער פון דער דרוקערײַ, אַניטש־קין, אַן אַלטער באַלשעוויק. וועגן אים וויל איך דערציילן בקיצור.

אַניטשקין איז זײַן אמתער נאָמען. ער איז געווען אַ קליין מענטשל, אונטערגעהינקט אויף אַ פוס און דערצו איז ער געווען טויב. ער האָט גע־זאָגט אַז ער איז אַ רוס, כאָטש אויסגעזען האָט ער ווי אַ טיפּישער ייִד. די פרוי זײַנע איז געווען אַ ייִדישע, זי איז געווען די קאָרעקטאָרשע און איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן געדרוקטן וואָרט וואָס איז אַרויס פון דער דרוקערײַ. זיי האָבן געהאַט דרײַ קינדער: אַ זון פון 16 יאָר, אַ מיידל פון 12 יאָר און נאָך אַ קלענער ייִנגל.

די אַניטשקינאַ איז געווען אַ העכסט־געבילדעטע פרוי, געענדיקט אוני־ווערסיטעט, געווען אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, אַ שטאָלצע, צו קיינעם נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט און מיט מיר אַפילו זיך נישט געגריסט.

אַניטשקין, אַן אָפּשטאַמיקער פון אוקראַיִנע, האָט אָנטייל גענומען אין בירגער־קריג אויף דער זײַט פון די באָלשעוויקעס, איז אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די „מאַכנאָווצעס".

מ׳האָט אים געפּייניקט, אים אונטערגעהאַקט אַ פוס און טויב געמאַכט און אים פאַרמשפּט צום טויט.

דער אָפיציר וואָס האָט אים געפירט שיסן האָט פּלוצלינג אים אָנגע־רופן בײַם נאָמען און געזאָגט: „איך בין דײַן חבר, מיר זענען ביידע געגאַנ־גען אין איין גימנאַזיע, דו דערקענסט דאָך מיך. איך וועל עטלעכע מאָל אויסשיסן אין דער לופטן און דו אַנטלויף אין אָט דער ריכטונג״. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. אַ צעווייטיקטער, מיט צעקלאַפּטע פיס, איז אים געלונגען צו אַנטלויפן צו דער רויטער אַרמיי.

ער ווערט אָפּערירט אין אַ שפּיטאָל, דערנאָך אין אַ סאַנאַטאָריע און ווערט געהיילט פון די בעסטע דאָקטוירים. ער ווערט באַפרײַנדעט מיט לענינס פרוי, די קרופּסקאַיאַ. ער ווערט אויסגעהיילט. שטײַגט וואָס אַ מאָל העכער אויף דער לייטער פון דער סאָוויעטישער היעראַרכיע.

צוליב זײַן טויבקייט, נישט האָבנדיק אויך קיין רעדנער־טאַלאַנט און צוליב זײַן ערלעכקייט, האָט ער הויך נישט געשטיגן. ער איז געוואָרן דירעק־טאָר פון דער סאַראַטאָווער דרוקערײַ אין וועלכער עס זענען געווען באַ־שעפטיקט עטלעכע הונדערט מאַן.

נישט יעדער אין סאָויעטן־פאַרבאַנד קאָן ווערן אַ דירעקטאָר פון אַ דרוקערײַ. מען מוז האָבן פּאַרטיי־ אָדער נקוו״ד־סטאַזש.

ווען די קאָנטררעוואָלוציאָנערע באַנדעס פון כּל־המינים זענען ליק־ווידירט געוואָרן, איז זײַן פרײַנד דער „מאַכנאָוויעץ״ אַרײַנגעפאַלן אַ לעבע־דיקער אין די הענט פון דער „טשעקאַ״ און פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דורך אונטערוועגן האָט זיך אַניטשקין דערוווּסט, אַז זײַן רעטער איז פאַר־משפּט צום טויט. אַניטשקין „פּאַרקאַטשעט די אַרבל״, ווענדט זיך דירעקט צו דער קרופּסקאַיאַ און זײַן פרײַנד ווערט באַפרײַט.

אַניטשקין איז באַשולדיקט געוואָרן אַז ער איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַלס „שפּיאָן״ דורך זײַן פרײַנד וועלכער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַן אויסלענדישער שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע. ער זאָל האָבן צוגעשטעלט צו זײַן געוועזענעם פרײַנד געהיימע דאָקומענטן און בכלל זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש־אַרבעט אין סאַראַטאָוו. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו 25 יאָר לאַגער אָן רעכט זיך איבערצושרײַבן מיט דער פאַמיליע.

אין 1943 האָב איך געטראָפֿן די אַניטשקינאַ אין גאַס, אַן אויסגע־בלייכטע, אַן אויסגעדאַרטע און אָפּגעריסענע. ביי דער האַנט האָט זי געפירט איר יונגן זון. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי מיר דערציילט אַז זי אַרבעט ווייטער אין דער דרוקערייַ אַלס קאָרעקטאָר, כאָטש מען האָט זי אויסגע־שלאָסן פון דער פּאַרטיי. אין דער דרוקערייַ איז נישטאָ וואָס צו גנבענען. אַנדערע נעמען עטלעכע בויגנס פּאַפּיר און פאַרקויפן זיי. זי טוט דאָס נישט, זי האָט מורא. און ווען איך האָב איר געגעבן מיין אַדרעס און איר געזאָגט, אַז זי זאָל קומען אָפּעסן, האָט זי אין מיטן גאַס געכאַפּט מיין האַנט און זי גענומען קושן און געמורמלט: „אַ דאַנק, איך וועל קומען, עס וועט שוין סיי ווי סיי נישט העלפן — איך האָב שוין דעם לעצטן סטאַדיום טובערקולאָז".

זי איז געקומען צו אונדז עטלעכע מאָל. מיר האָבן איר מיטן יינגל געגעבן אָפּצועסן און מיטגעגעבן אַ ביסל קאַרטאָפל אַהיים. זי האָט געוויינט און מיר דערציילט, אַז די טאָכטער שלעפּט זיך אַרום איבערן לאַנד און העלפט זיי קיין מאָל נישט. זי וויל אַפילו נישט וויסן ווי אַזוי זיי לעבן. דער זון איז אויפן פראָנט. ער האָט שוין עטלעכע אויסצייכענונגען פאַר העלדישקייט. ער רייסט זיך אויף די געפערלעכסטע פּאָזיציעס און אויפן האַלדז טראָגט ער אַ בריוו אַז זיין פאָטער איז אומשולדיק איינגעזעצט גע־וואָרן אין אַ לאַגער. ער איז שוין צוויי מאָל געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט און יעדעס מאָל האָט מען אויף זיין ברוסט געפונען אַ בריוו צו סטאַלינען וועגן פאָטערס אומשולד. ער האָט געקראָגן די העכסטע אויסצייכענונגען, אויך „העלד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד". אָבער דער פאָטער איז געבליבן אין לאַגער.

די אַניטשקינאַ האָט אויפגעהערט קומען צו אונדז. איך בין זי געגאַנגען זוכן און שכנים האָבן מיר דערציילט, אַז זי איז איינגעשלאָפן אויף איר געלעגער און דאָס יינגל איז צוגענומען געוואָרן אין אַ קינדער־היים.

אַ ביסל שפּעטער איז אַניטשקין באַפרייט געוואָרן. זעט אויס, אַז זיין זונס העלדישקייט און זיין איינשטעלן זיך פאַר זיין פאָטער האָט געווירקט. ער איז געקומען קיין סאַראַטאָוו, צוגענומען זיין יינגסטן זון פון דער קינדער־היים און פאַרשווונדן...

## שטיינבערג

אפשר פּאַסט די געשיכטע דאָ נישט אַרײַן. דאָס איז אַ געשיכטע וואָס ווײַזט אַז דער סאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין געלינגט צו דערציִען דעם יונגן דור אין גײַסט פון קאָמוניזם, דאָס הייסט: צו פאַרראַטן די עלטערן, די נאָענטסטע, כאָטש אין פאַל אַניטשקין איז דער סאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין נישט געלונגען „איבערצודערציִען" דעם יונגן אַניטשקין. עס האָט נישט אָנגענומען די לערע וואָס ער האָט באַקומען אַלס „פּיאָנער", אין „קאָמסאָמאָל" און אין שולע אַז מען דאַרף זיך מקריב זײַן און אויך מקריב זײַן אַלע נאָענטע פאַר די פירערס פון דער פּאַרטיי און פאַר סטאַלינען. דער עיקר: מסכּים צו זײַן צו אַלעם וואָס די נקוו"ד טוט, ווײַל די נקוו"ד ווייסט אַלץ בעסער און קיין אומשולדיקע ווערט זי נישט פאַרמשפּטן. אין פאַל שטיינבערג האָט די לערע פון „פּיאָנער" און „קאָמסאָמאָל" יאָ אָנגענומען...

די פרוי שטיינבערג איז געווען אַ געבוירענע אין קאָוונע. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי צוזאַמען מיט אירע עלטערן און אַ ייִנגערער שוועסטער פאַרטריבן געוואָרן קיין מיטל־אַזיע, טאַשקענט. די פאַמיליע האָט באַשלאָסן צו בלײַבן אין טאַשקענט און געקויפט עטלעכע האַנטזאָקן־מאַשינען און גענומען אויסאַרבעטן זאָקן.

שטיינבערג, אַ יונגערמאַן פון ביאַליסטאָק, אַ סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי, באַשליסט צו פאַרבלײַבן אין רוסלאַנד, קומט קיין טאַשקענט.

באַקענט זיך מיטן קאָוונער מיידל. זיי האָבן חתונה און עס ווערן געבוירן צוויי ייִנגלעך.

אין 1925 באַשליסט די פאַמיליע שטיינבערג אויסצוּוואַנדערן קיין מעקסיקע. שטיינבערג פאָרט צום ערשט און די פרוי דאַרף אויספאַרקויפן „האָב און גוטס" און מיט די צוויי קינדער אים נאָכפאָרן. ווען די פרוי שטיינבערג האָט שוין געהאַט אַלץ אויספאַרקויפט און געוועזן גרייט אַרויס־צופאָרן, ווערט דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד הערמעטיש פאַרמאַכט און זי מיט אירע צוויי קינדער בלײַבן אין טאַשקענט. שפּעטער פאָרט די גאַנצע פאַ־מיליע אַריבער קיין סאַראַטאָוו. דאָרט באַקומט זי צוויי צימערלעך אין אַ נאַסן, קאַלטן קעלער. זי הייבט אָן אַרבעטן אין אַ טאַרטאַק, שלעפּט די טאַטש־קעס מיט זעגעכץ אַוועק פון די זעגן, נעמט יעדן טאָג אַהיים אַ בינטל האָלץ צו באַהייצן דעם אויוון און פון צײַט צו צײַט צו פאַרקויפן אויפן מאַרק.

די ייִנגלעך וואַקסן, גייען אין שולע, טרעטן אַרײַן אין „פּיאָנער". דער עלטסטער אין „קאָמסאָמאָל". דעם לעצטן ביסן גיט זי אַוועק די קינדער. די ייִנגלעך לייקענען אַז זיי האָבן אַ לעבעדיקן פאָטער...

שטיינבערג האָט אין מעקסיקע אַלץ געטאָן אַרויסצונעמען אַהינצו זײַן פרוי און קינדער און עס געלינגט אים נישט.

ער פאָרט צוריק קיין ביאַליסטאָק, דאָרט ווערט ער אַרעסטירט אַלס רוסישער שפּיאָן און מען זעצט אים אײַן אין תּפיסה. עס קומט פאָר אַ פּראָצעס און ער ווערט באַפרײַט. ער איז געצוווּנגען איבערצורײַסן יעדע פאַרבינדונג מיט זײַן פאַמיליע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער ווייס שוין אַז דאָס קאָן זיי שאָדן ברענגען.

ווען ביאַליסטאָק ווערט אין 1939 אַ סאָוויעטישע שטאָט, הייבט ער אָן צו „באָמבאַרדירן" זײַן פאַמיליע מיט בריוו און פּעקלעך. די קינדער ווערן מיט אַ מאָל אויפגערעכט; טאָג־אײַן טאָג־אויס קומען פּעקלעך פון עפּעס דאָרט אַ פעטער. זיי ווייסן גאַנץ גוט אַז דאָס איז זייער פאָטער און זיי זאָגן אָן דער מוטער, אַז זי טאָר קיין מאָל נישט גיין ווױנען מיט איר מאַן, זייער פאָטער, ווײַל דאָס קאָן זיי שאַטן אין זייער קאַריערע.

שטיינבערג קומט ענדלעך קיין סאַראַטאָוו צו זײַן פֿאַמיליע. די זין נעמען צו בײַ אים יעדע זאַך וואָס האָט פֿאַר זיי אַ ווערט און נאָך אין דער זעלבער נאַכט יאָגן זיי אים אַרויס פֿון הויז.

ער פֿאָרט אַוועק קיין סטאַלינגראַד און איז, זעט אויס, דאָרט אומגעקומען. די פֿרוי שטיינבערג איז פֿאַר צרות פּאַראַליזירט געוואָרן און אין קורצן איז זי געשטאָרבן.

בײַ די קינדער פֿון די שטיינבערגס האָט די לערע פֿון דער פּאַרטיי זיך יאָ אָנגענומען...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די אַריבערגעקומענע. פֿון צווישן די ערשטע איז אַרעסטירט געוואָרן מײַן פֿרויס שוואָגער, וועלכער האָט זיך געפֿונען עטלעכע חדשים אין סאַראַטאָוו. פֿאַרן פֿאַרלאָזן „זלאָטאַ־סטראָי", אַ נײַ בוי, נישט ווײַט פֿון זלאָטאָוסט, אוראַל, האָט ער דערציילט וווהין ער פֿאָרט. מײַן פֿרויס ברודער איז אַרעסטירט געוואָרן און אויף דער צווייטער וואָך נאָכן אַרעסט האָט זײַן פֿרוי, אַ ייִדיש מיידל פֿון סאַראַטאָוו, אים אַרײַנגעשיקט אַ גט אין דער תּפֿיסה.

עס איז נישט אַוועק אַ נאַכט אַז אַ באַקאַנטער זאָל נישט אַרעסטירט ווערן.

עס זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות פֿון „טרובסטראָי" און אַנדערע שטעט ווו עס האָבן געוווינט די אַריבערלויפֿערס, אַז עס איז אויף די ערטער פֿאָרגעקומען אַ „פּאָגראָם": אין איין נאַכט זענען אַרעסטירט געוואָרן הונדערטער מענער, פֿרויען און קינדער. די נקוו"ד האָט זיך צו די אַרעסטירטע באַצויגן ברוטאַל. זיי געשלאָגן מיט די קאָלבעס פֿון די ביקסן.

עטלעכע פֿרויען מיט זויג־קינדער און שוואַנגערע פֿרויען אין די הויכע חדשים זענען נישט אַרעסטירט געוואָרן, נאָר זיי האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן די ווין־ערטער און אַוועק :אָפּריכטן גלות" אין די קליינע שטעטלעך. אין סאַראַטאָוו זענען דערווײַל קיין פֿרויען מיט קינדער נישט אַרעסטירט געוואָרן.

עס האָבן אָנגעהויבן אויספעלן פּראָדוקטן אין די מלוכה־מאַגאַזינען, ווײַל טויזנטער און טויזנטער אַרבעטערס, פויערים און ספּעציאַליסטן אויף אַלע געביטן, זענען געוואָרן אַרעסטירט.

שולן און מאַגאַזינען זענען פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין טורמעס. מען האָט אַרײַנגעפּאַקט צו 500 מאַן און מער אין איין ריזיקן צימער.

עס האָט געאַרבעט: די „אָסאָבאָיע סאָוויעשטשאַניע" (ספּעציעלע באַ־ראַטונג), איר זיצאָרט איז געווען אין מאָסקווע און זי האָט געמשפּט אונטער די אויגן און פּאַרמשפּט צו 10 יאָר און מער. די נקוו"ד פון גאַנצן לאַנד האָט אַרײַנגעשיקט צו דער „אָסאָביע סאָוויעשטשאַניע" ליסטעס מיט נעמען און אין מאָסקווע האָט מען צוגעשריבן די „אורטיילן". אַ סך אַרעסטירטע האָט מען אַפילו קיין איין מאָל נישט געפּאָרשט, נאָר מען האָט זיי פון טורמע־קאַמער גלײַך געשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. ערשט אין לאַגער האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן דער גרויס פון זייער אורטייל.

עס האָט געאַרבעט די „אַרויספּאָר־סעסיע" פון העכסטן געריכט, מיט אולבריכטן בראש. זי האָט זיך פּאַרנומען מיט די „קאַרפּן־קעפּ", וועלכע זענען אַרײַנגעפאַלן אין אומחן בײַ סטאַלינען און ליקווידירט געוואָרן דורך יעזשאָוון. די „אַרויספּאָר־סעסיע" האָט געמשפּט די אַלטע באָלשעוויקעס, די העכערע פּאַרטיי־טוערס, ווירטשאַפטס־טוערס, אינטעלעקטואַלן און גע־וועזענע נקוו"דניקעס. זיי זענען מערדערלעך געפּײַניקט געוואָרן און גע־צוווּנגען געוואָרן אונטערצושרײַבן אויסגעטראַכטע ווידויס, ווי אויך עדות צו זאָגן אײנער קעגן אַנדערן. זיי זענען דורך דער „אַרויספּאָר־סעסיע" פון העכסטן געריכט על־פּי רוב פּאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. מערסטנס, אַלטע באָלשעוויקעס און פּאַרטיי־טוערס זענען דערשאָסן געוואָרן. אַ טייל זענען נאָכן אָפּזיצן אין טויטן־קאַמער צו 6־7 חדשים באַגנעדיקט געוואָרן און באַקומען צו 25 יאָר. חוץ דעם האָט מען געדאַרפט האָבן מזל, אַז דער טורמע־נאַטשאַלניק זאָל זיך נישט פּאַרוועלן „אַ שפּיל טאָן" און וועלן ווערן אַ „שלאָגער" און דערשיסן דעם פּאַרמשפּטן.

אַ „ספּעציעלער געריכט" האָט אויך געאַרבעט ווו מען האָט געדאַרפט צושטעלן עדות און דער באַשולדיקטער האָט געמעגט צושטעלן עדות, נאָר דער אורטייל איז דיקטירט געוואָרן דורך דער נקוו"ד.

אַ מיליטערישער טריבונאַל האָט געמשפּט מיליטער־לײַט פאַר קלענערע עבירות. צווישן די עבירות: דער רעקרוט האָט דערקלערט, אַז ער איז אַ זון פון אַ „ביעדניאַק" (אָרעמער פויער) און מען האָט אויסגעפונען אַז ער איז אַ זון פון אַ „סרעדניאַק" (מיטעלער פויער). דאָס איז געווען גענוג גע־שטעלט צו ווערן פאַרן „מיליטערישן טריבונאַל" און פאַרמשפּט צו ווערן אויף 25 יאָר לאַגער. דער באַשולדיקטער האָט געקאָנט נעמען אַ פּאַרטיי־דיקער, רופן עדות און אַפּעלירן צו אַ העכערן טריבונאַל.

חוץ דעם האָט עקזיסטירט אַ העכערער מיליטערישער געריכט. ער האָט געמשפּט שפּיאָנען, דיווערסאַנטן, פאַררעטערס און אַנדערע. אין מער ווי 99 פּראָצענט זענען עס געווען אומשולדיקע מענטשן, וואָס מען האָט זיי חושד געווען אין אָפּאָזיציע־נטיות. די געריכטן האָבן געאַרבעט אָן אַ פּאַרטיידיקער און אײדער דאָס געריכט האָט זיך אָנגעהויבן איז דער אורטייל שוין געווען גרייט: טויט!

חוץ דעם האָבן געאַרבעט „טראָיקעס" (דרײַ מאַן): דער נאַטשאַלניק פון דער נקוו"ד, דער אַזוי גערופענער באַשולדיקער און דער אויספאָרשער. זייערע אורטיילן זענען געווען: פון 10 יאָר ביז טויטשטראָף.

די לאַגע אין לאַנד איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

סאַראַטאָוו האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ חורבן. ס'האָבן אויסגעפעלט פּראָ־דוקטן. פאַר די קראָמען האָבן זיך ווידער געשאַפן רייען. קאַרטאָפל זענען געטיילט געוואָרן אין ספּעציעלע ערטער, אין די גרויסע פאַבריקן.

טאָג און נאַכט ציִען אַוועק טראַנספּאָרטן מיט פאַרמשפּטע. עס איז אויף אַן אמת אַ „קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט". פון העכסטן מלוכה־דיגניטאַר ביזן היטער פון אַ פאַבריק איז קיינער נישט זיכער, אַז מען וועט נישט קומען בײַ נאַכט און אים נעמען אַהין פון וואַנען מען קומט נישט צוריק.

עס זענען שוין אַרעסטירט און פאַרשיקט, אָדער דערשאָסן געוואָרן, אַלע „אַלטע באָלשעוויקעס"; אַלע מיטגלידער פון „אָבקאָם" פון דער פּאַר־טיי; די מיטגלידער פון „אָבלאַסטפּאָלקאָם" (אויספיר־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי); די שטאָט־ און ראַיאָן־פּאַרוואַלטונגען; אַלע וואָס האָבן באַקומען בריוו פון אויסלאַנד; אַלע וואָס זענען ווען עס איז געווען אויף „קאָמאַנדי־ראָווקעס" אין אויסלאַנד, געשיקט דורך דער פּאַרטיי; אַלע קריגס־געפאַנגענע

וואָס זענען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרײַנגעפאַלן צום שונא אין געפאַנגענשאַפט און צוריקגעקומען אַהיים. אויך דער רוב פון די וואָס זענען געקומען נאָך דער רעוואָלוציע העלפן „בויען סאָציאַליזם", זענען אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער אָדער דערשאָסן געוואָרן אין די קעלערן פון דער נקוו"ד.

עס זענען אַרעסטירט געוואָרן מענטשן פאַר דערציילן אַ וויץ וועגן די מושלים. עס איז גענוג געווען צוצוטראָגן דער נקוו"ד, אַז דער אָדער יענער האָט געזאָגט אַז הויזן זענען טײַער, אָדער אַז עס פעלן שוועבעלעך, אַז מען זאָל אַרעסטירט און פאַרשיקט ווערן אויף צען יאָר, אָן אַ משפט.

די אַריבערלויפערס פון 1932סטן יאָר, פון גאַנץ אייראָפּע, אַרום 100.000 מאַן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין מאַגניטאָגאָרסק, זלאַטאָוסט, ניזשני טאַגיל, „טרובסטראָי" און אַנדערע ערטער אויף אוראַל און איבערן לאַנד, זענען פאַרשיקט אָדער דערשאָסן געוואָרן. פרויען אָן קינדער זענען אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די מענער. אין אַ סך פאַלן זענען די קינדער צוגענומען געוואָרן און די מוטערס האָט מען פאַרשיקט.

טאָג־איין, טאָג־אויס זענען די צײַטונגען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין שפּיץ מיט דער „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ", געווען פול מיט בלוטדורשטיקע העצערײַען קעגן די שפּיאָנען, דיווערסאַנטן, שעדיקערס און שונאים פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד וואָס ווערן אויסגעראָטן מיט אַן אײַזערנער האַנט פון יעזשאָוון, דעם ליבלינג פון גרויסן פירער פון זיג־צו־זיג, דעם חבר סטאַלין.

„דער עמעס" און די אַנדערע צײַטונגען מיט יידישע אותיות שטייען נישט אָפּ פון גאַנצן געזעמל. יעדן טאָג ווערן געדרוקט מעשׂיות וועגן יידישע שפּיאָנען, שעדיקערס, ספּעקולאַנטן וואָס זענען געשיקט געוואָרן דורך פאַרשידענע שפּיאָנאַזש־אַגענטורן אין אויסלאַנד כּדי חרוב צו מאַכן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אומצוברענגען די פירערס פון דער פּאַרטיי און דער רעגירונג. אָט באַשרײַבט דוד זאַסלאַווסקי ווי צוויי יידן אין אַ באַן האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו אַ רויטאַרמייער און געפּרוווט פון אים אַרויסבאַקומען סודות וועגן דער רויטער אַרמיי. דער רויטאַרמייער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אויספילנדיק חבר סטאַלינס אָנווײַזונגען צו זײַן וואַכזאַם און אַרעס־

טירט די צוויי ייִדן. עס האָט זיך „אַרויסגעוויזן“, אַז די ייִדן זענען צוויי דײַטשע שפּיאָנען און זיי האָבן באַקומען זייער שטראָף...

איך און אַלטבוים — מיר זענען ביידע געקומען פון אַראַמיל קיין סאַראַטאָוו — זענען נאָך אויף דער פרײַ. אַלטבוים האָט זיך נישט דערוואַרט אויפן אַרעסט, געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע.

יעדע נאַכט וואַרט איך אויף אַ קלאַפּ אין טיר. בײַ יעדן שאָרך דאַכט זיך מיר אַז מען איז געקומען מיך נעמען.

מ׳האָט מורא צו רעדן צווישן זיך. אין סאַראַטאָוו זענען געבליבן עטלעכע פרויען מיט קינדער פון די פאַרשיקטע אַריבערלויפערס. איך האָב מיך גע־פילט שולדיק וואָס איך בין נאָך אויף דער פרײַ.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן סאַבאָטאַזש־אַקטן איבערן לאַנד, אויך אין סאַראַטאָוו.

אויפן „קרעקינג־זאַוואָד“ (נאַפט־ראַפינעריע) האָט אויפגעריסן אַ באָמבע און אָנגעמאַכט אַ גרויסן שאָדן מיט מענטשלעכע קרבנות. אַ שיף מיט נאַפט־ראָפּע איז אויפגעריסן געוואָרן אויף דער וואָלגע לעבן די ברעגעס פון סאַראַטאָוו. אַ פאַבריק פון „קאָרמע“ (עסן) פאַר בהמות איז אויפגעריסן געוואָרן.

נאָך יעדן סאַבאָטאַזש־אַקט זענען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן און הונ־דערטער אומשולדיקע מענטשן זענען פאַרפײַניקט געוואָרן צום טויט אין די קעלערן פון דער נקוו״ד.

אין דער צײַט ווען פון יעדער משפּחה איז איינער, אָדער מער ווי איינער געווען אַרעסטירט, ווען מיליאָנען האָבן געוואַרט אַרעסטירט צו ווערן, זענען פאָרגעקומען וואַלן צום העכסטן סאָוויעט. סטראָמין, דער נאַטשאַלניק פון דער נקוו״ד, דער אויסגעפּרוּווטער באָלשעוויק, וואָס צוזאַמען מיט יעזשאָוון ראָטן זיי אויס, לויט די אָנווײַזונגען פון פירער פון די פעלקער, דעם חבר סטאַלין, די שׂונאים פון פאָלק, שפּיאָנען, דיווערסאַנטן, שעדיקערס און אַנדערע, איז איינשטימיק ווידער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט פון העכסטן סאָוויעט פון סאַראַטאָווער געגנט.

אין די פאַבריקן איבערן לאַנד לערנט מען די סטאַלין־קאָנסטיטוציע. מען באַווײַזט אַז די ריכטיקע גערעכטיקייט און די גרעסטע פרײַהייט הערשט

אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. אויף דער ראַדיאָ הערט מען כּסדר דאָס ליד: „שיראָ־קאָ סטראַנאַ מאַיאַ ראָדנאַיאַ״ (ברייט ביסטו מײַן פֿאָטערלאַנד, נישטאָ נאָך אַזאַ לאַנד, ווו דער מענטש אָטעמט אַזוי פֿרײַ).

אין דער פּרעסע, ראַדיאָ און אויף פּלאַקאַטן הערט מען און מען זעט סטאַלינס זאָג: „זשיט סטאַלאָ לוטשע, זשיט סטאַלאָ וויעסעלעיע, טאָוואַריש־טשי״ (ס׳איז געוואָרן בעסער צו לעבן, ס׳איז געוואָרן פֿריילעכער צו לעבן, חברים...).

אין די דערפֿער זענען מאָביליזירט געוואָרן 16־17־יאָריקע ייִנגלעך און מיידלעך. מען האָט זיי געבראַכט אין די גרויסע שטעט און זיי אײַנגעאָרדנט אין די „פֿע.זע.אוס״ (פֿאַכשולן בײַ די פֿאַבריקן). פֿאַר נישט קומען צו דער צײַט אויף דער אַרבעט, אָדער פֿאַר נישט אויפֿמערקזאַם זײַן בײַ דער אַר־בעט, איז מען געמשפּט געוואָרן און באַקומען אַן אורטייל פֿון 6 חדשים צוואַנגס־אַרבעט. אַ יונג מיידל האָט נאָכן אויסהערן דעם אורטייל אויסגע־שריגן: „זשיט סטאַלאָ לוטשע, זשיט סטאַלאָ וויעסעלעיע, טאָוואַרישטשי״. דאָס געריכט האָט אויפֿן אָרט איבערקוואַליפֿיצירט די „סטאַטיאַ״ און זי איז געמשפּט געוואָרן לויט דער „סטאַטיאַ״ 58, פּונקט 10 (קאָנטררעוואָלו־ציאָנערע אַגיטאַציע) און באַקומען 10 יאָר לאַגער.

כ׳אַרבעט 18 שעה אין מעת־לעת. ס׳איז אַ מין וואַל־אַרבעט, מען לויבט סטראָמינען, דעם איינציקן קאַנדידאַט צום העכסטן סאָוויעט, מ׳דרוקט זײַנע בילדער אין פֿאַרשידענע פּאָזעס. כ׳מוז קומען אויך בײַ נאַכט, אַכטונג געבן אַז ס׳בילד פֿון סטראָמין זאָל חס־ושלום נישט האָבן קיין פֿלעקל, נישט זײַן צו טונקל און נישט צו העל. איך און דער דרוקער ציטערן. מיר קוקן זיך אָן און מיר פֿאַרשטייען זיך.

יעדע וואָך גייען מיר, אַ גרופּע זעצערס, כאַפּן אַ „טרונק״. מ׳קויפֿט ביר, וואָדקאַ, זויערע אוגערקעס, מיר געפֿינען ערגעץ אַ ליידיק אָרט און טרינקען זיך אָן.

סטעפּאַנאָוו, אַן אַלטער באַלשעוויק, וואָס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער פּאַרטיי פֿאַר אָפּזאָגן זיך צו פֿאָרן העלפֿן דורכפֿירן די קאָלעקטיווי־

זאַציע, קלאַפּט זיך אין האַרץ און וויינט, אַז ער איז ווײַטער אַ באָלשעוויק, אַז ער איז געווען יונג און נישט פאַרשטאַנען די גרויסקייט פון חבר סטאַ־לינס אויפטועו פאַרן ווילזײַן פון רוסישן פאָלק. ער איז אומשולדיק. ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן, האָט די נקוו״ד אים „געגעבן צו פאַרשטיין", אַז ער איז שולדיק...

אַ מאָדנע זאַך איז געשען אין סאַראַטאָוו: אַלע העפטן צו שרײַבן זענען צעכאַפּט געוואָרן. די טאָוולען פון די העפטן זענען געווען מיט בילדער. איין בילד האָט געוויזן ווי סוואָראָוו פירט אַן אַרמיי איבער די אַלפּן. ס׳בילד איז געמאָלט געוואָרן פון אַ באַרימטן רוסישן מאָלער מיט אַ 40־50 יאָר צוריק. אַז מען האָט אויסגעדרייט דאָס בילד מיט קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף, האָט מען געזען טראָצקין מיטן בערדל. די דרוקערײַ האָט נישט באַוויזן צו דרוקן אַזוי פיל טאָוולען וויפל דער מאַרק האָט פאַרלאַנגט.

עס איז דערגאַנגען צו דער נקוו״ד. דאָס דרוקן איז תיכּף אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַלע אָפּגעדרוקטע העפטן זענען קאָנפיסקירט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן זענען די טאָוולען פון די העפטן געווען אָן בילדער. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ס׳איז „לא דובים ולא יער", כאָטש טויזנטער מענטשן האָבן געזען, איך צווישן זיי, טראָצקיס בילד. אָן אײַנרעדעניש... קיין אַרעסטן זענען נישט פאָרגעקומען.

סוף דעצעמבער האָט זיך פאַרשפּרייט אַן ידיעה, אַז דעם 1טן זונטיק אין יאַנואַר 1938 וועלן אין „קריטאָי רינאָק" (מיט אַ דאַך געדעקטער מאַרק) אויף טשאַפּאַיעווסקאַ־גאַס, פאַרקויפט ווערן כּלערליי פּראָדוקטן: קאָלכאָזני־קעס וועלן ברענגען פלייש, מילכיקס, עס וועט זײַן פון כּל־טוב און ביליק. די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט וועגן דעם.

מיר האָבן געוווינט דאָס צווייטע הויז פון באַזאַר. כ׳האָב שבת געאַר־בעט ביז 12 בײַ נאַכט. מײַן פרוי האָט זונטיק געמוזט וואַשן וועש, ווײַל זי האָט געאַרבעט 6 טעג אין דער וואָך און דאָס קינד איז געווען אין „יאַסלע". די וועש האָט מען געוואַשן מיט די הענט און געברענגט וואַסער האָט מען מיט „קאָראָמיסלעס", ווײַל ווינטער איז דער אַלגעמיינער קראַן אין הויז

פאַרפרוירן געוואָרן. מײַן פרוי האָט דווקא געוואָלט איך זאָל אויך גיין עפּעס קויפן. כ׳האָב איר צוגעזאָגט אַז אַרום 11 אַ זייגער וועל איך גיין און אײַנקויפן אַלץ וואָס עס וועט זײַן מעגלעך.

צען אַ זייגער פרי האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיקער אויפרײַס. די גאַס איז פאַרהילכט געוואָרן פון געוואַלדן. מיליץ און נקוו״ד האָבן אַרומגערינגלט די גאַס. די גיכע הילף האָט געאַרבעט ביז שפּעט בײַ נאַכט פירנדיק טויטע און פאַרוווּנדעטע. וויפל — וועט מען קיין מאָל נישט וויסן. דער אויפרײַס איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז שטיקער מענטשן־לײַב זענען געהאָנגען אויפן סופיט.

די שפּאַנונג איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט. דערנאָך איז פאָרגעקומען אַ שׂריפה אין דער געבײַדע פון נקוו״ד און עס איז פאַרברענט געוואָרן דער אַרכיוו.

די ווירטשאַפט אין לאַנד איז חרוב געוואָרן. די מענטשן זענען געוואָרן אַפּאַטיש. אַ טרויער האָט געהויערט אויפן רוסישן פאָלק.

קיין מאָל אין דער געשיכטע פון די רוסישע צאַרן זענען אַזעלכע פאַרברעכנס נישט באַגאַנגען געוואָרן. איוואַן גראָזני האָט זיך „אָפּגערעכנט״ מיט די באָיאַרן. אין די צײַטן פון שקלאַפערײַ זענען דערדריקט געוואָרן די פויערים. די אַרבעטערס זענען ברוטאַל עקספּלואַטירט געוואָרן, אָבער איצט קומט פאָר די פאַרניכטונג פון אַ גאַנץ פאָלק.

זעט אויס אַז סטאַלין האָט זיך אַרומגעזען אַז מיט דער הילף פון זײַן ליבלינג, יעזשאָוון, וועט ער חרוב מאַכן גאַנץ רוסלאַנד.

ס׳איז געוואָרן ערגער און ערגער. שטרענג געהיימע טעלעגראַמעס, אונטערגעשריבן דורך סטאַלינען און מאַלאָטאָוון האָבן געפאָדערט בײַ דער נקוו״ד צו „פאַרקאַטשען די אַרבל״. און די נקוו״ד האָט געריסן שטיקער פון פאָלק.

די אַרבעט אין דער נקוו״ד איז אָנגעגאַנגען טאָג און נאַכט. סטאַלין האָט געוואָרנט אַז די שׂונאים פון פאָלק האָבן זיך אַרײַנגעקראָגן אין די שפּײַכלערס מיט תּבואה און זיי דערלאָזן, אַז אַ „קלעשטש״ (אַ תּבואה־וואַנץ) זאָל

פאַרדאַרבן די תבואה. אַנשטאָט צו פירן אַ קאַמף קעגן „קלעשטש" — האָט מען אַרעסטירט אַלע מיטאַרבעטערס פון די תבואה־שפּײַכלערס איבערן לאַנד. די נאַטשאַלסטווע האָט מען פאַרמשפּט צום טויט און אַלע אָנגעשטעלטע אין די תבואה־שפּײַכלערס האָבן באַקומען צו 25 יאָר לאַגער.

סטאַלין האָט געזאָגט: מען מוז אַקערן און זייען לויט ליסענקאָס באַפעלן און די ערד מוז צעאַקערט ווערן אויף אַזאַ און אַזאַ טיף. אַ סך אַגראָנאָמען האָבן געוווּסט פון פאָרויס, אַז די ערד אין זייערע קאָלכאָזן אָדער סאָווכאָזן מוז ווערן טיפער אָדער פלאַכער צעאַקערט, צוליב די קלימאַטישע באַדינגונגען אויף די ערטער. אין געוויסע ערטער האָט מען דעריבער „אָפּגעווייכט" פון סטאַלינס אָנווײַזונגען. דערפאַר זענען הונדערטער נאַטשאַלניקעס פון „עם.טע.עסן" (מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציעס), וואָס באַדינען די קאָלכאָזן, אַגראָנאָמען, פאָרזיצערס פון קאָלכאָזן אַרעסטירט און פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אַ טייל זענען שפּעטער באַגנעדיקט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער אויף פאַרשידענע טערמינען.

איך האָב שוין געוואָלט איבערקומען דאָס אומפאַרמײַדלעכע. פון די אַריבערלויפערס זענען אויף דער פרײַ נאָך פאַרבליבן, איך און אַלטבוים. מײַן פרויס שוועסטער מיט איר קינד זענען געקומען וווינען צו אונדז אין קעלער־שטוב. צו קריגן פּראָדוקטן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער.

אַרבעט אין דער דרוקערײַ איז געווען „איבערן קאָפּ". איך האָב געאַרבעט 18 שעה אין מעת־לעת. די זעצערס און איך בתוכם האָבן אָנגעהויבן צו טרינקען נישט איין מאָל אין וואָך, נאָר יעדן צווייטן טאָג. יעדן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אָט־אָט וועט ער פאַלן אַ קרבן. נאָר רעדן דערוועגן האָט מען מורא געהאַט.

דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע מינוט און דערציילן אַן אמתן פאַל, וואָס זעט אויס ווי אַן אַנעקדאָט. איך האָב עס געהערט זיצנדיק אין תּפיסה:

דער הויפּט־אויפזעער איבער די טראַנספּאָרטן, וואָס פאָרן דורך סאַראַטאָוו, אַ וועטערינאַר, אַן אַלטער פאַרטייער און אַ גוטער פרײַנד פון סטראָמינען, האָט געדאַרפט אַדורכלאָזן אַ טראַנספּאָרט חזירים דורך סאַראַטאָוו,

וואָס זענען געווען באַשטימט צו באַשפּייַזן די רויטע אַרמיי. די חזירים זענען אויפן וועג קראַנק געוואָרן אויף „טשומאַ״ (אַזאַ קרענק צווישן חזירים).

איז דער וועטערינאַר געבליבן אין אַ פּאַרלעגנהייט: אַדורכלאָזן קראַנקע חזירים איז אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען קאָן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד געמשפּט ווערן און באַקומען טויטשטראָף. אייַנהאַלטן די חזירים טאָר מען נישט, ווייַל דער טראַנספּאָרט גייט אויף צו באַשפּייַזן די רויטע אַרמיי און דאָס איז אַ פאַרברעכן פאַר וועלכן מען קריגט טויטשטראָף.

איז ער אַוועק צו זייַן חבר סטראָמין אים פרעגן אַן עצה.

האָט סטראָמין געענטפערט: וועסטו אַדורכלאָזן דעם טראַנספּאָרט קראַנקע חזירים, וועסטו געמשפּט ווערן לויט דעם פּאַראַגראַף 58 פּונקט 7 — שעדיקערייַ — און וועסט פאַרמשפּט ווערן צום טויט. וועסטו נישט אַדורכלאָזן דעם טראַנספּאָרט, וועסטו געמשפּט ווערן לויט דער סטאַטיאַ 58 פּונקט 7 — שעדיקערייַ — און וועסט פאַרמשפּט ווערן צום טויט. איצט גיי און באַשליס אַליין...

מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז אין מאַגניטאָגאָרסק, „טרובסטראָי״ און אומעטום ווו עס האָבן געוווינט די אַריבערלויפערס זענען פאָרגעקומען אמתע פּאָגראָמען. נישט נאָר זענען אַלע פּאַרפּאַלן געוואָרן אָן שפּור, נאָר אַפילו די ביבליאָטעקן פון יידישע ביכער אָדער די יידישע ביכער פון די אַלגעמיינע ביבליאָטעקן זענען פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט זייערע לייענערס, כּדי יעדער צייכן אַז דאָרט האָבן זיך אַ מאָל געפונען אויסלענדישע אַרבעטערס זאָל אָפּגעמעקט ווערן.

די פרויען און קינדער וואָס זענען על־פּי נס געראַטעוועט געוואָרן, זענען פאַרשיקט געוואָרן אין קליינע שטעטלעך, ווו קיין פוס פון קיין אויסלענדער וועט קיין מאָל נישט טרעטן און מען וועט זיך קיין מאָל נישט דערוויסן וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן צו צענדליקער טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן אויפגעגעבן זייערע היימען, פאַמיליעס, פרייַנד און באַקאַנטע און געקומען העלפן בויען די „נייַע, שענערע וועלט״. זיי זענען אומשולדיק אומגעבראַכט געוואָרן אויפן באַפעל פון עטלעכע משוגעים, וואָס

האָבן זיך געהאַלטן פאַר געטער, בעת אין דער פרײַער וועלט האָט מען געזונגען שבחים און געלויבט דעם גרויסן ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס גרייט אַ גן־עדן פאַר דער מענטשהייט. דאָס אַלץ געשעט ביזן הײַנטיקן טאָג, ווען אַ גרויסער טייל וועלט איז ווײַטער אַנטציקט פון די מערדער־מושלים און העלפט זיי צו צו רעאַליזירן זייערע הערשערישע פּלענער.

יעדע נאַכט האָב איך דערוואַרט אַ קלאַפּ אין פענצטער. אַ פּעקל זאַכן איז שוין געווען גרייט מיטצונעמען ווען מען וועט קומען נאָך מיר.

איך האָב אײַנגעקויפט קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן אויפן קאָלכאָז־נעם מאַרק, אַז מײַן פרוי מיט איר שוועסטער און די קינדער זאָלן האָבן די ערשטע וואָכן אָן מיר וואָס צו עסן. איך האָב געאַרבעט 18 שעה אין מעת־לעת, 6 טעג אַ וואָך און בין נישט געשלאָפן בײַ נאַכט.

בײַ דער אַרבעט האָב איך זיך געפילט ווי אַ שולדיקער אין עפּעס. די זעצערס מיט וועלכע איך האָב געטרונקען האָבן זיך בײַ דער אַרבעט געהאַלטן פון מיר פון דער ווײַטנס. אויף יעדן האָט „געציטערט די הויט״.

אין פעברואַר 1938 האָט זיך שוין אָנגעהויבן פילן אַ מאַנגל אין עסנ־וואַרג. פּוטער, צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן האָט מען זייער זעלטן פאַר־קויפט אין די מלוכה־מאַגאַזינען און מען האָט געמוזט אָנקומען צום „שוואַרצן מאַרק״. גערויכערטע פיש וואָס מען האָט פאַרקויפט אין ספּעציעלע מאַגאַ־זינען זענען אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון מאַרק.

ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט.

דעם 21סטן פעברואַר 1938, עס איז געווען אַ שבת אויף דער נאַכט, נאָכן אָפּאַרבעטן 12 שעה, פאַרן אַהיימגיין פון דער אַרבעט, האָב איך אָפּגע־געבן אַלע אָפּצוגן פון מײַן אַרבעט און זיך געזעגנט מיט די אַרבעטערס מיט טרערן אין די אויגן, און מיט אַ האַנטדרוק, אַ זאַך וואָס איך האָב עס קיין מאָל פריִער נישט געטאָן. אַהיימקומענדיק האָב איך אַ זאָג געטאָן צו מײַן פרוי: „נו, הײַנט בײַ נאַכט וועט זיך ענדיקן דאָס שפּיל. ווײַטער אויסהאַלטן איז אוממעגלעך״. מײַן פרוי האָט ווי שטענדיק מיר גענומען אויסריידן און טענהן אַז איך האָב מיר אַרײַנגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ. זעט זיך אויס,

האָט זי געזאָגט, אַז מען האָט אין מיר פאַרגעסן. אָבער איידער זיך כּסדר צו פּײַניקן, זאָל איך בעסער ערגעץ אַוועקפאָרן און איבערוואַרטן די שלעכ־טע צײַט.

אַרום 1 בײַ נאַכט האָט זיך דערהערט דער באַרימטער קלאַפּ אין פענצ־טער. דער הויף־אויפזעער האָט מיך העפלעך געבעטן עפענען די טיר, ווײַל ער וויל מיך עפּעס פרעגן.

איך האָב זיך גלײַך אָנגעטאָן. מײַן פרוי און מײַן שוועגערין האָבן אָנגע־הויבן וויינען און די קינדער נאָך זיי.

ווען די נקוו״דניקעס זענען אַרײַן אין פינצטערן, נאָסן קעלער־שטיבל, זענען זיי געבליבן שטיין און עפּעס ווי אַליין זיך דערשראָקן, זעענדיק ווי אַזוי מיר וויינען.

זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער בעל־הביתטע פון שטוב מיט אירע צוויי קינדער, מײַן פרוי מיט איר שוועסטער און אונדזערע קינדער — אַלע האָבן געוויינט און געטענהט אַז זיי זענען געקומען אויפן נישט ריכטיקן אַדרעס.

ווען די נקוו״ד־לײַט זענען געקומען צו זיך האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל: „די הענט אין דער הויך״, מיך באַטאַפּט, געמאַכט אַ רעוויזיע, צי מיר האָבן נישט באַהאַלטן קיין געווער אָדער קאָנטררעוואָלוציאָנערע דאָקומענטן...

איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן פרוי, שוועגערין און קינדער, מיט דער בעל־הביתטע פון דער שטוב און אירע קינדער, אָנגעזאָגט מײַן פרוי, אַז זי זאָל ווײַטער גיין אַרבעטן און אַכטונג געבן אויפן קינד.

מען האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָ אין וועלכן ס'איז שוין געזעסן אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק אין סאַראַטאָוו. מ'האָט אונדז אָפּגעפירט אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר״, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „דער דריטער קאָרפּוס״ בײַ דער סאַראַטאָווער תּפיסה.

אַרײַנפאָרנדיק אין תּפיסה־טויער האָט דער צווייטער אַרעסטירטער מיט אַ ציטערדיקער שטימע, מיר אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז דער ,פּאָליט־איזאָ־לאַטאָר׳. פון דאַנען גייט זעלטן ווער אַרויס אַ לעבעדיקער״.

איך האָב גאָרנישט געפילט, זיך פאַר גאָרנישט געשראָקן, נאָר געוואָלט וואָס שנעלער איבערקומען די פאָרמאַליטעטן און זיך אַנידערלייגן און שלאָפן... מען האָט פון מיר ווי אַראָפּגענומען אַ „יאָך".

די פאָרמאַליטעטן זענען געווען קורצע: פינגער־אָפּדרוקן, אויספילן אַ פראַגע־בויגן, נאָר זעט זיך אויס אַז די אויספרעגערס האָבן די אַרבעט גע־מאַכט אין איַילעניש און פאַרגעסן מיר צו געבן אונטערצושרײַבן אַ פּאַפּירל וועגן דעם וואָס איך ווער אָנגעקלאָגט וואָס דאָס דאַרף יעדער אַרעסטירטער לויט די „סאָוויעטישע געזעצן" אונטערשרײַבן. דאָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ געוויסע ראָל ביַים באַפרייַען מיך.

מען האָט מיך אַרום דרייַ ביַי נאַכט אַרייַנגעפירט אין אַן איינצל־קאַמער אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר" פון סאַראַטאָווער תּפיסה ווו עס זענען שוין געזעסן פינף מאַן.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע כאָטש יעדער פון די אַלטע תּושבים האָבן מיר פאָרגעלייגט זייער געלעגער וואָס איז באַשטאַנען פון אַ הילצערנעם „סטאָיאַק", צוויי „קאָזלעס" מיט עטלעכע ברעטער, אַ שטרויזאַק און אַ קישעלע אָנגעפּילט מיט זעגעכץ.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט מען אַרייַנגעשטעלט אַ „בעט" פאַר מיר. מער קיין ליידיקער פּלאַץ איז אין קאַמער נישט געווען. איך האָב גע־בעטן מייַנע נייַע „פרייַנד" זיי זאָלן אין דער פרי מיך נישט אויפוועקן.

איך בין אָוועקגעפאַלן אויפן געלעגער און איַינגעשלאָפן...

די „אַלטע" תּושבים אין קאַמער האָבן נישט געגלויבט זייערע אויגן: ערשט אַרעסטירט, געפינט זיך אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר" פון וואַנען עס וועט זעלטן ווער באַפרייַט און שלאָפט אַזוי געשמאַק „ווי ביַי דער באָבען אין וויַינגאָרטן".

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען מיטאָג־צייַט. איך האָב געגומען קלאַפּן אין טיר אַז איך וויל אַרויס אין קלאָזעט. האָט איינער פון די תּושבים אין קאַמער מיך געוואָרנט אַז מען וועט מיך אייַנזעצן אין „קאַרצער" פאַר קלאַפּן אין טיר. איך האָב אָבער אַזוי לאַנג געקלאַפּט ביז אַ וועכטער איז צוגעקומען מיט אַ געשריי: „ווער קלאַפּט דאָס אין טיר?"

איך האָב געענטפערט אַז איך האָב דעזענטעריע און מוז שוין גיין אין קלאָזעט.

מען האָט מיך אַרויסגעפירט; כ'האָב זיך אַרומגעוואַשן און צוריקקומענ־דיק אין קאַמער גענומען עסן דאָס שטיקל זויערע, שוואַרצע און ליימיקע ברויט מיט דער זופּ פון קרויט־בלעטער. כ'האָב צוגעטרונקען די קאַלטע קאַווע (פון גערשטן) וואָס מען האָט געגעבן אין דער פרי.

נאָכן מיטאָג האָבן זיך פּאַר מיר די מיטזיצערס אין קאַמער פאָרגע־שטעלט: גוראָוו, דער ערשטער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון אָקטיאַברסקי ראַיאָן־קאָמיטעט אין סאַראַטאָוו; קיסיליעוו, אַן אינזשיניער, מיטאַרבעטער פון „אַבקאָם״ פון דער פּאַרטיי אין סאַראַטאָוו, דער הויפּט פון די פאַבריקן, וואָס אַרבעטן אויס אייל און עסן פּאַר די בהמות; מעלמאַן, אַ ייִדישער יונגערמאַן פון אַ יאָר 35 און צוויי סטודענטן פון מעדיציניש און וועטערי־נאַרישן אינסטיטוט אין סאַראַטאָוו.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט: דרוקער־אַרבעטער, אַריבערלויפער פון פּוילן, געזעסן אין תּפיסות אין פאַרשידענע שטעט פון לאַנד, געווען אין לאַגער, געפאָרן מיט עטאַפּן, געווען אויף פאַרשיקונג אין טאָבאָלסק, און געאַרבעט אויף דער נײַער בויונג אויף אוראַל.

נאָכן פאָרשטעלן זיך האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם סוד פון מײַן אײַנ־שלאָפן תּיכּף ווי איך בין געקומען אין קאַמער אַרײַן און פּאַר וואָס איך האָב באַלד דעם ערשטן טאָג אויפגעגעסן דאָס ברויט מיט דער זופּ.

די קאַמער איז געוואָרן ווי אַ צווייטע היים... מיר זענען געוואָרן אי צוגעבונדן איינער צום צווייטן, אי זיך געהיטן אַרויסצורעדן אַן איבעריק וואָרט. ווײַל סטאַלין פאָדערט אַז איינער זאָל מסרן דעם אַנדערן. אויך קינדער דאַרפן מסרן זייערע עלטערן און די עלטערן — זייערע קינדער.

זיך אײַנגעלעבט צום בעסטן האָב איך מיט גוראָוון. מעלמאַן איז געווען אײַנגעגלויבט אין זיך און פּרובירט זיך אָפּטיילן פון די איבעריקע.

חוץ מיר האָט יעדער אין קאַמער געהאַלטן, אַז ער איז על־פּי טעות אײַנגעזעצט געוואָרן. סוף־כּל־סוף וועט דער טעות אויפגעקלערט ווערן און מען וועט אים באַפרײַען.

גוראָוו און קיסיליעוו זענען שוין געזעסן אין דער תּפיסה־קאַמער צו עטלעכע חדשים. זיי האָבן דערציילט אַז צענדליקער אַרעסטירטע זענען דורך דער צײַט אַרײַנגעזעצט געוואָרן אין דער קאַמער און צוגענומען געוואָרן מיט די זאַכן. וואָס מיט זיי איז געשען, ווייסן זיי נישט. זיי האָבן דערציילט אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז אין מיטן 1937 האָט די נקוו״ד איבערגעגעבן די ממשלה פון „פּאָליט־איזאָלאַטאָר״ אין די הענט פון די קרימינעלע און זיי זענען דאָ געוואָרן די פּאַקטישע בעלי־בתּים. זיי האָבן טעראָריזירט די פּאָליטישע אַרעסטירטע, צוגענומען בײַ זיי אַלץ, וואָס זיי האָבן פּאַרמאָגט. אויב מען האָט זיך פּרובירט קעגנשטעלן האָבן זיי צעשלאָגן ביז בלוט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז זיי האָבן זיך געוואָרפן מיט מעסערס אויף די תּפיסה־וועכטער. אַרום אָקטאָבער 1937 איז דער „פּאָליט־איזאָלאַטאָר״ אָפּגערייניקט געוואָרן פון די קרימינעלע און אַ טייל פון זיי זענען דערשאָסן געוואָרן. די קרימינעלע פּאַרברעכערס זענען דורך דער נקוו״ד אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ „בײַטש״ קעגן די „פּאָליטישע״, כּדי אויף זיי אָנצוּוואַרפן אַ שרעק, זיי צו טעראָריזירן און זיי צווינגען אונטערצו־שרײַבן די באַשולדיקונגס־אַקטן. ווען די נקוו״ד האָט דערפונדן מער ראַ־פינירטע מיטלען האָט זי ליקווידירט אירע פּריוועדיקע אַרויסהעלפערס.

וואָכן און חדשים זענען געלאָפן. קיינער פון אונדז איז נישט גערופן געוואָרן אויף קיין אויספאָרשונג.

דורך דער צײַט האָט מײַן פרוי זיך דערשלאָגן אַז מען זאָל איר דער־לויבן מיר אַרײַנצוגעבן אַ פּעקל. מען האָט מיך אַרויסגערופן אין דער תּפיסה־קאַנצעלאַריע. דער נאַטשאַלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג האָט מיך גוט אָבסערווירט, מיר דערלאַנגט אַ פּעקל פון מײַן פרוי און מיר איבער־געגעבן אַ גרוס. דאָס פּעקל איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ „פּראַוודאַ״ און עס איז מיר געלונגען אַרײַנצוברענגען די צײַטונג אין קאַמער. בלויז פּאַר דעם האָט מיך געדראַט עטלעכע טעג קאַרצער.

יעדע וואָך האָט יעדער באַקומען אַ שטיקל פּאַפּיר און אַ פּעדער צו שרײַבן אַ ביטע צו סטאַלינען.

איין מאָל אין אַ וואָך האָט מען געקאָנט קויפן אין תּפיסה־מאַגאַזין אַ קילאָ ווײַס ברויט און צוויי פּעקלעך מאַכאָרקע. צו דעם האָט מען געמוזט

האָבן געלט. יעדער פון אונדז האָט געקויפט מאַכאָרקע און די וועלכע האָבן גערויכערט האָבן עס באַקומען אָן געצאָלט פון די וואָס האָבן נישט גע־רויכערט.

יעדן טאָג האָט מען אונדז געפירט אויף אַ 15־מינוטיקן שפּאַציר אין קליינעם תפיסה־הויף, אַרומגעצוימט מיט ברעטער. איין מאָל אין וואָך האָט מען געפירט אין באָד אַריַין, דעזינפעקצירט די קאַמער. אין באָד האָט מען צוגענומען די שמוציקע וועש און יעדן אָפּראַזירט די באָרד. אין דער פרי האָבן מיר באַקומען 400 גראַם שוואַרץ ברויט, אַן אַזוי גערופענע קאַווע, מיטאָג — אַ זופּ פון קרויט־בלעטער, זעלטן מיט אַ שטיקל קאַרטאָפל; אויף דער נאַכט הייס וואַסער, מען זאָל חס־ושלום נישט איבערפירן דעם מאָגן.

יעדן טאָג האָט מען געזונגען, פאַרשטייט זיך אין דער שטיל, ווי להבדיל אַ פרומער ייִד דאַווענט יעדן טאָג שחרית, אַ ליד פון אַ קאַזאַכישן פאָלקס־זינגער:

דאַוויַיטיע ספּאַיאָם פּיעסניו
אַ סאַמאָם באַלשאָם טשעלאָוויעקע
אַ סאַמאָם באַלשאָם אי ליובימאָם
אַ סטאַליניע פּעסניו ספּאַיאָם...

(קומט לאָמיר זינגען אַ ליד,
וועגן גרעסטן און באַליבטסטן מענטש,
וועגן גרעסטן און באַליבטסטן,
וועגן סטאַלינען וועלן מיר זינגען אַ ליד).

אומגלויבלעך ווי אַזוי מיַינע פינף מיטזיצערס זענען געווען איבערציַיגט, אַז מען האָט זיי אַרעסטירט על־פּי טעות און דער בעסטער סימן איז דאָס וואָס מען האַלט זיי שוין אַזוי פיל חדשים אין תפיסה אָן אויספאָרשונג.

איך בין געווען דער איינציקער וואָס האָב געוווּסט אַז פון דאַנען פירט דער וועג אויף יענער וועלט: דערשאָסן צו ווערן אין די קעלערן פון דער

נקוו״ד אָדער אומצוקומען דורך הונגער, קעלט און שווערער אַרבעט ערגעץ אין אַ לאַגער אין סיביר.

איך האָב אָבער מיטגעשפּילט דאָס שפּיל פון מײַנע פרײַנד אַז אָט־אָט וועלן מיר באַפרײַט...

און אפשר האָבן זיי אויך פאַרשטאַנען וואָס ס׳דערוואַרט יעדן פון אונדז, נאָר זיך פּרובירט אײַנרעדן אַז עס וועט זיך אַלץ אויסלאָזן צום גוטן, ווײַל פּאַקטיש זענען מיר אַלע געווען אומשולדיק.

וויפל מײַנע תּפֿיסה־פרײַנד האָבן פּרובירט פון מיר אַרויסקריגן וועגן לעבן אין לאַגער, וועגן לעבן אויף פאַרשיקונג, האָב איך זיך אַרויסגעדרייט און נישט דערציילט קיין איין וואָרט, ווײַל איך האָב יעדן פון מײַנע נײַע פרײַנד חושד געווען אַז ער איז אַן אַרײַנגעשיקטער דורך דער נקוו״ד און זײַן אויפגאַבע איז „צו האָבן אויערן״.

איך בין מקנא געווען מײַנע צוויי שוואָגערס און די אַלע אַנדערע פון די אַריבערלויפערס וואָס זענען אָן משפּט, אָן אויספאָרשונגען פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער אויף צען יאָר. און דאָ נעמט די זאַך קיין סוף נישט און ווער ווייסט וואָס מיך דערוואַרט.

די איינציקע טרייסט איז געווען ווען איך האָב דערהאַלטן פון דער פרוי אויף דער פרײַ, אַ מאָל אַ פּאָר שקאַרפּעטן, אַ מאָל אַ טאַשן־טיכל. דעמאָלט האָב איך געוווּסט אַז די פרוי מיטן קינד זענען נאָך נישט אַרעסטירט.

איך האָב שוין דעמאָלט געוווּסט אַז די „אָסאָבאָיע סאָוויעשטשאַניע״ אין מאָסקווע איז שוין אָפּגעשאַפט געוואָרן און מען וועט מיך דאַרפן „משפּטן״ אין אַ „געריכט״ מיט עדות... זיי האָבן געזוכט עדות אין דער דרוקערײַ ווו איך האָב געאַרבעט און אין הויז ווו מיר האָבן געוווינט און זעט זיך אויס נישט געקאָנט געפינען.

גוראָוו האָט דערציילט זײַן לעבנס־געשיכטע: אַליין פון דער אוקראַיִנע, מיט פּראָלעטאַרישן יחוס, נעמט ער אָנטייל אין בירגער־קריג, אַרבעט אין דער „טשעקאַ״, האָט אויף זײַן סטאַזש הונדערטער אומגעבראַכטע שונאים. צוליב דער „אַרבעט״ זײַנער איז ער נאָכן בירגער־קריג אַראָפּ פון זינען

און ווערט געשיקט אין אַ שפּיטאָל פֿאַר גײַסטיק־קראַנקע. ער ווערט ענדלעך פּטור פֿון דעם קאָשמאַר וואָס מאַטערט אים טאָג און נאַכט און ווערט אַרויסגעשיקט אין סאַנאַטאָריום אין קרים ווו מען היילט אים. ער פֿאָרט קיין מאָסקווע ווו ער לערנט זיך אַ געוויסע צײַט, ווערט באַלוינט מיט אַ „לענין־אָרדן", אַרבעט אַלס דירעקטאָר אין פֿאַרשידענע פֿאַבריקן אין אוקראַיִנע. דערנאָך ווערט ער סעקרעטאַר פֿון אַ ראַיאָן־קאָמיטעט אין אוקראַיִנע.

אין אָנהייב פֿון די 30ער יאָרן, ווען אַנדרעיעוו ווערט געשיקט דורך סטאַלינען קיין סאַראַטאָוו צו „באַשטראָפֿן" די „שולדיקע" פֿאַר די שלעכטע גערעטענישן און פֿאַרן נישט אויספֿילן און נישט צושטעלן די נאָרמעס תּבואה דער מלוכה, ווי אויך פֿאַר אַנדערע דורכפֿאַלן, איז גוראָוו צוזאַמען מיט אַנדרעיעוון געקומען קיין סאַראַטאָוו און פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון ערשטן סעקרעטאַר פֿון אָקטיאַבּרסקי ראַיאָן, ווו עס געפֿינען זיך די גרעסטע פֿאַבריקן און זאַוואָדן פֿון דער שווערער אינדוסטריע, וועלכע זענען אַלע יאָרן געווען הינטערשטעליק מיטן אויספֿירן די נאָרמעס. גוראָוון איז אין אַ קורצער צײַט געלונגען צו דערפֿירן דערצו אַז די פֿאַבריקן וואָס האָבן זיך געפֿונען אין זײַן רשות זאָלן נישט נאָר אויספֿילן, נאָר איבערשטײַגן די נאָרמעס און ער איז פֿאַר זײַן גוטער אַרבעט באַלוינט געוואָרן נאָך מיט עטלעכע אָרדנס. ער איז אַפֿילו אויפֿגענומען געוואָרן דורך סטאַלינען. גוראָוו ווייסט וועגן אַלעם וואָס ס'קומט פֿאָר אין לאַנד און ער באַרעכטיקט עס, ווײַל סטאַלין ווייסט וואָס ער טוט.

קיסיליעוו, אַ רוס אין די פֿריִע פֿערציקער יאָרן, אַ געבווירענער אין דער שטאָט קראַסנאָדאַר, צפֿון־קאַווקאַז, איז נישט מיד געוואָרן צו דערציילן וועגן דער שיינקייט פֿון זײַן לאַנד און וועגן דער „שענסטער שטאָט אין דער וועלט — קראַסנאָדאַר". ער איז געווען פֿאַרליבט אין דער געגנט אין וועלכער ער איז געבווירן און דערצויגן געוואָרן. וועגן זיך האָט ער ווייניק גערעדט. ער האָט געהאַלטן אַז עס איז נישט וויכטיק. ער איז צו קליין און ער האָט אין זײַן לעבן צו ווייניק אויפֿגעטאָן, אַז ער זאָל האָבן עפּעס וועגן זיך צו דערציילן. מעלמאַן, דער ייִדישער אַרכיטעקט, האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון אַלעמען, געהאַלטן, אַז ער פּאַסט זיך נישט אַרײַן אין דעם „געזינדל".

ער האָט געהיט אַז זײַנע נעגל זאָלן תּמיד זײַן ריין; ווי ווײַט מעגלעך זיך אָפּגערוקט פון יעדן. זײַן גרעסטע טראַגעדיע איז געווען וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט יעדן טאָג ראַזירן און מוז גיין אין באָד צוזאַמען מיט אַלע. איין מאָל, זײַענדיק אין באָד, בײַם פריזירער, האָט ער געזען ווי יענער נעמט אַראָפּ אַ לויז פון עמעצנס קאָפּ. דאַן איז ער אַרויס פון די כּלים און גענומען שרײַען: ווי אַזוי דערלאָזט מען אַז מענטשן זאָלן אַזוי פאַרלײַזט ווערן? די לעצטע חדשים איז ער אין גאַנצן „אַראָפּ פון זינען": געזעסן גאַנצע טעג אויף דעם בעטל און געקוקט אין איין פּונקט. מען האָט אים אַרויסגענומען פון דער קאַמער צוזאַמען מיט די זאַכן און מער האָב איך פון אים נישט געהערט.

די צוויי סטודענטן זענען געווען יונגע בחורים, ביידע זין פון קאָלכאָז־ניקעס, ביידע „קאָמסאָמאָלצעס". זיי האָבן געשוויגן גאַנצע וואָכן און חדשים, גערעדט האָבן זיי נאָר צווישן זיך.

אין מיטן מײַ ווען אַלע אין קאַמער זענען שוין געשמאַק געשלאָפן, האָט מען דערהערט שליסן און עפענען די טיר. עס איז אַרײַנגעשטופּט געוואָרן אַ מענטש וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן פרײַען פּלאַץ בײַ דער טיר, זיך פאַרשטעלט מיט די הענט ס׳פּנים און אָנגעהויבן קרעכצן און וויינען. מיר האָבן געפּרוּווט אים געבן אַ פּלאַץ, אָבער ער האָט נישט גע־ענטפערט, נישט געקוקט אויף קיינעם, נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר אַרײַנגעקרעכצט אין זײַנע הענט.

דער תּפיסה־וועכטער האָט געברענגט אַ מאַטראַץ, באַפוילן צו מאַכן פּלאַץ אויף די „קויקעס" און באַפוילן דעם פריש־אַרײַנגעקומענעם אַרויפּ־צוקריכן אויף זײַן מאַטראַץ און שלאָפן.

דער פאָרשפּיל צום אָנקומענדיקן יום־הדין. אונדזערע געהירן זענען „געשוואָלן געוואָרן". מיר האָבן מיט אַ מאָל דערזען אַז עס ווערט געשפּילט מיט אונדז אַ כיטרע שפּיל, דאָס דאָזיקע שפּיל צילט אונדז גײַסטיק און פיזיש צו צעברעכן כּדי דער נקוו״ד זאָל זײַן לײַכטער אַרויסצוקריגן פון אונדז אַלץ וואָס זיי ווילן. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען אַז מיר זיצן נישט

צוליב קיין טעות, נאָר מיר זענען קרבנות פון אַן אכזריותדיקן רעזשים וואָס דאַרף אַלץ נײַע און נײַע קרבנות. גוראָוו האָט דערקענט דעם נײַעם תּושב, וועלכער איז אין די לעצטע עטלעכע טעג גרוי געוואָרן.

דרײַ טעג איז דער נײַער תּושב אין אונדזער קאַמער געלעגן און געקרעכצט. נישט געוואָלט עסן, נישט געגאַנגען אויפֿן שפּאַציר, זיך נישט געוואָלט וואַשן. ער האָט געטענהט אַז ער האָט צעשטערט די „אידיליע" אין אונדזער קאַמער און געוואָרן אַ מיטבאַטייליקטער אין דער שמוציקער אַרבעט פֿון דער נקוו"ד און אָנגעהויבן דערציילן זײַן געשיכטע:

אַליין אַ קוילן־גרעבער פֿון דאָנבאַס, האָט ער אָנטייל גענומען אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1903—1904. אין 1905 געוואָרן מאָבי־ליזירט אין דער צאַרישער אַרמיי. מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין יעקאַ־טערינענבורג (איצט סווערדלאָווסק, אוראַל), ער ווערט דאָרט געפּײַניקט און דערנידעריקט. כּדי נקמה צו נעמען אין זײַנע פּײַניקערס דערשיסט ער אַן אָפֿיציר און ווערט פֿאַרמשפּט צום טויט. עס הייבט זיך אָן אַ פּראָטעסט־כוואַליע און שטרײַקן איבערן לאַנד און אין אויסלאַנד. די גרעסטע פּער־זענלעכקייטן אין לאַנד און אין אויסלאַנד ווענדן זיך צום צאַר און בעטן באַגנעדיקונג. סוף־כּל־סוף איז דער טויט־אורטייל פֿאַרביטן געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע. לויט דעם דעמאָלטיקן געזעץ ווערט ער געקאָוועט אין קייטן און פֿאַרשיקט אין ווײַטן יאַקוטסק, סיביר, אויף 25 יאָר קאַטאָרזשנער אַרבעט.

ער האָט דורכגעמאַכט הונגער־שטרײַקן, געפֿירט מלחמות מיט די קרי־מינעלע פֿאַרברעכערס וועלכע זענען אויך דעמאָלט געווען די הערשערס אין די לאַגערן און טורמעס און געצוווּנגען די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אויס־צופֿירן זייערע באַפֿעלן. פּונקט ווי עס געשעט הײַנט אין די סאָוויעטישע טורמעס און לאַגערן.

אין אַ לאַגער אין יאַקוטסק זענען די קרימינעלע פֿאַרברעכערס אַזוי דערגאַנגען די יאָרן די פּאָליטישע אַז ווײַטער אויסהאַלטן איז געווען אומ־מעגלעך. די לאַגער־נאַטשאַלסטווע האָט, אַנשטאָט אָפּצושטעלן די רדיפֿות, געהעצט די קרימינעלע און זיי געגעבן פֿרײַע הענט. די קרימינעלע זענען געווען די בעלי־בתּים פֿון דער לאַגער־קיך, דער „כלעבאָרעזקע" (ברויט־

שנײַדן), אין באָד און אומעטום. די פּאָליטישע האָבן געאַרבעט אין די וואַר־שטאַטן, צום מערסטן אין דער שלאָסערײַ. פּאַקטיש זענען אין לאַגער געווען עטלעכע בלאַטע פון גרויסן קאַליבער, די איבעריקע זענען געווען „יאָ״־זאָגערס. און די „יאָ״־זאָגערס זענען געווען די וועלכע האָבן פּאַר אַ זופּ אָדער אַ פּאַרציע ברויט אויסגעפּילט די באַפעלן פון זייערע „ברויטגעבערס״. נישט נאָר וואָס זיי זענען באַעוולט געוואָרן מיטן עסן, נאָר די פּעקלעך, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער פרײַ, זענען דורך די בלאַטע „קאָנפיסקירט״ געוואָרן. יעדן טאָג איז אַן אַנדערער פּאָליטישער באַרויבט געוואָרן. די לאַגער־פירערס האָבן הנאה געהאַט פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין לאַגער.

אויף אַ באַראַטונג פון די אָנפירערס פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן איז באַשלאָסן געוואָרן פטור צו ווערן פון די בלאַטע. עס איז באַפוילן געוואָרן אַז די שלאָסער־אַרבעטערס זאָלן צוגרייטן שאַרפע מעסערס. די מעסערס זענען צעטיילט געוואָרן צווישן אַ גרופּע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. אויפן שפּאַציר זענען די פּאָליטישע און די קרימינעלע געגאַנגען צוזאַמען. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַז אונטער אַ „בלאַטן״ שטעלט זיך אַ פּאָליטישער מיט אַ מעסער. איינער פון די פּאָליטישע דאַרף אָנהייבן שרײַען אויף אַלע קולות כּדי אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די לאַגער־היטערס. אין דעם מאָמענט באַפאַלן די פּאָליטישע די בלאַטע מיט די מעסערס. אַלץ איז פאָרגעקומען לויטן פּלאַן. עס איז געוואָרן אַ קוויטשערײַ. עטלעכע פון די אָנפירערס בײַ די קרימינעלע זענען אַנידערגעפאַלן באַגאָסן מיט בלוט. עס איז געוואָרן אַ געשלעג און די וועכטערס איז קוים געלונגען אײַנצושטילן דאָס געשלעג. פון דעמאָלט אָן האָבן די „יאָ״־זאָגערס זיך באַהאַלטן אין די לעכער און דאָס לעבן איז געוואָרן „נאָרמאַל״.

אויף קאַטאָרגע האָט ער זיך באַקענט מיט די מיטגרינדערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער טרעט אַרײַן אין דער פּאַרטיי און באַקומט דעם פּאַרטיי־בילעט נומער 6 אָדער 7 — איך געדענק נישט גענוי.

נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, קומט ער קיין פּעטראָגראַד, הײַנטיקע לענינגראַד, ווערט אויפגענומען מיט פּאַראַד און ווערט אַ נאָענטער מקורב צו לענינען.

ער נעמט אָנטייל אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין בירגער־קריג. נאָכן בירגער־קריג שיקט מען אים לערנען און צום סוף ווערט ער הויפּט־אַרביטער (אַרביטראַזש) פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט.

אמת, די אַרבעט פון אַן אַרביטער איז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד מער אַ האָנאָראָווע ווי אַ פּאַקטישע. ער דאַרף אויסגלײַכן סיכסוכים צווישן פאַבריקן, בענק און אַנדערע.

ער איז אַ נאָענטער חבר מיטן נאַטשאַלניק פון דער נקוו״ד אין סאַראַטאָוו. ער טרינקט צוזאַמען מיט אים, סטראָמין דערציילט אים וועגן אַלעם וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד.

מיט עטלעכע טעג צוריק איז סטראָמין געקומען צו אים צו גאַסט. זיי האָבן אויסגעטרונקען און סטראָמין האָט אים פאַרבעטן אין דער נקוו״ד כּדי אים צו ווײַזן אַ שטרענג געהיימען דאָקומענט וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון מאָסקווע, אונטערגעשריבן דורך סטאַלינען און מאָלאָטאָוון. ער האָט גאָרנישט חושד געווען ווײַל אַזאַ זאַך איז נישט געשען צום ערשטן מאָל.

סטראָמין האָט אים אַרײַנגעפירט אין זײַן קאַבינעט און איז אַרויס. אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן עטלעכע יונגען מיט שטעקנס און אים גענומען שלאָגן איבערן קאָפּ און איבערן גאַנצן קערפּער.

ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזײַן. מען האָט אויף אים געגאָסן עמערס מיט קאַלט וואַסער און ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט איינער אַ רעווע געטאָן: „וועסט אונטערשרײַבן". ווען ער האָט באַלד נישט געענטפערט האָבן די יונגען זיך ווידער אַ לאָז געטאָן מיט די שטעקנס איבער זײַן לײַב.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אין תּפיסה־שפּיטאָל. אַן נקוו״דיסט, אַ יונגער חברה־מאַן האָט אים מיט אַ שמייכל פאַרטרויט אַז ער האָט... שוין אונטערגעשריבן.

נאָכן אָפּזײַן עטלעכע טעג אין שפּיטאָל, האָט מען אים אַרײַנגעוואָרפן אין אונדזער קאַמער.

דאָס, וואָס איז נישט געלונגען דעם צאַר אין 1905 איז איצט געלונגען סטאַלינען. ער איז אַרעסטירט געוואָרן אויפן באַפעל פון סטאַלינען. זײַן חטא — זײַן פּאַרטיי־בילעט איז אַן עלטערער ווי סטאַלינס.

ער האָט נישט דורכגעלעבט אין די 12 יאָר צאַרישע קאַטאָרגע און תּפיסות, וואָס אין די עטלעכע שעהען אין דער נקוו״ד.

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז דער סוף פון דער טראַגיקאָמעדיע דער־נענטערט זיך.

גוראָוו האָט באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. נישט דערלאָזן זיך דערפירן צום צושטאַנד פון נייַעם תּושב, אַפּאַרי.

קיסיליעוו, דער מיטאַרבעטער פון „אָבקאָם״ האָט באַשלאָסן: אַפילו אַז מען וועט פון אים שינדן די הויט און שנייַדן אבר נאָך אבר, זאָל ער נישט אונטערשרייַבן די אַקטן. די סטודענטן האָבן באַשלאָסן: זיי וועלן אונטער־שרייַבן אַלץ וואָס מען וועט פון זיי פאַרלאַנגען.

מעלמאַן איז געזעסן, געקוקט אין איין פונקט און געשוויגן, פונקט ווי דאָס גאַנצע שפּיל וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.

איך האָב גאָרנישט באַשלאָסן, נאָר געבעטן וואָס שנעלער איבערצו־קומען דעם קאָשמאַר...

אָפּאַרין איז אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג „געקומען צו זיך״. פון דער נאַטור אַ פריילעכער חברה־מאַן, האָט ער פּרובירט צו הייבן דעם מוט ביי די איבעריקע אין קאַמער, דערציילט געשיכטעס וועגן זייַנע איבערלעבענישן אין די צאַרישע תּפיסות און לאַגערן, וויפל ער האָט זיך באַמיט אַרויסצו־ברענגען דעם גרויל פון יענער צייַט איז עס אַלץ אויסגעקומען ווי אַ קינ־דער־שפּיל קעגן דעם וואָס עס קומט איצט פאָר אין די תּפיסות און לאַגערן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער האָט אונדז געלערנט נישט מורא צו האָבן פאַרן טויט און דערבייַ פאַרענטפערט סטאַלינען און יעזשאָוון. זיי געלויבט פאַר זייער וואַכזאַמקייט און פאַר זייער פאַרהיטן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ער זאָל אין אַ צייַט פון געפאַר נישט פאַרניכטעט ווערן דורך אינערלעכע שונאים...

דער ערשטער איז גוראָוו גערופן געוואָרן צו אַן אויספאָרשונג. אויפן פערטן טאָג איז ער געקומען אַ דערשעפטער, נאָר נישט קיין דערשלאָגענער. ער האָט אונטערגעשריבן אַז ער האָט געהערט צו אַ טראָצקיסטישער גרופּע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש און שעדיקערייַ. מען האָט אים גע־

שטעלט אויף „קאָנפראָנטאַציע" מיט חברים און מיט אַזעלכע וואָס ער האָט זיי געזען צום ערשטן מאָל.

די קאָנפראָנטירטע האָבן אים אין די אויגן געזאָגט, אַז שוין עטלעכע יאָר ווי עס עקסיסטירט אין סאַראַטאָוו אַ טראָצקיסטישע גרופּע און ער, גוראָוו, דער ערשטער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון אָקטיאַברסקי־ראַיאָן, ווו עס געפינען זיך צום מערסטן מיליטערישע זאַוואָדן, איז איינער פון די אָנפירערס אין דער גרופּע. ער האָט עס געגעבן די אָנווייַזונגען נישט אויסצופילן די נאָרמעס, אויסצואַרבעטן שלעכטע פּראָדוקציע און אָפּגעבן פאַלשע ראַפּאָרטן צו דער פּאַרטיי און דער רעגירונג וועגן אויסגעפילטע נאָרמעס, ווי אויך טייַערער מאַכן די קאָסטן פון דער פּראָדוקציע און נאָך און נאָך. ער האָט אַלץ אונטערגעשריבן. אַלס אַלטער „טשעקיסט" האָט ער געוווּסט אַז עס איז נישטאָ קיין אויסוועג. דער אויספאָרשער האָט אים צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט זייַן אַ „גוט קינד" און זיך מודה זייַן פאַר דער „אַרויספאָרסעסיע פון העכסטן געריכט", וועט זייַן פאַמיליע נישט אַרעסטירט ווערן און מען וועט אים דערלויבן זיך צו געזעגענען מיט זייַן פרוי און קינדער. אויב נישט, וועלן אויך זיי אַרעסטירט און פאַרשיקט ווערן אין פאַרשידענע לאַגערן אין סיביר און אים וועט עס סייַ־ווי־סייַ נישט העלפן. ער האָט צוגעזאָגט צו זייַן „אַ גוט קינד".

קיסיליעוו איז אַוועקגענומען געוואָרן דער צווייטער. ער איז אין קאַמער מער נישט צוריקגעקומען. אין אַכט טעג אַרום האָט מען צוגענומען זייַנע זאַכן.

ווען איך בין געזעסן אין קעלער פון דער נקוו"ד האָב איך געזען ווי מען פירט אים מיט אַ גרופּע אַרעסטאַנטן אין קלאָזעט אַרייַן. אַן אָפּגעריסענער, האַלב־טויטער האָט ער זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס.

ווען איך בין באַפרייַט געוואָרן אין 1939, האָב איך אים געטראָפן אין סאַראַטאָוו. ער איז באַפרייַט און רעהאַביליטירט געוואָרן און צוריק באַקומען זייַן אַרבעטס־פּלאַץ אין „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי.

מעלמאַנען האָט מען באַלד אַרויסגענומען מיט די זאַכן און איך האָב מער נישט געזען און נישט געהערט וועגן אים.

די סטודענטן האָט מען געדופן, פאַרשטייט זיך יעדן באַזונדער. יעדער פון זיי איז באַשולדיקט געוואָרן אַז ער איז אַ זון פון אַ קולאַק און אים צוגעטשעפּעט דעם פּאַראַגראַף 58 פּונקט 10 — אַנטי־סאָוויעטישע אַגיטאַציע. יעדן פון זיי האָט דערוואַרט אַ שטראָף פון צען יאָר אין אַ סיבירער אַרבעטס־לאַגער.

עס איז מיר „לײַכטער געוואָרן אויפן האַרצן". איך בין געוואָרן זיכער אַז איך וועל פּונקט ווי זיי באַשולדיקט ווערן לויטן פּאַראַגראַף 58 פּונקט 10 — אַנטי־סאָוויעטישע אַגיטאַציע — און פאַרשיקט ווערן אויף 10 יאָר אין אַ לאַגער אין סיביר. איך האָב בײַ זיך אָפּגעמאַכט אַלץ אונטערצושרײַבן און זאָל נעמען אַ סוף צום שפּיל.

אָבער ווי זאָגט אַ יִידיש שפּריכוואָרט: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט".

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען מיך גערופן אויף אַן אויספאָר־שונג. דער אויספאָרשער האָט מיך פרײַנדלעך אויפגענומען און מיט אַ שמייכל זיך פאָרגעשטעלט: אַלעקסעיעוו (נישט זײַן ריכטיקער נאָמען). „מיין פאַמיליע־נאָמען, האָט ער געזאָגט, איז טאַקע אַן עכט־רוסישער, נאָר כ׳בין אַ ייִד, און כ׳האָב אַ ייִדיש האַרץ". ער האָט גערעדט אַ ביסל ייִדיש אויך. ער האָט מיך געהייסן זיך זעצן, מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּיראָס. איך האָב דערקלערט, אַז איך רויכער נישט.

אויפן טיש זענען געלעגן אָנגעוואָרפן פּאַפּירן. ער האָט פון אַ געדרוקטן פראַגע־בויגן מיר געשטעלט פראַגן: פאַמיליע־נאָמען, פאָטערס נאָמען, ווען געבוירן, ווען און ווו אַריבער די גרענעץ קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווען און ווו געדינט אין פּוילישן מיליטער און דעם נאָמען פון נאַטשאַלניק פון פּאָלק. ווען איך האָב אים געענטפערט, אַז איך געדענק נישט זײַן נאָמען, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „זאָג וואָס פאַר אַ פּוילישן נאָמען דו ווילסט". איך — פּילסודסקי. אויספאָרשער: „דאָס ווייס איך אָן דיר". איך האָב אים געזאָגט דעם ערשטן בעסטן נאָמען וואָס איז מיר אין יענעם מאָמענט אײַנגעפאַלן — ראָזוואַדאָווסקי.

ער האָט געהאַט אַ פּאַפּקע מיט דאָקומענטן און יעדעס מאָל געקוקט אין די דאָקומענטן.

ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן און מעקן, צערײַסן דאָס אָנגעשריבענע, איבערשרײַבן און ווידער מעקן, אַזוי עטלעכע מאָל.

צו מיר האָט ער קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. זעט אויס אַז דאָס אָנגעשריבענע האָט ער געדאַרפט אָפּגעבן צום באַשטעטיקן אַ העכערן נקוו״דעניק. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט אַז דער נאַטשאַלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג פון דער סאַראַטאָווער נקוו״ד, אויך אַ ייִד, איז געווען דער, צו וועלכן אַלעקסעיעוו האָט געדאַרפט ברענגען אַ פּאַרטיקן ווידוי און יענער האָט אים געדאַרפט באַשטעטיקן. איך האָב געדאַרפט בלויז אונטער־שרײַבן.

נאָך עטלעכע שעה שרײַבן און מעקן און ווידער שרײַבן און ווידער מעקן, איז ער פאַרטיק געוואָרן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „דו מוזסט האָבן צוטרוי צו דער נקוו״ד און איך וועל שוין זען אַז דו זאָלסט נישט באַעוולט ווערן״.

ער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ צימער, וווּ אַן נקוו״דיסט האָט „געאַרבעט״ איבער אַן עלטערער פרוי. מײַן אויספאָרשער האָט מיר געהייסן זיך זעצן. אַליין איז ער אַוועק אַ צופרידענער צום נאַטשאַלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג מיט דער צוגעגרייטער ווידוי וואָס ער האָט פאַרפאַסט און צוזאַמען מיט יענעם אויסגעבעסערט וואָס מען דאַרף.

דערווײַל בין איך געבליבן זיצן. דער נקוו״דעניק וואָס האָט „געפאָרשט״ די עלטערע פרוי, האָט געהאַמערט אויף איין פּונקט: „מיט וועמען ביסטו געקומען אין פאַרבינדונג אין דײַן שפּיאָנסקער אַרבעט, אַלטע בליאַד״. די עלטערע פרוי האָט ווידער און ווידער געלאָזן געענטפערט: „זונעלע, איך האָב שוין אַזעלכע אייניקלעך ווי דו און דו זידלסט מיך מיט אַזעלכע ווער־טער. און ביז דו וועסט מיר נישט זאָגן, וואָס עס מיינט ,שפּיאָנסקע אַרבעט׳ וועל איך גאָרנישט דערציילן״.

דער אויספאָרשער איז צוגעגאַנגען צו דער אַלטיטשקער, אָנגענומען זי פאַר דער גאָמבע, איר געשפּיגן אין פּנים אַרײַן און געשריגן: „מײַן געדולד פּלאַצט, איך וועל זיך אויפהערן מיט דיר צו צאַצקען, אַלטע פּראָסטיטוטקע!״

די אַלטע פרוי האָט מיט אַ ציטערדיקער שטימע אָנגעהויבן: „מײַן שוועסטערס טאָכטער האָט מיר געשריבן אַ בריוו פון לאָנדאָן, האָב איך דעם בריוו געהאַלטן אין דער „ביבליאָ״. איז מען געקומען בײַ נאַכט און געמאַכט אַ רעוויזיע אין מײַן שטוב, צוגענומען די „ביבליאָ״ מיטן בריוו פון מײַן שוועסטערס טאָכטער און מיך אַרעסטירט״.

דער אויספאָרשער האָט אַ געשריי געטאָן: „שוין געהערט די געשיכטע הונדערט מאָל. מיר ווילן וויסן מיט וועמען דו ביסט געווען פאַרבונדן און צוזאַמען געפירט די שפּיאָנסקע אַרבעט״.

אַרום 6 אַ זייגער האָט זיך מײַן אויספאָרשער אומגעקערט. ער האָט מיך צוריקגעפירט אין זײַן צימער. זעט אויס, אַז מײַן „ווידוי״ איז נאָך נישט געווען „גענוג גוט״ און מען האָט זי געמוזט איבעראַרבעטן. אַ ביסל שפּעטער האָט ער באַפוילן מיך אַראָפּצופירן אין נקוו״ד־קעלער אויף איבער־צונעכטיקן.

דער קעלער פון נקוו״ד איז מיט צענדליקער קאַמערן אין וועלכע עס געפינען זיך די צום טויט פאַרמשפּטע און די, וועלכע מען גרייט צו פאַר די טויט־קאַמערן...

די טויט־קאַמערן געפינען זיך אײַנגעטלעך אין די קעלערן פון „פּאָליט־איזאָלאַטאָר״, נאָר אַזוי ווי די קאַמערן פון פּאָליט־איזאָלאַטאָר זענען איבער־פולט, זענען די קעלערן פון דער נקוו״ד פאַרוואַנדלט אין טויט־קאַמערן.

חוץ דעם זענען געווען עטלעכע קאַמערן אָן טירן. דאָרט זענען געהאַלטן געוואָרן די וועלכע מען האָט געבראַכט אויף דער אויספאָרשונג און נישט „אַהיימגעלאָזט״ ביזן פאַרענדיקן די אויספאָרשונג. עטלעכע נקוו״ד־לײַט האָבן אַכטונג געגעבן אַז דער עולם זאָל נישט רעדן צווישן זיך און זאָל נישט צו פיל שלאָפן.

פאַר טאָג האָט מען אָנגעהויבן פירן אין קלאָזעט די צום טויט פאַר־משפּטע, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ באַגנעדיקונג פון פּרעזידענט פון סאָ־וויעטן־פאַרבאַנד, קאַלינין. צווישן זיי — די קאַנדידאַטן פאַר די טויט־קאַמערן וואָס ערשט מיט חדשים אָדער אַפילו מיט וואָכן צוריק זענען זיי נאָך געווען די „קאַרפּן־קעפּ״ פון סאָוויעטישן רעזשים און די אויספירערס פון סטאַלינס און יעזשאָווס קאַפּריזן און איצט זענען זיי אַליין די קרבנות פון רעזשים.

זיי גייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, שאָטנס פון מענטשן, אײַנגעבויגן, און ווערן אונטערגעיאָגט פון אַ יונג מיט אַ ביקס. זיי קוקן זיך נישט אום, ווײַל עס איז זיי נישט דערלויבט זיך אומצוקוקן.

שוין שפּעט אין טאָג אַרײַן האָט מען מיך אַרויפגעפירט צו מײַן אויס־פאָרשער. ער האָט מיך באַגריסט מיט אַ שמייכל, מיך געהייסן זעצן, מיר דערלאַנגט אַ פעדער און אָנגעוויזן ווו איך דאַרף זיך אונטערשרײַבן.

ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל איבערלייענען, וואָס איך שרײַב אונטער, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך צוגערוקט נענטער צו מיר און אַ געשריי געטאָן מיר גלײַך אין פּנים אַרײַן: „וואָס, דו גלויבסט נישט דער נקוו״ד? דו ווייסט וואָס איך האָב געטאָן פאַר דיר? איך האָב דיך געראַ־טעוועט פון דערשאָסן צו ווערן. ווייסט דאָך, אַז איך בין אויך אַ ייִד״.

ווען איך האָב קאַטעגאָריש דערקלערט אַז איך וועל פריִער נישט אונטערשרײַבן ביז איך וועל נישט איבערלייענען, וואָס עס איז דאָ געשריבן, האָט ער מיך מיט כּוח אַזאַ שטופּ געטאָן אַז איך בין אומגעפאַלן מיט דער שטול אויף וועלכער איך בין געזעסן.

ער האָט אַ ווילדן געשריי געטאָן: „שפּיאָנישע מאָרדע, שטעל זיך אַוועק בײַ דער וואַנט מיט די הענט אין דער הויך און זאָלסט זיך נישט רירן פון אָרט״.

אַ ציטער איז מיר אַדורך דורכן לײַב. איך בין צו צו דער וואַנט, האָב זיך אויסגעגלײַכט, אויפגעהויבן די הענט, און דערשפּירט אַ וויטיק אין קאָפּ פון די ווונדן בײַם פאַלן פון שטול.

די וואַנט איז געווען באַגאָסן מיט בלוט און איבערן בלוט זענען געווען צוויי אַרײַנגעהאַקטע האָקעס.

מײַן אויספאָרשער האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַן רעוואָלווער, אים גענומען אָנלאָדן מיט קוילן. ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר, צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צו מײַן קאָפּ און געררעוועט: „גלויבסט נישט דער נקוו״ד, גלויבסט נישט דײַן אויספאָרשער, וואָס האָט אַזוי שווער געאַרבעט דיך צו ראַטעווען פון דערשאָסן ווערן... איצט האָב איך שוין חרטה, ווײַל איך זע שוין אַז דו ביסט אַן אמתער שפּיאָן״.

איך בין געשטאַנען מיט די הענט אין דער הויך, געקוקט אויף דער פאַרבלוטיקטער וואַנט און זיך נישט אָפּגערופן.

שפּעט נאָך מיטאָג האָט ער מיך צוגערופן צום טיש, מיך געהייסן אַנידערזיצן, מיר דערלאַנגט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און געזאָגט: „ווילסט? לייען!"

איך האָב גענומען לייענען: נאָמען, פאַמיליע־נאָמען, פאָטערס נאָמען, דער טאַטע אַ רײַכער טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין לאָדזש, פּוילן, איך, אַ לעבּיונג, פרײַוויליק אַוועק דינען אין דער פּוילישער אַרמיי, זיך דערדינט צו אַ ראַנג פון אַן אָפיציר, געשיכורט און געהוליעט צוזאַמען מיט די אָפיצירן פון פּאָלק. געלט האָט מיר נישט געפעלט. איך ווער אַרײַנגעצויגן אין שפּיאָנאַזש־דינסט, מען שיקט מיך אין אַ שולע פאַר שפּיאָנען. ווער אַן אַרײַנגייער צום נאַטשאַלניק פון פּאָלק, ראַזוואַדאָווסקי. ווער באַפרײַט פון מיליטער, נאָר שטיי די גאַנצע צײַט אין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער „דעפענסיווע".

אין 1932 רופט מען מיך אַרויס קיין וואַרשע. דאָרט באַקום איך אַן אויפגאַבע צו גנבענען אומלעגאַל די גרענעץ קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און ווערבירן צווישן די אַריבערלויפערס נישט־צופרידענע מיטן סאָוויעטישן רעזשים און צוזאַמען אַדורכפירן טעראָר־אַקטן און דיווערסיעס. די הויפּט־אויפגאַבע איז צו הרגענען דעם חבר סטאַלין. און אויב עס וועט מיר נישט געלונגען צו ווערבירן קיין אַגענטן, דאַרף איך אַרבעטן אויף אייגענער האַנט.

איך ווער באַשולדיקט: אין שפּיאָנאַזש, טעראָר און דיווערסיע, פּאַראַ־גראַף 58, פונקטן 6, 7 און 8.

נאָר אַ דאַנק דער וואַכזאַמער אַרבעט פון דער נקוו"ד איז מיר נישט געלונגען אויסצופירן די אויפגאַבעס וואָס איך האָב זיך געגרייט אויסצופירן.

איך בין געבליבן מיט אָפּגענומענע הענט און פיס און נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט.

מײַן אויספאָרשער האָט מיט אַ שמייכל מיר אַ זאָג געטאָן: „וואָס ביסטו געבליבן זיצן ווי אַ גולם, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז מען מוז האָבן

צוטרוי צו דער נקוו״ד. גוט וואָס דו האָסט מיך פאַר אַן אויספאָרשער. וואָס מאַכסטו פון דעם אַזאַ צימעס? מער ווי צען יאָר וועסטו נישט קריגן. זעסט, האָט ער מיר אָנגעוויזן: דאָ איז פאַרשריבן אַז אַ דאַנק דער וואַכזאַמער אַרבעט פון דער נקוו״ד איז דיר גאַרנישט געלונגען אויסצופירן און דאָס אַלץ זאָגסטו דאָך וועגן זיך און קיין עדות זענען נישטאָ.

איך האָב געענטפערט, אַז איך וועל דאָס נישט אונטערשרייַבן, אַלץ איינס צי איך וועל באַקומען טויטשטראָף, צען יאָר, אָדער באַפרייַט ווערן.

ער האָט זיך נישט איבערגענומען מיט מייַן דערקלערונג. ער האָט אַ געשריי געטאָן: „גיי צו דער וואַנט, וועסט שוין יאָ אונטערשרייַבן, מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע העלדן, מיר ברעכן אייַן יעדן, נישטאָ קיין העלדן אין דער נקוו״ד. ראַדעק האָט זיך אייַנגעשפּאַרט און נאָך פערציק טעג גע־וואָרן אַ „קעצעלע״ און געזאָגט דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט״.

איך בין צו צו דער וואַנט. מייַן אויספאָרשער האָט געגעסן, געטרונקען, זיך געשפּילט מיטן רעוואָלווער. פון צייַט צו צייַט אַ געשריי געטאָן: „גלייַך אויס די קני, העכער די הענט!״

איך האָב אויסגעפּילט זייַנע באַפעלן און באַלד ווידער אַרייַן אין אַ פּאָזיציע, אין וועלכער איך האָב זיך געפילט לייַכטער.

די צווייטע נאַכט האָב איך ווידער „געגנעכטיקט״ אין קעלער פון דער נקוו״ד. אַלטע און נייַע פּנימער. איך האָב זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט קוראַפּאַטקינס „אלף־בית״ און געקאָנט זיך אויסשמועסן אויף שטום־לשון דורך איבערקלאַפּן זיך און אַזוי אַרום זיך דערוווּסט פון מייַנע שכנים וואָס זענען געזעסן לעבן מיר ווער זיי זענען, פאַר וואָס זיי זענען אַרעסטירט און ווי לאַנג זיי זענען שוין אויף דער אויספאָרשונג.

אָט זיצט לעבן מיר אַ קליין ייִדעלע פון אַ יאָר זעכציק. ער איז אַרעס־טירט געוואָרן, ווייַל אין זייַן שטוב האָבן ייִדן אומלעגאַל געדאַוונט. מען באַשולדיקט אים אין פירן קאָנטררעוואָלוציאָנערע טעטיקייט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג און אין שטיין אין פאַרבינדונג מיט אַן אויסלענדישן שפּיאָנאַזש־נעץ.

אַן אַלטער רוס דערציילט אַז מען באַשולדיקט אים אין שפּיאָנאַזש און ער ווייסט אַפילו נישט וואָס דאָס איז.

שוין דעם צווייטן טאָג ווי זײַן אויספאָרשער שרײַט אַז ער זאָל אונטער־שרײַבן אַז ער איז אַ שפיאָן. זײַן ענטפער איז, אַז ער וועט אונטערשרײַבן אַז ער איז אַ „פיאָנער", ווײַל ער ווייסט נישט וואָס מען מיינט מיטן וואָרט שפיאָן און „פיאָנער" ווייסט ער יאָ. זײַנע אייניקלעך זענען „פיאָנערן". יעדעס מאָל, דערציילט ער ווען איך זאָג מײַן אויספאָרשער אָנשטאָט שפיאָן — „פיאָנער", ציטערט ער אויף און זידלט מיך אויפן ערגסטן רוסישן אופן...

עס זיצן דאָ טויב־שטומע, וואָס ווערן באַשולדיקט אין פירן אַנטי־סאָוויעטישע אַגיטאַציע. דאָ געפינען זיך פאַרשטייערס פון אַלע שיכטן פון דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט און אַלע פאַראייניקט דער פאַראַגראַף 58, צום מערסטן מיטן פונקט 10 — אַנטי־סאָוויעטישע אַגיטאַציע: אַרויסגע־כאַפט זיך מיט אַ וואָרט, דערציילט אַ וויץ, געזאָגט פאַר עמיצן אַז עס פעלן פראָדוקטן. דער פונקט 6 שטייט נישט אָפ פון פונקט 10. שפיאָנאַזש איז אין דער נקוו"ד אַ גאַנגבאַר אַרטיקל. פונקט 7 און 8 זענען מיוחסים. מיט די פונקטן ווערן באַשולדיקט פאַרטיי־פירערס, אָנפירערס פון פאַבריקן, אינטעלעקטואַלן, מיליטער־לײַט, נקוו"דעניקעס וואָס זענען אַרײַנגעפאַלן אין אומחן בײַ די איצטיקע פירערס; פאַר די אַלטע באָלשעוויקעס און אַנדערע געוועזענע דיגניטאַרן וואָס סטאַלין וויל פון זיי פטור ווערן איז דאָ דער פונקט 1, דאָס הייסט פאַררעטער פון פאָטערלאַנד, אָדער אויפן פראָסטן לשון — טראָצקיזם.

קיין עסן באַקום איך נישט און עס ווילט זיך נישט עסן. אמת, ווען איך גיי אין קלאָזעט טרינק איך זיך אָן מיט וואַסער. מײַן אויספאָרשער ווייסט עס, נאָר ער שטערט מיר נישט.

פון צײַט צו צײַט דוכט זיך מיר אויס, אַז דער שפיל איז אים נישט צום האַרצן. דאָס איז דעמאָלט ווען איך זאָג אים: „דו האָסט דאָך אַליין אַלץ אויסגעטראַכט, אַלץ אַליין פאַרשריבן און פײַניקסט מיך, אַז איך זאָל אונטערשרײַבן. ענטפערט ער מיר כלומרשט מיט אַ געבייזער: „דו פאַר־שטייסט, די פאַרטיי און רעגירונג פאָדערן עס פון אונדז. וואָס זאָל איך טאָן?"

ווען איך זאָג אים: „מײַן טאַטע איז געווען אַ טעקסטיל־אַרבעטער און אומגעקומען אין אַ פאָגראָם פון די ווײַסגוואַרדייערס; מײַן מוטער איז געשטאָרבן ווען איך בין נאָך קיין דרײַ יאָר נישט אַלט געווען... און דו

האָסט געשריבן אַז זיי לעבן און זענען טעקסטיל־פֿאַבריקאַנטן און מיך, אַ פּשוטן סאָלדאַט, האָסטו געמאַכט פֿאַר אַן אָפֿיציר".

דאַן הייבט ער אָן שרײַען: „צוגיין צו דער וואַנט און אויפֿהייבן די הענט!"

איך שטיי שוין דעם דריטן טאָג און קוק אויף דער פֿאַרבלוטיקטער וואַנט. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דאָס בלוט אויף דער וואַנט רינט און רינט... איך זע עס באַשײַנפּערלעך, איך פּרוּוו אָנרירן דאָס בלוט. עס ווײַזט זיך אַרויס אַז עס איז פֿאַרגליווערט. אָבער איך זע דאָך ווי עס פֿליסט פֿון די צוויי גרויסע האַקעס, וואָס שטעקן אין דער וואַנט.

כ'האָב אויפֿגעהערט טראַכטן וועגן דער היים, וועגן פֿרוי און קינד וועלכע זענען דערווײַל אויף דער פֿרײַ, וועגן זיך און וועגן דעם וואָס עס וועט געשען ווען איך וועל פֿאָרט מוזן אונטערשרײַבן. איך פֿיל נישט קיין הונגער, כאָטש איך האָב שוין נישט געגעסן דעם דריטן טאָג. איך וויל נאָר דערגיין צי דאָס בלוט רינט אָדער עס דוכט זיך מיר נאָר אַזוי אויס.

דער אויספֿאָרשער זיצט רויִק. ער עסט, לייענט אַ בוך, שפּילט זיך מיטן רעוואָלווער. ווען עס דוכט זיך אים אויס אַז מ'גייט אין קאָרידאָר, הייבט ער אָן ווילדעווען און שרײַט צו מיר, אַז יענער אין דרויסן זאָל הערן:

— הינטישער זון, שפּיאָן, וועסט אונטערשרײַבן, אָדער איך וועל דיך דערשיסן אָט־אָ דאָ!

איך בין שוין געוווינט צו דעם און עס מאַכט שוין נישט אויף מיר קיין אײַנדרוק.

פֿון צײַט צו צײַט הייסט ער מיך אַוועקזעצן און ער גיט מיר צו פֿאַר־שטיין, אַז עס וועט מיר גאָרנישט העלפֿן, כ'וועל מוזן אונטערשרײַבן. איז דעריבער, זאָגט ער, בעסער פֿאַר מיר, איך זאָל דאָס טאָן שוין איצט, כּל־זמן איך האָב נאָך נישט קיין אונטערגעהאַקטע לונגען און קיין אונטערגעהאַקט האַרץ.

איך רעד צו זײַן ייִדישן „געוויסן": ווי איז דאָס מעגלעך אַז אַ ייִדי־שער אַרבעטער זאָל זײַן אַ פּוילישער שפּיאָן? אַז אַ זון פֿון אַ לאָדזשער וועבער און שטאָפּערין, וואָס אַגב לעבן זיי ביידע שוין נישט, זאָל פֿאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ זון פֿון אַ רײַכן טעקסטיל־פֿאַבריקאַנט און אַן אָפֿיציר

אין דער פוילישער אַרמיי?... ער ענטפערט מיר אויף ייִדיש: האָק נישט קיין ביצים, שרײַב אונטער, וועט בעסער זײַן פֿאַר דיר. מיר האָבן גרעסערע העלדן פון דיר אַוועקגעלייגט. ראַדעק האָט נאָך פערציק טעג אונטערגעשריבן און האָט געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבן געוואָלט...

יעדעס מאָל, ווען דער אויספֿאָרשער האָט געדאַרפט אַוועקגיין, האָט ער מיך אַרײַנגעפירט אין אַ צווייטן צימער ווו אַ פֿאָרשער אָדער אַ פֿאָרשערין האָבן זיך „געשפּילט” מיט זייער קרבן. נישט איין מאָל האָב איך אויפגעציטערט, זעענדיק ווי אַ יונגע מויד, אַן אויספֿאָרשערין, זידלט, שלאָגט אַן עלטערן מאַן אָדער פרוי, וואָס איז נאָך מיט אַ וואָך פריִער געווען „דאָס אויבערשטע פון שטויסל”.

נאָכן צוריקקומען צום אויספֿאָרשער האָב איך אינסטינקטיוו דערשפּירט אַז עפּעס דאַרף געשען. מײַן אויספֿאָרשער האָט מיך באַגעגנט מיט געשרייען, פונקען האָבן געשפּריצט פון זײַנע פֿאַרבלוטיקטע אויגן. ער האָט אַ געשריי געטאָן: צו דער וואַנט שפּיאָן! אויפהייבן די הענט!

פון קאָרידאָר האָבן זיך דערטראָגן ווילדע געשרייען פון די אויספֿאָרשערס און יאָמערלעכע געוואָלדן פון די קרבנות. מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט טריט אין קאָרידאָר. מײַן אויספֿאָרשער איז צוגעלאָפן צו מיר מיט אַזאַ אימפּעט און האָט מיר דערלאַנגט אַ זעץ אין קאָפּ — אַז אין איין אויגנבליק האָט די וואַנט באַקומען אַ מתנה: אַ חלק בלוט, וואָס האָט געשטראָמט פון מײַן נאָז.

איך האָב קיין פּיפּס נישט געגעבן, נאָר מיט די הענט גענומען ווישן דאָס בלוט. ער האָט אָבער געקוויטשעט: „די הענט אין דער הויך!” כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פּרובירט אײַנהאַלטן דאָס בלוט, וואָס האָט געשטראָמט פון מײַן נאָז.

מיט אַ מאָל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַ קליין, דיק פֿאַרשוינדל, באַהאָנגען מיט מעדאַלן, צוזאַמען מיט צוויי אונטערפירערס. דאָס איז דער נאַטשאַלניק פון דער נקוו״ד פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט און דעפּוטאַט פון העכסטן סאָוויעט. מײַן אויספֿאָרשער סאַלוטירט און שרײַט אויס: סמירנאָ!

איך שטיי מיטן קאָפּ פּאַרריסן אויף אַרויף און מיט די הענט בײַ דער נאָז.

סטראָמין ווענדט זיך צום אויספאָרשער:

— וועמען האָסטו דאָ?

— אַ שפּיאָן, חבר נאַטשאַלניק.

— ווי לאַנג שטייט ער שוין?

— דרײַ טעג, חבר נאַטשאַלניק.

— געגעסן?

— ניין, חבר נאַטשאַלניק.

— גיב אים אַ מיטיק.

ווען דער נאַטשאַלניק איז אַרויס, האָט מײַן אויספאָרשער מיר געהייסן זיך זעצן, האָט אַרײַנגעברענגט קאַלט וואַסער, מיר געהאָלפן זיך אַרומוואַשן און האָט עפּעס געמורמלט וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען. אַרום צוועלף אַ זייגער האָט מען אַרײַנגעברענגט אין קאַמער אַ טישל מיט אַ ווײַסן טיש־טוך, אַ שטול, אַ מיידל אין אַ ווײַסן פאַרטוך האָט אַרײַנגעברענגט אַ מיטיק: אַ הייסן, פעטן, רוסישן „שטשי" מיט פעט פלייש און ברויט. איך האָב זיך נישט געוואָלט צורירן צום עסן, אָבער מײַן פאַרשער האָט מיך געהייסן עסן און האָט מיט אַ פלומרשט ברודערלעכער שטים געזאָגט צו מיר אויף ייִדיש:

— עס, עס. וועסט אַזאַ מיטיק לאַנג, לאַנג נישט זען...

איך האָב ווי עס איז אויפגעגעסן דאָס מיטיק. די אויגן בײַ מײַן אויס־פאָרשער האָבן געשטראַלט פון שׂמחה.

נאָכן מיטיק איז געקומען אַ באַפעל: צו דער וואַנט!

אָט שטיי איך ווידער בײַ דער וואַנט. עס ווילט זיך שלאָפן און איך ווער דורשטיק. איך בעט מײַן אויספאָרשער ער זאָל מיר דערלויבן טרינקען אַ ביסל וואַסער. מײַן פאָרשער האָט זיך צעלאַכט און אַ זאָג געטאָן:

— דער נאַטשאַלניק האָט דיר דערלויבט צו עסן מיטיק. וועגן וואַסער האָט ער גאָרנישט געזאָגט...

דער דורשט איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער. אויסער דעם האָט מיר געדרייט אין בויך. איך האָב נישט אויפגעהערט צו בעטן מײַן אויספאָרשער

ער זאָל מיר געבן אַ שלוק וואַסער. דער ענטפער איז געווען: שרײַב אונטער, וועסטו קריגן וואַסער וויפל דו ווילסט.

פאַר נאַכט־צו האָט מען מיך אַרײַנגעפירט אין אַ צימער ווו מען האָט „געפּאָרשט" אַ קרבן. דאָס איז געווען אַ מאַן אין די פופציקער יאָרן, אַ טשעך, אַ פּראָפעסאָר אויפן סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט. די לעצטע נאַכט זענען מיר צוזאַמען געזעסן אין זעלבן קעמערל אין קעלער פון דער נקוו"ד.

דער אויספאָרשער, אַ מאַן פון אַ יאָר דרײַסיק מיט אַ קינדעריש פּנימל, גערופן האָט מען אים סאַבאַטשקין — הינטל. ער האָט געבלעטערט אין די פּאַפּירן און געוואָרנט זײַן קרבן ער זאָל נישט אויסטאָן די שיך. דער פּראָפעסאָר האָט אָבער אויסגעטאָן אַ שוך, אויפגעוויקלט אַ שוואַרצע שמאַטע פון זײַן געשוואָלענעם פוס און גענומען אויסטאָן דעם צווייטן שוך. סאַבאַטשקין האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען געלאַסן צו זײַן קרבן, גענומען דעם אויסגעטאָענעם שוך און אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אים דעם געשוואָלענעם פוס פון דעם פּראָפעסאָר, ביז עס האָט אַ שפּראָץ געטאָן בלוט. דאַן איז ער געלאַסן צוגעגאַנגען צו זײַן טיש, זיך אַוועקגעזעצט און גענומען בלעטערן אין די פּאַפּירן, און האָט שטיל געזאָגט: אָנטאָן די שיך, ווײַל אויב נישט וועל איך דיר זיי אָנטאָן. דער פּראָפעסאָר האָט אָבער שטיל געזיפצט און האָט אויסגעטאָן דעם צווייטן שוך.

בײַ סאַבאַטשקינען אויפן טיש איז געשטאַנען אַ גראַפין מיט וואַסער. איך האָב געקוקט אויפן פּראָפעסאָרס צעקרימטן פּנים און אויפן וואַסער. כ'האָב נישט אויסגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן:

— בירגער אויספאָרשער, דערלויבט מיר צו טרינקען אַ ביסל וואַסער.

סאַבאַטשקין האָט בלעטערנדיק די פּאַפּירן, אָפּגעענטפערט:

— שרײַב אונטער, וועסטו קריגן וואַסער.

איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און כ'האָב אָנגעהויבן שרײַען מיט באַנומענע קולות:

— דו ווילסט אַז איך זאָל צוליב אַ ביסל וואַסער פאַרראַטן מײַן אויספאָרשער?

סאַבאַטשקין האָט געקריצט מיט די ציין און האָט אויסגעשריגן:

געדענק, וועסט אַרײַנפֿאַלן אין מײַנע הענט, שפּיאָן, וועסטו בײַ מיר נישט טרינקען קיין וואַסער, נאָר דײַן אייגענע השתנה!

עס האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס האָט זיך באַוויזן דער געהילפֿס־נאַטשאַלניק פֿון דער דריטער אָפּטיילונג, דובראָווסקי. ער האָט אַ פֿרעג געטאָן, קוקנדיק דאָ אויף מיר, דאָ אויפֿן קרבן מיט די פֿאַרבלוטיקטע פּיס:

— וואָס זענען דאָ די געשרייען?

איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט: כ׳האָב געבעטן אַ טרונק וואַסער, האָט דער אויספֿאָרשער געקאָנט געבן אָדער נישט. אָבער ער וויל גאָר איך זאָל אונטערשרײַבן פֿאַרן טרונק וואַסער און פֿאַרראַטן מײַן אויספֿאָרשער...

דובראָווסקי האָט אַ זאָג געטאָן:

— טרינק וויפֿל דו ווילסט!

כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן דעם גראַפֿין מיטן וואַסער און גענומען טרינקען אייפֿערדיק, באַגיסנדיק זיך, געשטיקט זיך, ביז כ׳האָב אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע וואַסער. דובראָווסקי, סאָבאַטשקין און דער קרבן, דער פּראָפֿעסאָר — אַלע האָבן זיך צוגעקוקט... ווען דובראָווסקי איז צוריק אַוועק אין זײַן צימער, האָט סאָבאַטשקין, מישנדיק זײַנע פּאַפּירן מיך געוואָרנט: — געדענק, שפּיאָן, וועסט אַרײַנפֿאַלן אין מײַנע הענט און דו וועסט טײַער באַצאָלן פֿאַר יעדן שלוק וואַסער וואָס דו האָסט דאָ אויסגעטרונקען... און מיט כּעס האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זײַן קרבן, האָט אים געטראָטן מיט די פּיס, געקאָפּעט און געזידלט...

די דריטע נאַכט האָט מען מיך געפֿירט איך אַ גרויסן זאַל ווו אַ יונגער נקוו״דיסט האָט געדאַרפֿט אַכטונג געבן אויף אַ פּופֿצן אַרעסטירטע. אַ טייל פֿון זיי האָבן געמוזט שטיין, ווײַל אַזוי האָבן געפֿאָדערט זייערע אויספֿאָרשערס. איך בין געווען צווישן די וואָס האָבן געמעגט זיצן אָבער נישט שלאָפֿן. אָבער אַזוי זיצנדיק האָט מען יעדעס מאָל געכאַפּט אַ דרימל, ביז מ׳האָט אָנגעהויבן שנאָרכן און דאַן האָט דער נקוו״דיסט אַ געשריי געטאָן. מ׳האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און נאָך אַ קורצער צײַט ווידער געכאַפּט אַ „דזשים״.

די וואָס האָבן געמוזט שטיין, האָבן זיך געקאָנט „אויסקויפן" מיט דערציילן „פעטע" וויצן. עס איז געווען שרעקלעך צוצוקוקן ווי מענטשן וואָס האָבן דערקלעטערט צו די העכסטע שטאַפּלען אויפן פּאַרטיי־לייטער, שטייען איצט און דערנידעריקן זיך פאַר אַ יונגן חברה־מאַן, כדי צו באַקומען אַ מתּנה: אַ דערלויבעניש זיך צוצוזעצן, אָדער עטלעכע „צי" פון אַ פּאַפּי־ראָס... אָט שטייט אַ פּרוי אין די מיטעלע יאָרן, פּראָפעסאָר פון מאַרקסיזם־לעניניזם אין ענגעלס־אוניווערסיטעט, און רעדט צו זיך:

— טײַערער סטאַלין, ווען דו וואָלסט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר! אין וועלכן לאַנד אין דער וועלט וואָלט דען מעגלעך געווען, אַז אַ טאָכטער פון אַ באַן־אַרבעטער זאָל זיך דערשלאָגן צו אַ פּראָפעסאָרן־טיטל? אָבער, טײַערער פאָטער פון אַלע פעלקער, מען פּײַניקט מיך שוין זעקס טעג, זיי ווילן מיך מאַכן פאַר אַ דײַטשן שפּיאָן. איך וועל בעסער אומקומען און נישט אונטערשרײַבן...

אַ געשריי פון נקוו"דיסט רײַסט איבער אירע תּחנונים.

— סטערוווע, שטיל!

זי רעדט אָבער ווײַטער: ווי אַזוי טוט מען עס צו וויסן קיין מאָסקווע, צום חבר סטאַלין, וועגן דעם וואָס דאָ קומט פאָר? דער נקוו"דיסט רופט זי:

— בליאַד, קום אַהער!

זי גייט צו צום נקוו"דיסט.

— האָסט געהערט — פרעגט ער — אַז ס'איז פאַראַן אַ לאַנד מיטן נאָמען פראַנקרײַך?

— יאָ.

— וועגן אַ שרײַבער מיטן נאָמען מאָפּאַסאַן האָסטו געהערט?

— יאָ.

— בײַ מאָפּאַסאַנען — זאָגט ווײַטער דער נקוו"דיסט — איז פאַראַן אַ דערציילונג וועגן פּראָסטיטוטקעס. ער קלאַסיפיצירט זיי אַזוי: אַ שאַנסאָ־נעטע איז אַזאַ איינע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט רײַכע חברה־לײַט פאַר גרויסע געלטער. אַ מיטלקלאַס־פּראָסטיטוטקע נעמט־אויף געסט אין ביליקע האָטעלן. די פּראָסטיטוטקע פון נידעריקסטן קלאַס איז די וואָס גיט זיך

אָפּ צו יעדן איינעם פּאָר אַ שטיקל ברויט אָדער פּאָר אַ ביסל ספּירט ערגעץ אונטער אַ בריק. און דאָס ביסטו! פּאַרשטייסט? און איצט גיי, סטערווע!

זי איז צוריק אַוועק אויף איר אָרט און האָט ווײַטער געמורמלט: יאָ, איצט וועל איך אונטערשרײַבן. ער האָט מיר שוין אַלץ געגעבן צו פאַר־שטיין. יאָ, בעסער דער טויט, איידער צו הערן אַזעלכע לעקציעס...

יעדן טאָג דאָס זעלבע: געשרייען, שטיין בײַ דער פּאַרבלוטיקטער וואַנט. איך פאַרשטיי אַז עס איז אַ שפּיל פאַרן טײַוול. איך ווער צו אַלעם גלײַכגילטיק. נישט עס אַרן מיך מײַנע ווייטיקן, נישט עס אַרן מיך די געשרייען און געוואַלדן וואָס הערן זיך גאַנצע מעת־לעתן פון די צימערן פון דער נקוו״ד. די פיס זענען געשוואָלן, ס׳ווילט זיך אַראָפּוואַרפן די שיך און זיך אַוועקלייגן אויף דער פּאָדלאָגע און שלאָפן. איך גיי, איך שטיי, איך זיץ און דרימל. דער אויספאָרשער רעדט צו מיר און איך פאַרשטיי נישט וואָס ער וויל.

אויפן פינפטן טאָג האָט מען מיר דערלאַנגט ברויט מיט הייס וואַסער און אַ שטיקל צוקער. נישט איך וויל עסן, נישט איך וויל טרינקען. איך נעם דאָס שטיקל צוקער אין מויל אַרײַן און הייב אָן צו זויגן. דער אויס־פאָרשער שרײַט: טרינק דאָס וואַסער און עס דאָס ברויט! טרינק איך דאָס וואַסער און עס דאָס ברויט.

שוין דעם זעקסטן טאָג געפין איך זיך אויף דער אויספאָרשונג. אין דער נקוו״ד.

די „היים״, מײַן פרוי און קינד און אויך די תּפיסה־קאַמער — ווי זיי וואָלטן מיך עפּעס אין גאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. איך דערמאָן זיך אין זיי ווי אין אַ ווײַטן חלום. דיווירקלעכקייט עקסיסטירט נישט פאַר מיר...

מײַן אויספאָרשער פאַרשטייט מײַן צושטאַנד. ער פּרובירט זײַן גוט צו מיר, ער רעדט צו מיר ייִדיש. ער עצהט מיר איך זאָל גוט איבערקלערן און רחמנות האָבן אויף זיך אַליין, אויף מײַן פרוי און קינד און כ׳זאָל אונטערשרײַבן איידער מ׳וועט מיר אונטערהאַקן דאָס האַרץ מיט די לונגען.

שוין דעם צווייטן טאָג ווי עס מאַטערט מיך אַ געדאַנק, אַז איך מוז אונטערשרײַבן, נאָר מיטן באַדינג מען זאָל אויסבעסערן מײַן „ביאָגראַפיע״ און מ׳זאָל אַרײַנשרײַבן אַז מײַנע עלטערן זענען געווען טעקסטיל־אַרבע־

טערס און אַז איך בין געווען אַ דרוקער־אַרבעטער. איך זאָג צו מײַנע אויספאָרשערס, אַז אויב מ׳וועט איבערשרײַבן דעם באַשולדיקונגס־אַקט לויט מײַן ווונטש, וועל איך אים אונטערשרײַבן. דער אויספאָרשער לאַכט זיך אָבער אויס. ער זאָגט, אַז איך וועל בעסער ווערן. ער גיט מיר צו פאַר־שטיין דווקא אויף יידיש, אַז אַ דאַנק אים און דובראָווסקין, דעם וויצע־נאַטשאַלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג — אויך אַ ייִד — צאַצקעט מען זיך מיט מיר שוין דעם זעקסטן טאָג. ער דערקלערט מיר אָבער אַז דאָס אונטערשרײַבן דעם אַקט איז נישט קיין קאַפּריז פון אים, אָדער פון דובראָווסקין. דאָס זענען בפירושע אָנווײַזונגען פון חבר סטאַלין און פון דער פּאַרטיי...

איך בעט מײַן אויספאָרשער ער זאָל מיר דערלויבן אויסטאָן די שיך. ער ענטפערט: שרײַב אונטער, וועסטו קאָנען אויסטאָן די שיך. וועסט קריגן עסן און וועסט קאָנען שלאָפן וויפל דו וועסט נאָר וועלן.

שוין צום וויפלסטן מאָל גיט מיר מײַן אויספאָרשער צו פאַרשטיין אַז קיין טויטשטראָף וועל איך נישט קריגן, ווײַל עס זענען נישטאָ קיין עדות וואָס זאָלן באַשטעטיקן אַז איך בין פּאַקטיש אַ שפּיאָן. צום העכסטנס קאָן איך קריגן פינף און צוואַנציק יאָר.

די פראַגע וועגן טויטשטראָף, אָדער פינף און צוואַנציק יאָר לאַגער — דאָס אינטערעסירט מיך שוין נישט. מיר גייט נאָר אין דעם גוטן נאָמען פון מײַנע טויטע טאַטע־מאַמע, און אויך וועגן מײַן פּראָלעטאַרישער פּאַרגאַנ־גענהייט. ס׳הייסט: אַז איך בין געווען אַ פּוילישער סאָלדאַט און אַ דרוקער־אַרבעטער. מײַן אויספאָרשער וויל אָבער אַפילו אָט די נאַרישע פאָדערונ־גען נישט נאָכגעבן. ער וויל מיך אין גאַנצן אײַנברעכן.

עס עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַרײַן אַ יונג פון כמעט צוויי מעטער, מיט אַ רויטער, אָנגעפּרעסענער צורה. ער גייט צו צו מײַן אויספאָרשער און פרעגט אים: וואָס צאַצקעסטו זיך מיט אָט דער לויז? גיב אים מיר איבער און אין פינף מינוט אַרום וועט ער אונטערשרײַבן.

ער וויל צוגיין צו מיר, אָבער מײַן אויספאָרשער גיט צו אים אַ ווונק און ער פאַרלאָזט דאָס צימער. איך זיץ מיט וויטיקן, דער עיקר אין די פיס.

איך שלאָף שטייענדיק, זיצנדיק און גייענדיק. איך פיל שוין נישט וואָס עס קומט פאָר אַרום און מיט מיר.

מײַן אויספאָרשער וועקט מיך אויף. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפן — אַ רגע אָדער אַ שעה. ער זאָגט מיר אַז ער גייט זיך דורכרעדן מיט דובראָווסקין און ער וועט ווירקן מ׳זאָל איבערשרײַבן דעם באַשולדיקונגס־אַקט אַזוי ווי איך וויל. איך דאַרף אָבער געדענקען אַז דאָס איז דער לעצטער פּרוּוו, און טאָמער וועל איך ווײַטער בלײַבן אײַנגעשפּאַרט וועט ער מיך איבערגעבן צו דעם וואָס איז דאָ אָקערשט געווען און בײַ אים וועל איך שוין אונטערשרײַבן...

ער הייסט מיך זיך אויפשטעלן און מיטגיין מיט אים. ער פירט מיך אַרײַן אין אַ צימער וווּ דער הויכער יונג מיט דעם מערדערישן פּנים דערלאַנגט קלעפּ אַ יונגן קאָרעער. ער קאָפּעט אים מיט די פיס און וואַרפט אים צו דער ערד מיט אַזאַ רציחה אַז עס פאַרקלעמט מיך בײַם האַרצן. מיט אַ מאָל האָט דער קאָרעער אָנגעהויבן שרײַען מיט שרעקלעכע קולות. איך בין געזעסן אַ פּאַרציטערטער, בין געוואָרן אויס שלעפעריק. דער יונג האָט אים געבריקעט מיט די פיס אין געשלעכטס־אָרגאַן.

אויף די באַנומענע געשרייען זענען אַרײַנגעקומען דובראָווסקי און אַנדערע אויספאָרשערס. זיי האָבן אַוועקגעריסן דעם יונג וועלכער האָט נאָך אַלץ געקאָפּעט און געשלאָגן דעם קרבן.

דובראָווסקי האָט באַפוילן אַרויסצורופן אַ דאָקטער וועלכער האָט זיך באַוויזן צוזאַמען מיט צוויי נקוו״דיסטן מיט אַ טראָגבעטל. דער דאָקטער האָט אײַנגעשפּריצט אַ פליסיקייט אין קערפּער פון דעם יונגן בחור און מ׳האָט אים אַרויסגעטראָגן.

איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטער און געמיינט אַז אָט־אָט וועט ער זיך אויפן זעלבן אופן אַ נעם טאָן צו מיר.

דער מערדער האָט אַרויסגענומען אַ פלאַש וואָדקאַ, אַ זופּ געטאָן און גענומען עסן ווי קיין מאָל גאָרנישט.

דאָס איז געווען דער לעצטער פּרווו מיך איַינצוברעכן. ווען מיַין אויס־פאַרשער האָט מיר מיט אַ שמייכל געהייסן מיטגיין מיט אים, האָט ער מיר געמוזט העלפן אויפשטיין פון דער באַנק און האָט מיך געהאַלטן ביַים אָרעם אַז איך זאָל נישט אומפאַלן. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט: „האָסט מזל, מ׳האָט איבערגעשריבן דעם באַשולדיקונגס־אַקט״, און ער האָט אים גענומען מיר פאַרלייענען. איך האָב אָבער גאָרנישט געהערט, גאָרנישט פאַרשטאַנען. אין מיַינע אויערן האָט אַלץ געקלונגען דער וויי־געשריי פון דעם יונגן קאָרעאַנישן בחור.

ווען מיַין אויספאָרשער האָט פאַרענדיקט לייענען, האָב איך אונטער־געשריבן. ער האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן גוט־ברודעריש אין פּלייצע, מיך אַרויסגעפירט פון צימער און איבערגעגעבן צו אַן נקוו״דעניק. דער האָט מיך אַראָפּגעפירט אין קעלער פון דער נקוו״ד און פון דאָרט בין איך אָפּ־געפירט געוואָרן צוריק אין מיַין תּפיסה־קאַמער.

איך בין אַוועקגעפאַלן אויפן דיל און אָנגעהויבן וויינען. מיַינע פינף מיטזיצערס זענען געשטאַנען שווייגנדיק ווי זיי וואָלטן אָפּגעגעבן כּבוד אַ טויטן...

קיינער האָט מיך גאָרנישט געפרעגט. יעדער איינער האָט געוווּסט און האָט פאַרשטאַנען לויט מיַין אויסזען אַז איך האָב אונטערגעשריבן אויף זיך אַ טויט־אורטייל.

אין דער ציַיט פון מיַין אָפּוועזנהייט זענען מעלמאַן און קיסיליעוו צוגע־נומען געוואָרן פון אונדזער קאַמער, מעלמאַן „מיט די זאַכן״ און קיסיליעווס זאַכן האָט מען אַרויסגענומען אין עטלעכע טעג שפּעטער. אויף זייער אָרט האָט מען אַריַינגעשיקט צוויי אַנדערע קרבנות. איינער אַן אויפזעער אין אַ תּבואה־שפּיַיכלער אין אַזינקי, סאַראַטאָווער געגנט און דער צווייטער — אַ לערער פון אַ סאַראַטאָווער שולע — ביידע זענען נאָך אויף קיין אויס־פאָרשונג אין דער נקוו״ד נישט געווען און מען האָט זיי אָנגעהויבן „וואַשן די געהירן״.

איך האָב אויסגעטאָן די שיך און זיך אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל אין קאַמער. שלאָפן ביַי טאָג האָט מען נישט געטאָרט. דער קאָפּ איז געווען אויסגעליידיקט. קיין ווילן צום עסן האָב איך נישט געהאַט. איַינשלאָפן האָב

איך נישט געקאָנט. איך האָב נאָר פון צײַט צו צײַט אַרויסגעלאָזט אַ זיפץ.

גוראָוו איז כסדר געזעסן לעבן מיר, מיך געבעטן כ׳זאָל עסן, ווײַל פאַר נישט עסן וועט מען מיך אַריבערפירן אין קאַרצער און איך וועל אַלס צולאָג באַקומען נאָך 10 יאָר.

איך האָב אָנגעהויבן עסן און בין אַ ביסל געקומען צו זיך. זעט אויס אַז גוראָוו, דער אַלטער „טשעקיסט" האָט פאַרשטאַנען אַז דער סוף איז נאָענט. ער האָט זיך געניטיקט אין אַ טרייסטוואָרט און מיר אַלע זענען געווען אַרײַנגעטאָן אין אונדזערע אייגענע צרות, האָט ער געפּרוּווט טרייסטן אַנדערע.

דאָס לעבן אין קאַמער איז ווידער געוואָרן „נאָרמאַל". יעדער פון אונדז האָט געהאָפט אויף אַ נס, ווייסנדיק אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זענען קיין נסים נישטאָ.

איך בין געוואָרן גוראָווס טרייסטער. איך האָב אים פאַרזיכערט אַז זײַן טויט־אורטייל וועט פאַרביטן ווערן אויף 25 יאָר און ער וועט ווידער קאָנען זיך פאַראייניקן מיט זײַן משפחה.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען גוראָוון גערופן אין דער נקוו״ד, אים געזאָגט, אַז די „אַרויספאָר־סעסיע" פון העכסטן געריכט איז שוין אין סאַראַטאָוו און ער וועט אין גיכן אַרויסגערופן ווערן. אויב ער וועט זיך „מודה" זײַן, וועט מען אים געבן אַ געלעגנהייט זיך צו געזעגענען מיט זײַן פרוי און קינדער און זיי וועלן בלײַבן אין סאַראַטאָוו. אויב נישט וועט זײַן פאַמיליע פאַרשיקט ווערן קיין סיביר און ער וועט סײַ־ווי־סײַ דערשאָסן ווערן.

צוריקקומענדיק פון דער נקוו״ד האָט מען גוראָוון נישט דערקענט. ער האָט אַ שווײַגנדיקער גענומען פּאַקן זײַנע זאַכן, געזעסן אויף זײַן בעטל און געשוויגן און אויף קיין פראַגעס נישט געענטפערט.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מען אים אַרויסגענומען פון דער קאַמער מיט די זאַכן. ער האָט זיך צעקושט מיט יעדן באַזונדער און זײַנע אויגן זענען געווען נאַס...

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט מען געהייסן אָפּאַרינען צוזאַמענגענעמען זײַנע זאַכן און זיך גרייטן פאַר דער „אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט".

אים האָט מען נישט געוואָרנט ער זאָל זיך „מודה" זײַן. אים האָט מען נישט צוגעזאָגט צו דערלויבן זיך געזעגענען מיט זײַנע אייגענע. זײַן טויט־אורטייל איז געווען אַ געחתמעטער דורך סטאַלינען אַליין און זײַן פאַמיליע איז שוין אַוודאי געווען פאַרשיקט ערגעץ אין די סיבירער לאַגערן.

ער האָט יעדן דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט: „צום ווידערזען זיך אויף יענער וועלט".

אין די ערשטע טעג פון חודש יוני האָט מען מיך געהייסן צוזאַמענגע־מען מײַנע זאַכן. איך בין געווען זיכער, אַז מען פירט מיך צום משפט. מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער קאַמער אין זעלבן קאָרפּוס.

אין קאַמער זענען געשטאַנען צוויי „בעטן". אויף איין בעט זענען געלעגן זאַכן.

אויפן דריטן טאָג האָט מען אין קאַמער אַרײַנגעלאָזט אַ מיטליאָריקן מאַן, וועלכער איז גלײַך צו צום בעטל מיט די זאַכן. ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט: סערגעי גריגאָריעוויטש זאַסוכין (נישט דער אמתער נאָמען), פּראָפעסאָר פון מיקראָביאָלאָגיע אין סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט. נאָך עטלעכע טעג זענען מיר געוואָרן אַזוי נאָענט, אַז מיר האָבן פאַרלוירן די מורא און „געעפנט די הערצער" איינער פאַרן צווייטן. זאַסוכין, אַ באַרעדעוודיקער, אינטעליגענטער מענטש איז דאָס לעצטע האַלבע יאָר גע־זעסן איינער אַליין אין אַ קאַמער און ער האָט זיך פּשוט מחיה געווען ווען ער האָט מיך דערזען. ער האָט באַקומען אַרײַנגעשיקט פּעקלעך פון זײַן שוויגער. זײַן פרוי האָט אים נאָכן אַרעסט צוגעשיקט אַ גט אין דער נקוו"ד. זי איז געווען אַ באַרימטע מאַטעמאַטיקערין און אַ געהילף פון דעם באַרימטן סאָוויעטישן עראָפּלאַנען־בויער, איליושין. פון דער שוויגערס פּעקלעך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די נקוו"ד האָט אויפגעצוווּנגען זײַן פרוי זי זאָל אים גטן.

ער האָט מיר פּשוט געצוווּנגען צו נעמען אַ העלפט פון זײַנע פּעקלעך וועלכע ער האָט באַקומען פון דער פרײַ.

אין סוף 1937 איז ער אַרעסטירט און אײַנגעזעצט געוואָרן אין די קעלערן פון דער נקוו"ד. די קאַמער ווו ער איז געזעסן איז געווען אָנגע־פּאַקט מיט אַרעסטירטע וואָס האָבן פאַרלוירן די מענטשלעכע צורה. צע־

שלאָגענע, פּאַרפּײַניקטע, פּאַרמוטשעטע פֿון הונגער און דורשט, יעדער אײַנגעוויקלט אין זײַנע שמאַטעס, זענען זיי געזעסן און געשוויגן. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט זיך דערטראָגן אַ זיפֿץ אָדער אַ געוויין.

די קאַמערן זענען געווען פֿינצטערע, נאַסע, אָן לופֿט. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט מחמת מורא אַז די ווענט האָבן אויערן. מען האָט נישט אונטערשיידט פֿון טאָג צו נאַכט.

נאָכן אָפּזיצן צוויי וואָכן אין דער קאַמער האָט מען אים גערופֿן צו אַן אויספֿאָרשונג. זײַן אויספֿאָרשער, אַ מיטליאָריקער מאַן מיטן נאָמען אושאַ־קאָוו, האָט אים פֿאָרגעלייענט די באַשולדיקונג:

אַ גרופּע פּראָפֿעסאָרן פֿון סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט און אַנדערע אוניווערסיטעטן האָבן אין 1936 געגרינדעט אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טראָצקיסטישע אָרגאַניזאַציע. איר ציל: אויב עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה, זאָלן זיי אין היינטערלאַנד פֿירן אַ מיקראָביאָלאָגישע מלחמה קעגן רוסישן פֿאָלק, פֿאַרסמען ברונעמער, פֿאַרשפּרייטן אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן און אַזוי אַרום העלפֿן דעם שונא פֿאַרניכטן דאָס סאָוויעטישע פֿאָטערלאַנד. די גרופּע האָט באַקומען הילף פֿון ענגלאַנד און אַמעריקע דורך זייערע אַגענטן, וועלכע זענען דורך דער נקוו״ד אַרעסטירט געוואָרן און האָבן אויסגעגעבן אַלע זייערע פֿאַרבינדונגען אין לאַנד. צווישן די אויסגערעכנטע האָבן זיך געפֿונען פּראָפֿעסאָר בעזסאָנאָוו און זײַן פֿרוי, גרויסע געלערנטע אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. חוץ דעם האָט מען אים פֿאָרגעלייגט דאָס עדות־זאָגן פֿון עטלעכע געלערנטע, אַז ער, זאַסוכין, איז דער איניציאַטאָר פֿון דער אָרגאַניזאַציע און אין זײַן וווינונג האָט מען געפֿירט דיסקוסיעס וועגן טראָצקין און ווי אַזוי צו שטירצן דעם סאָוויעטישן רעזשים.

עס איז אים געגעבן געוואָרן די ברירה: אומצוקומען אין די קעלערן ווי אַ פֿאַרשטונקענע נבלה, און זײַן פֿרוי (כאָטש זי האָט אים געגעט) און קינדער זאָלן פֿאַרשיקט ווערן אויף אומקום אין די לאַגערן אין סיביר — אָדער ער זאָל אונטערשרײַבן דעם באַשולדיקונגס־אַקט און געשטעלט ווערן פֿאַרן געריכט און אומקומען ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ באָלשעוויק און ראַטעווען זײַן משפּחה. ער האָט אויסגעקליבן דאָס ערשטע: אומצוקומען ווי אַ נבלה...

מ׳האָט אים געשטעלט אויף „קאָנפראָנטאַציעס״ מיט עטלעכע געלערנ־טע, וועלכע האָבן זיך „מודה געווען״ אין אַלע „פאַרברעכנס״, וועלכע די נקוו״ד האָט זיי באַשולדיקט און אים אין די אויגן דערציילט ווען און ווו עס זענען פאָרגעקומען די טרעפונגען פון דער גרופּע טראָצקיסטן. זיי האָבן אויך דערקלערט אַז ער, זאַסוכין, האָט צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע גע־לערנטע אויסגעאַרבעט די פּלענער צו דערפירן צו אַ צוזאַמענברוך פון דעם סאָוויעטישן סיסטעם אין דער צײַט פון אַ מלחמה...

די טאָרטורן האָבן זיך אָנגעהויבן. אושאַקאָוו האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן מיט אַ שרעקלעכער רציחה און אים געשלאָגן, געזידלט, גע־שפּיגן אין פּנים. אַזוי האָט מען זיך איבער אים איזדיעקעוועט שעהען לאַנג, אים נישט געלאָזט זיך אַוועקזעצן, אים געסטראַשעט מיט אַ רעוואָלווער, נישט געוואָלט אים פירן אין אָפּטריט. „מאַך אין די הויזן, פּראָפעסאָר״, האָט אושאַקאָוו געדונערט. אין דער פרי האָט מען אים צוריקגעפירט אין קאַמער. ער האָט זיך געפרווט אַנידערלייגן אויף דער פּאָדלאָגע, אָבער דער וועכטער האָט אַכטונג געגעבן, ער זאָל זיך נישט אַוועקלייגן און נישט אַוועקזעצן. בײַ נאַכט, ווען ער האָט ענדלעך אײַנגעדרימלט, האָט דער וועכטער אים אויפגעוועקט און געהייסן זיך גרייטן צו אַן אויספאָרשונג. אושאַקאָוו האָט אים באַגעגנט מיט אַ: „גוטן אָוונט, פּראָפעסאָר״ און אים געפרעגט צי ער האָט זיך איבערגעלייגט און צי ער איז גרייט אונטער־צושרײַבן? ער זאָל וויסן אַז דאָס איז ערשט דער אָנהויב.

ער האָט געענטפערט: „טוט וואָס איר ווילט, איך בין אַ באָלשעוויק און בין גרייט אויף אַלץ אויב די פּאַרטיי און חבר סטאַלין ווילן אַזוי״. בײַם דערמאָנען סטאַלינס נאָמען איז אושאַקאָוו ווילד געוואָרן, איז צוגעלאָפן צו אים, אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין פּנים וואָס האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט און געשריגן: „דו דערמאָנסט נאָך דעם נאָמען פון אונדזער גרויסן פירער, דעם פאָטער פון די פעלקער, אונדזער חבר סטאַלין, וועלכן דו מיט דײַן באַנדע האָבן זיך געגרייט אומצוברענגען?״ און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די נעכטיקע שטיק, מיט נאָך מער ברוטאַליטעט. צום סוף פון דעם ספּעקטאַקל האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אָדער דו שרײַבסט אונטער, אָדער דו וועסט דערשאָסן ווערן אָט דאָ, זעסט...״

ווידער אין קאַמער און ווידער בײַ אושאַקאָוון... מיך האָט שוין נישט געאַרט — האָט מיר שפּעטער פּראָפעסאָר זאַסוכין דערציילט — וואָס מען וועט טאָן מיט מיר. זאָלן זיי שיסן, קלער איך. נאָכן דערלאַנגען מיר אַ פּאָר קלעפּ האָט אושאַקאָוו אַרויסגערופן אַ מאַן, אים געהייסן נעמען אַ ביקס און אַלע דרײַ האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין „טשאַרני וואָראָן", אין טורמע־קעטשל. ווי לאַנג מען איז געפאָרן ווייס איך נישט. איך בין געווען רויִק. כ'האָב אין געדאַנק זיך געזעגנט מיט מײַנע נאָענטסטע.

ענדלעך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. אַלע דרײַ זענען מיר אַרויס פון קעטשל. אַרום איז געווען פינצטער. מיר האָבן זיך געפונען אויף אַ ליידיק פעלד. אושאַקאָוו האָט מיר עפּעס אָנגעטאָן, האָט אַרויסגענומען אַ טאַשן־לעמפּל, באַלויכטן דאָס פעלד און באַפוילן: לויף! איך בין געלאָפן אָן אָטעם. אושאַקאָוו האָט אַ קאָמאַנדעווע געגעבן: „שיסן!" איך האָב דערהערט אַ זאַלפּ פון אַ מאַשין־ביקס. איך בין אינסטינקטיוו אַנידערגעפאַלן. כ'האָב דערהערט, ווי אושאַקאָוו זידלט דעם באַגלייטער, אַז ער איז אַ שלעכטער שיסער. ער האָט באַפוילן אַז איך זאָל זיך אויפשטעלן, ווידער אָנגעלאָדן די ביקס, מיך ווידער געהייסן לויפן. איך האָב אָנגעהויבן לויפן, בעטנדיק אַז עס זאָל זיך שוין ענדיקן דער קאָשמאַר.

ווידער אַ זאַלפּ, ווידער אַ זידלערײַ.

מען האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין קעטשל און צוריקגעפירט אין מײַן קאַמער. אושאַקאָוו האָט מיך דערבײַ געוואָרנט, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט ער אַליין שיסן און וועט זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיינעם. עס איז נאָך נישט געווען דער פאַל אַז ער זאָל נישט טרעפן...

אַזוי האָט עס זיך געצויגן נאַכט נאָך נאַכט. דער פּראָפעסאָר האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. מען האָט אים אײַנגעזעצט אין אַ „כאָמוט" — אַן אויסגעהוילטער לאָך אין אַ מויער, וווּ מען קאָן זיצן נאָר געבויגן אין דרײַען. עס איז געווען שרעקלעך. אושאַקאָוו האָט אים געוואָרנט אַז אויב ער וועט נישט אונטערשרײַבן, וועט מען אויף זײַן נאַקעטן הינטן אַרויפשטעלן אַ טאָפּ מיט אַן עפענונג אין דער הויך און אין דעם טאָפּ אַרײַנלאָזן אַ לעבע־דיקן ראַץ און מיט הייסע שפּיזן דורך דער עפענונג אין טאָפּ בריִען דעם

ראָץ. דער ראַץ וועט דאָן פּרובירן זיך אַרײַנקריגן אין דער עפּענונג פון „הינטן״ — דעמאָלט וועט ער שוין נישט דאַרפן אונטערשרײַבן.

סוף־כּל־סוף האָט ער זיך אײַנגעבראָכן און אונטערגעשריבן נישט וויסנדיק וואָס... אושאַקאָוו האָט אים מיט ביטול אַ זאָג געטאָן: „אידיאָט, האָסט עס דאָך געקאָנט טאָן באַלד. וואָלסט מיר אײַנגעבראַכט אַרבעט!...״

מען האָט אים אַוועקגעפירט אין אַן איינצל־קאַמער אין פּאָליט־איזאָ־לאַטאָר. מען האָט אים געפירט אין באָד אַרײַן. עס האָט זיך באַוויזן אַ דאָקטער וועלכער האָט אים געגעבן געוויסע הילף. אין דער ערשטער וואָך אין פּאָליט־איזאָלאַטאָר האָט ער באַקומען אַ גט פון זײַן ווײַב.

ער איז געווען גליקלעך וואָס זײַן ווײַב איז געווען אַזוי קלוג און האָט אים אָפּגעגט. אפשר וועט זי דערמיט זיך ראַטעווען פון די נעגל פון דער נקוו״ד.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער ווידער אַרויסגערופן געוואָרן צום זעלבן אויספאָרשער. ער האָט אים אויפגענומען ווי אַן „אַלטן פרײַנד״, אים מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס און געלאָזט וויסן אַז ער ווערט געשטעלט פאַר דער „אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט״. ער דאַרף בלויז באַ־שטעטיקן אַז ער האָט פרײַוויליק זיך מודה געווען אין די פאַרברעכנס און דערמיט וועט ער ראַטעווען זײַן פאַמיליע. דערבײַ האָט ער אים גע־וואָרנט נישט צו פאַרשמוצן דעם גוטן נאָמען פון דער נקוו״ד.

ער האָט צוגעזאָגט. דערפאַר וועט ער נאָכן משפּט קריגן די געלעגנ־הייט צו געזעגענען זיך מיט די קינדער.

אין אַ צײַט אַרום איז ער ווידער אַרויסגערופן געוואָרן צום פאָרשער. ער האָט אים ווידער דערמאָנט ווי אַזוי ער דאַרף האַנדלען, אים געווונטשן „גליק״. מען האָט אים פאַרבונדן די אויגן מיט אַ האַנטוך און אים גענומען פירן איבער קאָרידאָרן, טרעפּ־אַראָפּ, טרעפּ־אַרויף. ער האָט געפילט אַז אָט־אָט פאַלט ער אַנידער. ענדלעך איז מען געבליבן שטיין. מען האָט אַראָפּגענומען דעם האַנטוך פון די אויגן. זײַן אויספאָרשער איז געשטאַנען נעבן אַ טיר און אים אַ זאָג געטאָן: „אין אָט דעם צימער געפינט זיך איצט די „אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט״. און ער האָט אים נאָך אַ מאָל אָנגעזאָגט ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן.

אושאַקאָוו האָט געעפנט די טיר און אים אַרײַנגעשטופּט אינעווייניק.

אין אַ ריזיקן זאַל זענען געזעסן די מיטגלידערס פון דער „אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט" — אַ 60־70 מאַן מיט אולבריכטן אין דער שפּיץ. אַלע העכערע מיליטער־לײַט אין מיליטערישע מונדירן, באַהאַנגענע מיט מעדאַלן, אולבריכט אין ציווילע קליידער. ער איז געווען דער הויפּט פון העכסטן געריכט, דער הענקער פון הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן.

אולבריכט האָט געבלעטערט פּאַפּירן און אים געשטעלט עטלעכע פראַגעס: נאָמען, פאָטערס נאָמען, באַשעפטיקונג. דערנאָך איבערגעגעבן די פּאַפּירן צו אַ גרופּע אויספאָרשערס, זעט אויס „ספּעציאַליסטן" אויפן געביט פון מיקראָביאָלאָגיע און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פראַגעס:

— מיטגליד פון דער פּאַרטיי?

— יאָ.

— ביסט זיך מודה אין די באַגאַנגענע פאַרברעכנס?

— ניין!

— פאַר וואָס האָסטו אונטערגעשריבן?

— מען האָט געשלאָגן ביז צום טויט.

אולבריכט שרײַט אויס: בײַ אונדז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד שלאָגט מען נישט.

ענטפער: מיך האָט מען געקאָטעוועט.

אולבריכט: וואָס ביסטו, אַ ייִנגעלע? דו ווייסט דאָך אַוודאי אַז באָלשעוויקעס האָבן זיך געלאָזט דערשלאָגן צום טויט און זיך נישט מודה געווען.

זאַסוכין: די באָלשעוויקעס וואָס האָבן זיך געלאָזט דערשלאָגן צום טויט זענען געווען קעמפערס פאַר אַן אידעע און פאַר דער אידעע זענען זיי געווען גרייט צו שטאַרבן. און דאָ ווילן זיי פון אידעאַליסטן מאַכן „פאַרברעכערס"...

אולבריכט: בירגער פּראָפעסאָר, האָסט זיך דערשראָקן פאַר אַ געשריי און אונטערגעשריבן?

זאָסוכין: מען האָט געקאָטעוועט מײַן לײַב טאָג און נאַכט און אַפילו הײַנט מיך געסטראַשעט אַז אויב איך וועל זיך נישט מודה זײַן אין אַלץ, וועט מען אַרעסטירן מײַן פאַמיליע און אַ לעבעדיקער ראָץ וועט צעפרעסן מײַן אינגעווייד.

נאָך עטלעכע מינוט שווײַגן האָט אולבריכט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל:

„אָנהויבן אַ נײַע אויספאָרשונג".

ווען אושאַקאָוו האָט אים באַגעגנט בײַם אַרויסגיין פון זאַל האָט ער שוין געוווּסט וואָס ס'איז געשען אינעווייניק. ער האָט אים אַ שלעפּ געטאָן צו זיך אין קאַבינעט און אָנגעהויבן זידלען און שרײַען. ער האָט זיך פאַר־מאָסטן אים צו דערלאַנגען ווי עס געהערט צו זײַן פאַר דעם „פאַרראַט".

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז מען גיט אושאַקאָוון אָנווײַזונגען וואָס צו טאָן מיט אים.

מען האָט דעם פּראָפעסאָר צוריקגעפירט אין דעם „פּאָליט־איזאָלאַ־טאָר". „שוין אַ האַלב יאָר, ווי איך געפין זיך אין אָט דער קאַמער. צום לייענען האָט מען מיר געגעבן שאָלאָכאָווס צווייטן טייל פון „אויפגעהויבע־נער רוי־ערד" („פּאָדניאַטאַיאַ צעלינאַ") אין דײַטש.

מיט דרײַ טעג צוריק, דערציילט מײַן פּאַרטנער אין דער קאַמער, האָט מען אים ווידער גערופן אויף אַן אויספאָרשונג. דער זעלבער אושאַקאָוו האָט מיך געבעטן כ'זאָל אַלץ פאַרגעסן. אמת, ער האָט ווידער געגישטערט אין מיסטקאַסטן פון „שפּיאָנאַזש, דיווערסיע, טעראָר", אָבער קיין איין מאָל מיר קיין קלאַפּ נישט געטאָן, נישט געשפּיגן אין פּנים, נישט געזידלט. ער וויל ווידער כ'זאָל אונטערשרײַבן. פאַרפאַלן, דאָס איז דער גורל פון רוסלאַנד. מערדערס, ציניקערס, סאַדיסטן, שטייען אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג.

שוין אויפן צווייטן טאָג האָט די נקוו"ד אָנגעהויבן אָנצופילן די קאַמער. מיר זענען ווידער געווען אַ „געזינדל" פון פינף מאַן, על־פּי רוב אינטע־לעקטואַלן אויף פאַרשידענע געביטן. אַלע אונטערגעשריבענע, נאָר נישט געמשפּטע. וואָס וועט זײַן ווײַטער האָט קיינער פון אונדז נישט געוווּסט:

יעדן טאָג האָט אַן אַנדער תּושב פֿון קאַמער געגעבן אַ לעקציע אויף דעם געביט וואָס ער איז געווען אַ מומחה. איך האָב דערציילט וועגן ייִדישע יום־טובים, וועגן לעבן פֿון ייִדן אין פּוילן און וועגן דער באַציִונג פֿון די פּאָליאַקן צו ייִדן.

דער טאָן־געבער אין קאַמער איז געווען זאַסוכין, פֿון דער נאַטור אַ פֿריילעכער, אַ באַרעדעוודיקער און אַ צוגעלאָזטער, האָט ער געהאַלטן לעקציעס וועגן מיקראָביאָלאָגיע אויף אַ פֿאַרשטענדלעכער שפּראַך. אַנדערע האָבן געהאַלטן לעקציעס וועגן רוסישער געשיכטע, וועגן דער געשיכטע פֿון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועגן סטאַלינס אויפֿטוען פֿאַר דער רעוואָלוציע און סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

אָט זאָגט זאַסוכין: „ווען ער וואָלט געשטעלט געוואָרן אויף יעזשאָווס אָרט, וואָלט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל צו דער נקוו״ד, אַז דער קאַמף קעגן אומשולדיקע מענטשן זאָל באַלד אָפּגעשטעלט ווערן און אַלע אַרעסטירטע אין די לאַגערן און תּפֿיסות זאָלן באַפֿרײַט ווערן און עס זאָל אָנגעהויבן ווערן אַן אויסראָטונגס־מלחמה קעגן די גרעסטע שונאים פֿון פֿאָלק: די לײַז, די וואַנצן און אַנדערע פּאַראַזיטן. שוין צוואַנציק יאָר נאָך דער רעוואָ־לוציע און עס איז אַזוי ווייניק געטאָן געוואָרן אויף דעם געביט. אַנשטאָט צו פֿירן אַ מלחמה קעגן די פּאַראַזיטן, פֿירט די פּאַרטיי אַ מלחמה קעגן אומשולדיקע מענטשן און פֿאַרניכטעט זיי. אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע זענען שוין נישטאָ קיין פֿליגן און אַנדערע פּאַראַזיטן און מען פֿירט קעגן זיי אַ קאַמף אַ גאַנץ יאָר און גרופּעס געלערנטע זיצן און זוכן אַלץ נײַע מיטלען צום קאַמף קעגן די „שונאים פֿון פֿאָלק”. בײַ אונדז אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד ווערן געלערנטע באַשולדיקט אַז זיי זענען שונאים פֿון פֿאָלק און זיי ווערן פֿאַרניכטעט. איז פֿרייט אײַך פֿליגן, לײַז, וואַנצן און אַנדערע — איר וועט אין קורצן איבערנעמען די מאַכט אין לאַנד...”

אָט איז אַ טעאָריע, וואָס נישט בלויז זאַסוכין האָט אין איר געגלויבט, נאָר אַ סך אַ סך אינטעלעקטואַלן אין יענער צײַט האָבן אין איר געגלויבט: אַ מלחמה צווישן דעם מערב און דעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד איז אומפֿאַר־מײַדלעך. דער סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד וועט די מלחמה פֿאַרשפּילן ווײַל די פֿירערס אין קרעמל זענען נישט ווײַטער פֿון זייער נאָז. אַנשטאָט צוצוגרייטן

דאָס פאָלק צו דער קומענדיקער מלחמה. ווערט געפירט אַ פאַרניכטונגס־מלחמה קעגן רוסישן פאָלק. די פּעיִקסטע מיליטער־לײַט זענען דערשאָסן געוואָרן. די אינטעליגענץ און געלערנטע ווערן פאַרניכטעט. אין די לאַגערן געפינען זיך מיליאָנען מענטשן, הונדערטער טויזנטער יונגע מענטשן מוזן היטן די אָרדענונג אין די לאַגערן. אויב עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה און די הונדערטער טויזנטער יונגע מענטשן וועלן אַוועקגעשיקט ווערן פון די לאַגערן אויף די פראָנטן, וועט אין די לאַגערן אויסברעכן אַן אויפשטאַנד און עס וועט אויסקומען צו קעמפן אויף צוויי פראָנטן און דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד וועט באַזיגט ווערן.

דיווירקלעכקייט האָט שפּעטער זיך אויסגעלאָזט פון דער טעאָריע. נישט נאָר זענען די היטערס פון די לאַגערן אַוועק קעמפן אויף די פראָנטן קעגן נאַצי־דײַטשלאַנד, נאָר הונדערטער טויזנטער אַזוי גערופענע „פּאָליטישע" און קרימינעלע פאַרברעכערס זענען פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט קעמפן קעגן שׂונא און אומגעקומען און די וועלכע האָבן זיך על־פּי נס געראַטעוועט זענען ווידער פאַרשיקט געוואָרן פאַר נײַע „חטאים", וואָס זיי זענען נישט באַגאַנגען.

און אָט איז אַ געשיכטע וואָס זאַסוכין האָט דערציילט. עס קלינגט ווי אַ רוסיש קינדער־מעשׂהלע וועגן „איוואַנושקאַ דוראַטשאָק" (איוואַן דער נאַר). ער האָט עס געהערט נישט איין מאָל, זײַענדיק נאָך אויף דער פרײַ.

„סטאַלין איז געווען אַ באַרעמהאַרציקער און גוטער פירער און האָט געוואָלט אײַנפירן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אַן אָרדענונג פון גערעכטיקייט און יושר. ער האָט אײַנגעטענהט מיט זײַנע אַרויסהעלפערס אַז דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך שוין גענוג אָנגעליטן אין די צײַטן פון די רוסישע צאַרן און אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע.

ער האָט געפאָדערט, אַז די גאַנצע ווירטשאַפט פון לאַנד זאָל געשטעלט ווערן צום דינסט פון פאָלק און אַז אַלע פינף־יאָר־פּלענער און אַלע רעסורסן פון לאַנד זאָלן אַרבעטן צום העכערן דעם לעבנס־ניוואָ פון פאָלק, אַזוי אַז די גאַנצע וועלט זאָל מקנא זײַן דעם סאָוויעטישן מענטש און אײַנפירן דעם קאָמוניזם אומעטום.

ווען סטאַלין האָט זיך דערוווּסט אַז אַ גרופּע פון זײַנע מיטהעלפערס האָבן אָן זײַן וויסן גענומען אַדורכפירן די צוואַנגס־קאָלעקטיוויזאַציע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און צענדליקער טויזנטער פויערים ווערן פאַרשיקט פון זייערע דערפער און די פאַרמעגנס ווערן קאָנפיסקירט, האָט ער גענומען פּראָטעסטירן און אויף אַ זיצונג פון פּאָליט־ביוראָ געסטראַשעט זיך אָפּצו־רעכענען מיט די שולדיקע. ער האָט געפאָדערט אָפּצושטעלן די צוואַנגס־קאָלעקטיוויזאַציע.

דעמאָלט איז אויף אַ געהיימער זיצונג פון פּאָליט־ביוראָ אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו באַזײַטיקן סטאַלינען. מיט אַנדערע ווערטער: אים אומצוברענגען.

די מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ האָבן סטאַלינען דערמאָרדעט. זיי האָבן זיך אָבער באַלד אַרומגעזען אַז זיי האָבן „פאַרקאָכט אַ קאַשע״, ווײַל סטאַלין איז געווען באַליבט בײַם פאָלק, ס׳פאָלק האָט אין אים געגלויבט און זיך געגויטיקט אין אַ באַשיצער.

זיי האָבן דעריבער סטאַלינען שטילערהייט באַגראָבן און גענומען זוכן אַ מענטש וואָס איז ענלעך צו סטאַלינען. זיי האָבן געפונען אַ פּויער אין ווײַטן סיביר, וואָס האָט אויסגעזען פּונקט ווי סטאַלין און איז געווען אין די זעלבע יאָרן וואָס ער. זיי האָבן אים געבראַכט קיין מאָסקווע, אים גע־נומען לערנען און צוגרייטן אַז ער זאָל איבערנעמען סטאַלינס פּלאַץ און אויספילן די באַפעלן פון פּאָליט־ביוראָ. ווען דער נײַער סטאַלין האָט זיך דערפילט געגנוג שטאַרק אין „זאָטל״, האָט ער פאַרשטאַנען ווער פון זײַנע אַרויסהעלפערס עס איז אים געטרײַ און קנעכטיש איבערגעגעבן און ער קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן און פאַר וועמען ער דאַרף מורא האָבן אַז ער זאָל נישט אויסגעבן דעם סוד. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו „ליקווידירן״ די אַלע פאַר וועלכע ער האָט מורא געהאַט. ער האָט אומגעבראַכט אַלע מיטגלידערס פון פּאָליט־ביוראָ, אַלע מיטגלידערס פון צענטראַל־קאָמיטעט, אַלע אַלטע באָלשעוויקעס, ווײַל ער האָט געהאַסט יעדן פּאַרטיי־מענטש און געווען פון דער נאַטור אַן אַכזר. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרויִקן און יעדעס מאָל האָט ער אַרויסגעגעבן נײַע באַפעלן צו מאָרד און פאַרוויסטונג.

דער נײַער סטאַלין איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן בלוטדורשטיקער און טאָג און נאַכט געגעבן באַפעלן זײַן געטרײַען אַרויסהעלפער, יעזשאָוו, צו פאַרניכטן וואָס מער. צום סוף איז יעזשאָוו אַליין געפאַלן אַ קרבן פון זײַן בלוטדורשטיקייט. אַ שיינע מעשׂה, נאָר זי איז צו פיל אײַנגעטונקען אין בלוט..."

סמירנאָוו, אַ מאַן פון איבער די 80, אַ פּראָפעסאָר פון היסטאָריע פון סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט, האָט דערציילט:

מען האָט אים געפירט אויף אַן אויספאָרשונג. אַ יונגער אויספאָרשער האָט אים אַרונטערגערוקט אַ צוגעגרייטע ווידוי און אים געהייסן אונטער־שרײַבן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. דער אויספאָרשער האָט אים געזאָגט: איך וועל זיך נישט אײַנשמוצן מײַנע הענט אין אַזאַ דרעק. ער האָט באַפוילן אים אָפּצופירן אין ערשטן קאָרפּוס אין אַ קאַמער פון קרימינעלע פאַרברע־כערס און זיי וועלן זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען. אין יענע צײַטן זענען די קרימינעלע פאַרברעכערס געוואָרן ספּעציעל טרענירט און באַקומען פון דער נקוו"ד די מאַכט צו לערנען בלק מיט די אַזוי גערופענע „פּאָליטישע".

ווען ער איז אַרײַנגעלאָזט געוואָרן אין דער קאַמער צווישן די קרימי־נעלע איז דאָרט געוואָרן אַ מהומה. די קרימינעלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַלטן פּראָפעסאָר און זיך אַ וואָרף געטאָן צו זײַנע פּעקלעך.

סמירנאָוו האָט זיך נישט דערשראָקן און מיט זײַן באַסאָווער שטים אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז דער „סטאַראָסטע" אין קאַמער?

עס איז צוגעקומען אַ יונגער חברה־מאַן און מעשׂה חוזק זיך גלײַך געשטעלט, סאַלוטירט און געענטפערט:

— איך בין דער סטאַראָסטע פון קאַמער.

סמירנאָוו האָט אים דערלאַנגט די האַנט און אים איבערגעגעבן אַלע זײַנע זאַכן און געזאָגט:

— איך בין אַן אַלטער מאַן, איבער די אַכציק יאָר אַלט, פּראָפעסאָר פון רוסישער היסטאָריע אויפן סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט. די נקוו"ד וויל

מיך מאַכן פאַר אַ פאַררעטער פון מײַן פאָטערלאַנד. איך בין עס נישט. זיי ווילן אַז איר זאָלט ווערן זייערע אַרויסהעלפערס און מיך אײַנברעכן. איך גיב זיך איבער אין אײַערע הענט.

דער „סטאַראָסטע", אַ פילפאַכער מערדער, האָט אים צוריקגעגעבן די זאַכן און אויסגערופן:

— ווער עס וועט אָנרירן אָט דעם אַלטן מאַן, אָדער פּרוּוון עפּעס בײַ אים צונעמען, וועט דערהרגעט ווערן דאָ אין דער קאַמער.

ער האָט באַפוילן אָפּצורייניקן אַן אָרט צום שלאָפן פאַרן אַלטן פּראָפעסאָר. עטלעכע חדשים איז דער פּראָפעסאָר געווען אין דער קאַמער מיט די קרימינעלע און קיינער האָט אים נישט געטשעפּעט.

נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די „אידיליע". מען האָט מיך אָנגעהויבן פירן פון קאַמער צו קאַמער. יעדעס מאָל האָב איך אָנגעטראָפן אויף נײַע מענטשן און זיך אויך געטראָפן מיט „אַלטע באַקאַנטע". אין איין קאַמער האָב איך געטראָפן דעם קאַרעאַנער יונגנמאַן וואָס איז אַזוי ברוטאַל צעשלאָגן געוואָרן, אַז ער האָט געמוזט אָפּגעפירט ווערן פון אויספאָרשונגס־ריכטער אין טורמע־שפּיטאָל. ער האָט שוין געהאַט אונטערגעשריבן אַז ער האָט זיך געגרייט אויפצורײַסן די בריק איבער דער וואָלגע נישט ווײַט פון סאַראַטאָוו. ער האָט כּסדר געטענהט: ווו געפינט זיך די בריק? ער האָט אַפילו נישט געוווּסט אַז עס עקסיסטירט אַ בריק איבער דער וואָלגע.

אין איין קאַמער האָב איך דערפילט אַז איך בין אַ ייִד. אַ מיטל־יאָריקער רוס, אַ פּאַרטיי־טוער ערגעץ אין אַ סאַראַטאָווער פאַבריק, האָט כּסדר אונטערגעשטראָכן אַז די נקוו"ד ווערט אָנגעפירט דורך ייִדן און אַז אין אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זענען שולדיק די „זשידעס" — ייִדן. אַלע אין קאַמער האָבן געשוויגן. דערנאָך האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו מיר פערזענלעך, מיך גערופן „פאַרשיווי זשיד" און אַנדערע נעמען. אַלע אין קאַמער האָבן געשוויגן. איין מאָל, בײַם באַקומען אַ זופּ, האָט ער מיך געגעבן אַ שטויס און אויסגעשפּיגן. איך האָב גענומען דאָס קעסעלע זופּ און אים אָנגעטאָן אויפן קאָפּ. ער האָט גענומען קוויטשען און

קוים אויסגעטאָן דאָס קעסעלע. ווען ער האָט זיך געווענדט צום „סטאַראָס־טע" פון קאַמער אַז ער זאָל אַרײַנרופן דעם וועכטער און פאָדערן מען זאָל מיך באַשטראָפן, האָט דער סטאַראָסטע אים געוואָרנט אַז פאַר זײַנע אַנטי־סעמיטישע רייד און פאַרן זאָגן אַז די נקוו"ד איז באַהערשט דורך ייִדן, וועט ער באַקומען אַלס צוגאָב צו זײַן אורטייל נאָך 25 יאָר. דעמאָלט איז ער פאַרשטומט געוואָרן.

אָנהייב יולי האָט מען מיך אַרויסגערופן אויף אַן אויספאָרשונג צום נאַטשאַלניק פון דער נקוו"ד, סטראָמין.

מען האָט מיך צוגעפירט צו אַ ביכער־שאַנק און דער אויספאָרשער האָט אַ דרוק געטאָן אַ קנעפּל. די ביכער־שאַנק האָט זיך פונאַנדערגערוקט און מען האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן זאַל. בײַ אַ ריזיקן טיש אַרומגעשטעלט מיט בענקלעך איז אויבנאָן אין אַ ווייכן פאָטעל געזעסן סטראָמין, דער נאַטשאַלניק פון נקוו"ד אין סאַראַטאָוו און דעפּוטאַט פון העכסטן סאָוויעט פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט. ער איז געווען אַ קליין, דיק מענטשל, באַהאָנגען מיט מעדאַלן. לעבן אים איז געזעסן אַ העכערער אָפיציר פון דער נקוו"ד. דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט פאַרשידענע פלעשער: ווײַן, וואָדקאַ און לימאָנאַדע. דער אָפיציר האָט אַרײַנגעגאָסן עפּעס אין אַ גלאָז און עס דערלאַנגט סטראָמינען.

סטראָמין האָט געקוקט אין דער פאַפּקע פּאַפּירן און דערנאָך געגעבן אַ קוק אויף מיר, מיך געפרעגט עטלעכע סטערעאָטיפּישע פראַגעס און מען האָט מיך צוריקגעשיקט אין תּפיסה, נאָר שוין נישט אין דער זעלבער קאַמער פון וואַנען מען האָט מיך גענומען, נאָר אין אַ צווייטער, ווו עס איז געזעסן אַ מאַן פון אַ יאָר 25. מען האָט באַלד געברענגט מײַנע זאַכן. דער מאַן האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז זײַן נאָמען איז קוזניעצאָוו. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אויף דער קאָ.ווע.זשע.דע (די אײַזנבאַן וואָס איז דורכגעגאַנגען די טעריטאָריע פון מאַנדזשוריע, וואָס איז דעמאָלט געווען אָקופּירט דורך יאַפּאַן) און געפרעגט צי איך ווייס אַז איך געפין זיך אין אַ טויטן־קאַמער.

כ'האָב אים אָנגעהויבן אויסרעדן אַז די טויטן־קאַמערן געפינען זיך אין די קעלערן פון דער נקוו"ד און אין די קעלערן פון „פּאָליט־איזאָלאַטאָר".

ער האָט מיר געענטפערט אַז איך בין נאַיִוו. די טויט־קאַמערן זענען איבערגעפולט און צו שיסן קאָן מען נעמען פון יעדער קאַמער...

ער האָט מיר דערציילט אַז ווי גרויס אַ קאַמער זאָל נישט זײַן ווערן די מענטשן געפירט אויף „שפּאַציר" מיט איין תּפיסה־וועכטער אָן געווער. אים פירט מען מיט אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער. אין באָד אַרײַן פירט מען אים בײַ נאַכט און עס פירן אים צוויי תּפיסה־וועכטערס מיט אויס־געשטרעקטע רעוואָלווערן.

עס איז לײדער אַלץ געווען אמת. ער האָט פּונקט ווי איך נאָך אַ שווע־רער אויספאָרשונג אַלץ אונטערגעשריבן. ער איז פּונקט ווי איך אַרויסגערופן געוואָרן צו סטראַמינען. און גיי ווייס, וואָס די נקוו"ד גרייט פאַר אונדז...

נאָר וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן ? איך האָב פּרובירט אים אויסצורײדן און טרייסטן, כאָטש אַליין האָב איך זיך געשראָקן.

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט באַוויינט זײַן יונג לעבן, זײַן פרוי און קינד, וואָס וועלן פאַריתומט ווערן. ער איז נישט געשלאָפן בײַ נאַכט, נאָר געהאַלטן אין איין וויינען. בײַ יעדן שאָרך אין קאָרידאָר האָט ער אויפגעציטערט.

עס האָבן אָנגעהויבן צוצוקומען אין אונדזער קאַמער אַלץ נײַע און נײַע קרבנות, אַזוי, אַז אין אַ וואָך שפּעטער האָבן זיך שוין אין אונדזער קאַמער געפונען פערציק מאַן, און יעדער איינער פון די נײַ־געקומענע איז פריִער אַרויסגערופן געוואָרן צו סטראַמינען. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט פאַר וואָס מיר זענען אויסגעטיילט פון די איבעריקע קאַמערן און פאַר וואָס מען היט אונדז אַזוי שטאַרק...

נאָכן איבערקלאַפּן זיך מיט אַנדערע קאַמערן האָבן מיר זיך אָבער דער־וווּסט אַז אַזעלכע קאַמערן זענען שוין דאָ אַ סך און אַלע וואָס געפינען זיך אין די קאַמערן זענען פריִער געווען בײַם נאַטשאַלניק פון דער נקוו"ד. דאָס זאָל האָבן געווען אַ משפּט פון דער „טראָיקע" (דרײַ), טאַקע דורך אים אַליין. מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט אַז עס ווערן געגרייט טראַנספּאָרטן אין די לאַגערן און טראַנספּאָרטן אויף „יענער וועלט".

קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט וואָס עס קאָכט זיך אין מאָסקווע.

יעזשאָוו, סטאַלינס ליבלינג, דער הענקער פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן האָט פאַרלוירן דעם חן אין סטאַלינס אויגן.

בעריאַ, דער נייַער ליבלינג פון סטאַלינען, האָט אָנגעשריבן „די קורצע געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין גרוזיע", ווו ער דערהייבט סטאַלינען צום ראַנג פון אַן „איבערמענטש".

מען האָט אָנגעהויבן אַרויסנעמען מענטשן פון אונדזער קאַמער. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט זיי געשעט און ווו אַהין מען פירט זיי.

מען האָט מיך מיט נאָך צוויי פון דער קאַמער אַרויסגערופן מיט די זאַכן און ווידער איבערגעפירט אין אַ קאַמער, ווו עס האָבן זיך געפונען אַרעסטאַנטן נאָך דער אויספאָרשונג. זיי האָבן געוואַרט פאַרשיקט צו ווערן אין אַ סיבירער לאַגער.

אין דער קאַמער האָבן זיך געפונען עטלעכע און פערציק אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן נאָכן אַדורכגיין די אַלע פּייַניקונגען אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די „מאַסקעס", וועלכע זיי האָבן געטראָגן אַ גאַנץ לעבן. געוואָרן ציניש, גלייַכגילטיק צו אַלץ וואָס אַרום זיי און מיט זיי קומט פאָר, גראָב און אַפילו ברוטאַל.

און בייַם געזעגענען זיך מיטן „פּאָליט־איזאָלאַטאָר", וויל איך דער־ציילן אַ געשיכטע וואָס קלינגט ווי אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט. די געשיכטע האָבן דערציילט אַרעסטאַנטן וועלכע האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט דעם הויפּטהעלד אירן אין „אָבליספּאָלקאָם" (אויספיר־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי), ווי אויך אַנדערע וואָס זענען געזעסן מיט אים אין פאַרשידענע קאַמערן אין דער נקוו"ד און אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר".

יעדן טאָג ווען מיר זענען געפירט געוואָרן אויף שפּאַציר, האָבן זיך צו אונדזערע אויערן דערטראָגן שוידערלעכע געשרייען: „איך בין סערגיי!" „איך בין סערגיי!" טויזנטער און טויזנטער אַרעסטאַנטן, וואָס זענען אין יענער צייַט געזעסן אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר", האָבן בעת מען האָט זיי געפירט אויף שפּאַציר געהערט די יאָמערלעכע געשרייען: „איך בין סערגיי!"

די געשיכטע פון אָט דעם סערגיי הייבט זיך אָן אין 1917. אַרום סאַראַ־טאָוו האָבן פאַרשידענע גרופּעס ווײַסגוואַרדייערס געקעמפט מיט דער רויטער אַרמיי אין ווענעמס הענט די שטאָט האָט זיך געפונען.

אַ יונגער בחור האָט געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, געווען העלדיש. אומדערשראָקן און מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער זיך אַרײַנגעגנבעט אין דער געגנט וואָס איז געווען באַהערשט דורך די ווײַסגוואַרדייערס, פאַרניכט אַ פּיל גרעסערע אָפּטיילונג ווי זײַנע און באַזיגט דעם שונא. דאָס האָט דערפירט צום נצחון פון דער רויטער אַרמיי אין יענער געגנט.

ער קומט צוריק קיין סאַראַטאָוו ווי אַ זיגער און ווערט אויפגענומען ווי אַ העלד. מען שיקט אים קיין מאָסקווע זיך לערנען. ער ווערט אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי און פאַרנעמט פאַרשידענע אַמטן אין דער נײַער ממשלה.

ער קומט צוריק קיין סאַראַטאָוו און ווערט דער ערשטער שטעלפאַרטרעטער פון פאָרזיצער פון „אָבליספּאָלקאָם", אַנדערש געזאָגט, דער וויצע־גובערנאַטאָר פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט.

ער איז בשלום אַדורך אַלע רייניקונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין סאַראַטאָווער געגנט. פאַרשטייט זיך אַז ער איז דער „ליבלינג" בײַ סטראָמינען, דעם נאַטשאַלניק פון דער נקוו"ד און בײַם ערשטן סעקרעטאַר פון „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי. ער איז אָבער געווען זייער ליבלינג, נישט בלויז פאַר זײַן פאַרגאַנגענהייט...

פאַר דער רעוואָלוציע האָט סאַראַטאָוו געשמט אַלס אוניווערסיטעט־שטאָט. אַקעגן איבער דעם סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט האָט סטאָליפּין, דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער, אויפגעבויט די תּפיסות, כּדי אָפּצושרעקן די סטודענטן, ווײַזנדיק זיי אַז דער וועג פון אוניווערסיטעט אין דער תּפיסה איז אַ קורצער. סאַראַטאָוו איז אַ סוחרישע שטאָט. זי איז אַרומגערינגלט מיט בערג. די וואָלגע וואַשט אירע ברעגעס. פאַראַן דאָרט אַ פּלאַזשע זיך צו באָדן.

סאַראַטאָוו האָט פאַרמאָגט צען דאַטשע־ערטער, נומערירט פון איינס ביז צען און זיי זענען געווען פאַרבונדן צווישן זיך מיט דער שטאָט דורך אַן עלעקטרישן טראַמווײַ. אין דער צענטער דאַטשע וואָס האָט זיך געפונען

עטלעכע מײַל פון סאַראַטאָוו האָבן זיך אין אַ סאָסנע־וואַלד געפונען פּאַלאַצן וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו רײַכע סוחרים און מיליטער־לײַט.

אין איינעם אַזאַ פּאַלאַץ וואָס האָט געהערט צום „אָבליספּאָלקאָם" האָט סערגיי אײַנגעאָרדנט און אָנגעפירט מיט אַ פאַרווײַלונגס־פּלאַץ פאַר די פירערס פון דער פּאַרטיי, נקוו"ד און אַנדערע מיוחסים.

דאָרט זענען זיך צוזאַמענגעקומען די פּני פון סאַראַטאָוו, געהוליעט, געשיכּורט. סערגיי איז געווען דער צושטעלער פון נקבות וואָס ער האָט ווערבירט.

סטראָמין איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין דעם „הײַזל", אָנגעפירט דורכן ערשטן געהילפס־פאָרזיצער פון „אָבליספּאָלקאָם".

אין 1937, ווען סטאַלין האָט באַפוילן אויסצוראָטן די אַלטע באָלשע־וויקעס, איז סטראָמין געוואָרן דער אַליינהערשער אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט. דעמאָלט האָט ער צווישן צענדליקער טויזנטער אַנדערע מענטשן אויך אַרעס־טירט אַלע מיטגלידער פון „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי, אַלע מיטאַרבעטערס פון „אָבליספּאָלקאָם" און צווישן זיי האָט ער אויך אַרעסטירט דעם דאָזיקן סערגיי.

סטראָמין האָט מורא געהאַט אַז אַ לעבעדיקער סערגיי קאָן אַ מאָל דער־ציילן דעם אויספאָרשער וועגן דער צענטער דאַטשע, האָט ער באַשלאָסן אַליין צו פירן די „אויספאָרשונג".

דער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן סערגייען האָט געזאָגט אַז אין 1917 איז סערגיי מיט זײַן גרופּע אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון שונא און איז דער־שאָסן געוואָרן.

אַ פירער פון די ווײַסגוואַרדייערס האָט זיך צוגעאייגנט די דאָקומענטן פון סערגייען און נאָכן בירגער־קריג געקומען קיין סאַראַטאָוו אַלס דער דערשאָסענער סערגיי.

דער פאַלשער סערגיי הרגעט איינציקווײַז אויס דעם אמתן סערגייס גאַנצע פאַמיליע. עס געלינגט אים צו געפינען צוטרוי בײַ די דעמאָלטיקע פירערס פון דער פּאַרטיי אין סאַראַטאָוו. ער ברענגט אַראָפּ קיין סאַראַטאָוו זײַן גאַנצע פאַמיליע און זיי ענדערן זייערע פאַמיליע־נעמען. דער פאַלשער

סערגיי ווערט געשיקט קיין מאָסקווע און עס געלינגט אים צו געפינען חן און צוטרוי אויך אין מאָסקווע.

ער טרעט אַרײַן אין דער פּאַרטיי, לערנט זיך און ווערט געשיקט אויף אַרבעט קיין סאַראַטאָוו.

דאָ „פֿאַרשאַרצט ער די אַרבל״, באַזאָרגט זײַן פֿאַמיליע מיט דאָקומענטן, באַזאָרגט זיי מיט גוטע פּאָסטנס, זיי ווערן מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי, כאָטש זיי זענען באַהאַלטענע שׂונאים פֿון פֿאָלק און פֿאַררעטערס.

דער פֿאַלשער סערגיי פֿירט אויס זײַן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. שטייט אין פֿאַרבינדונג מיט אויסלענדישן שפּיאָנאַזש, שאַפֿט טראָצקיסטישע קעמערלעך אין „אָבליספּאָלקאָם״ פֿון דער פּאַרטיי. ער שאַפֿט אַ „בורדעל״, שיכּורט און פֿאַרפֿירט אָנשטענדיקע פֿרויען פֿון דער סאָוויעטישער געזעל־שאַפֿט און גראָבט אונטער די וואַכזאַמקייט פֿון די פֿירערס פֿון דער פּאַרטיי אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט. ער קריגט אַרויס פֿון זיי געהיימע מלוכה־סודות וואָס ער גיט שפּעטער איבער אין די הענט פֿון די שׂונאים פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

זײַן גאַנצע פֿאַמיליע, אַפֿילו די ווײַטסטע משפּחה־מיטגלידער זענען אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשוווּנדן.

וואָכן און חדשים האָט מען סערגייען געפּײַניקט. ער איז אַדורכגעגאַנ־גען שבֿעה מדורי גהינום און זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט טאָג און נאַכט געשריִען: „איך בין סערגיי!״

עס איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט פֿאַר סטראָמינען. ער האָט אים נישט געקאָנט שיקן צום משפּט צו דער „אַרויספֿאָר־סעסיע פֿון העכסטן געריכט״, מורא האָבנדיק, אַז ער קאָן דאָרט „פֿאַרקאָכן אַ קאַשע״ און אַרײַנ־ציִען אים, סטראָמינען אין שפּיל. ער האָט אים אויך נישט געקאָנט שיסן ווײַל ער איז געווען צו גוט באַקאַנט אין מאָסקווע. שטאַרבן האָט ער נישט געוואָלט, איז ער געלעגן אַ צעממיתטער און גערעוועט טאָג און נאַכט.

אין מיטן יולי, ווען סטראָמין האָט באַקומען די מאַכט און געמעגט פֿאַרמשפּטן צום טויט, האָט מען אויפֿגעהערט צו הערן די געשרייען: „איך בין סערגיי!״

## מען פירט מיך איבער
## אין ערשטן קאַרפּוס

מען האָט צוזאַמענגענומען אַ מאַן צוואַנציק פון פאַרשידענע קאַמערן פון „פּאָליט־איזאָלאַטאָר", יעדער מיט זײַנע זאַכן און אונדז איבערגעפירט אין ערשטן קאָרפּוס.

דער ערשטער קאָרפּוס איז אַ טראַנזיט־קאָרפּוס און אויך פאַר קרימי־נעלע פאַרברעכערס. דאָ ווערן פאַרמשפטע אײַנגעזאַמלט און אָפּגעשיקט מיט עשאַלאָנען אין פאַרשידענע לאַגערן, צום מערסטן אין ווײַטן סיביר.

אין יענער צײַט זענען טאָג און נאַכט אָפּגעגאַנגען עשאַלאָנען. די נקוו"ד האָט געהאַט אַרבעט איבערן קאָפּ. אין ערשטן קאָרפּוס זענען געקומען פאַרמשפטע פון אַלע ווינקלען פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט. מען האָט געבראַכט אַרעסטאַנטן פון מיטל־אַזיע וועלכע זענען פאַרמשפט געוואָרן פאַרשיקט צו ווערן אין ספּעציעלע לאַגערן און זיי זענען אײַנגעזעצט געוואָרן אין ערשטן קאָרפּוס פון דער סאַראַטאָווער תּפיסה. דאָ האָבן זיי געוואַרט ביז עס וועט זיך אָנזאַמלען אַן „עשאַלאָן" און מען וועט זיי שיקן ווײַטער. דאָ האָט מען געטראָפן: קאָרעאַנער, מאַנדזשוריער, טערקן, אוזבעקן, טאַדזשיקן, קאַל־מיקן און פון נאָך אַנדערע פעלקערשאַפטן.

מען האָט אונדזער גרופּע צעטיילט און מיך מיט נאָך צוויי אַרעסטאַנטן אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסער, געראַמער קאַמער ווו עס זענען געלעגן אויף נאַרעס אַרום אַ פערציק אַרעסטאַנטן.

אַ לאַנגער טיש מיט עטלעכע לאַנגע בענק זענען געשטאַנען אין מיטן קאַמער.

דער „סטאַראָסטע" פון קאַמער, אַ יונגער, סימפּאַטישער רוס, האָט אונדז איבערגענומען. ער האָט באַפוילן, אַז די מענטשן אויף די נאַרעס זאָלן זיך צוזאַמענרוקן און מאַכן פּלאַץ פאַר די ניַי־געקומענע.

ווען ער האָט באַפוילן אַז אָט־אָ דאָ, אָנוויַיזנדיק מיט דער האַנט — זאָל מען מאַכן פּלאַץ פאַר מיר, האָט אַ מיטליאָריקער מאַן געענטפערט, אַז ער וויל נישט שלאָפן בשכנות מיט אַ ייִד.

דער „סטאַראָסטע" האָט אים באַפוילן אַראָפּצוגיין פון דער נאַרע און אים דערלאַנגט צוויי פּעטש. יענער האָט פאַרביסן די ליפּן, אַרויף אויף דער נאַרע, גענומען זיַינע זאַכן און זיי געלייגט צו קאָפּנס און מיר אָפּ־געגעבן פּלאַץ.

איך האָב זיך ווי עס איז איַינגעאָרדנט און מיַין ניַיער שכן איז געוואָרן באַרעדעוודיק, מיר דערציילט, אַז ער איז אַן אַסיריער, אָדער ווי מען האָט זיי אַמאָל גערופן כאַלדעיער. ער האָט מיר דערציילט אַז די אַסיריער זענען אין די אַלטע ציַיטן געווען אַ גרויס פאָלק אין מיטל־מזרח און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין יענעם ראַיאָן; געווען נאָענט צו ייִדן און זיי זענען סעמיטן. איצט זענען זיי אין גאַנצן פאַרבליבן עטלעכע הונדערט טויזנט מאַן. אַ העלפט פון זיי וווינען אין איראַן און אַ העלפט לעבט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. מיט 500 יאָר צוריק זענען כמעט אַלע איבערגעגאַנגען צום גריכיש־קאַטוילישן גלויבן. ער ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס זיי האַסן ייִדן. דאָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון זיַינע עלטערן און אור־עלטערן אַז ייִדן דאַרף מען פיַינט האָבן. אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד פאַרנעמען זיי זיך מערסטנס מיט שיך־פּוצעריַי און מיט אומלעגאַלן האַנדל מיט כאַשיש.

כמעט אַלע אַסיריער זענען אַרעסטירט און באַשולדיקט געוואָרן אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט שפּיאָנאַזש־אַרבעט לטובת איראַן. צווישן אַנדערע האָט דער אויספאָרשער אים פאָרגעוואָרפן אַז די אַסיריער נעמען צו די שענסטע רוסישע פרויען.

אין קאַמער האָבן זיך געפונען פּאָליטישע און קרימינעלע פאַרברעכערס, וואָס האָבן שוין געהאַט אַן אורטייל און געוואַרט אויף אַן „עשאַלאָן" גע־

שיקט צו ווערן אויפן פאַרשיקונגס־אָרט און אויך אַזעלכע ווי איך וואָס האָבן נאָך קיין אורטייל נישט געהאַט.

איין מאָל אין צוויי וואָכן האָט מען געטוישט די ביכער און דער „סטאַ־ראָסטע״ איז אויך געווען דער ביבליאָטעקאַר.

יעדן טאָג האָט מען אַרויסגענומען מענטשן פון קאַמער און געבראַנגט פרישע.

אָט האָט מען אַרײַנגעפירט אין קאַמער אַ פרישע גרופּע אַרעסטאַנטן און צווישן זיי אַ ייִדישן מיטליאָריקן מאַן פון אַ יאָר פערציק. אַ דערשראָ־קענער האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפן אָרט וואָס דער „סטאַראָסטע״ האָט אים צוגעטיילט. ער האָט זיך אַנידערגעלייגט און צו קיינעם קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען מיר באַפרײַנדט געוואָרן און ער האָט מיר דערציילט זײַן געשיכטע:

אַליין איז ער אַ דאָקטער. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין היילן מאַלאַ־ריע. האָט שוין אָנגעשריבן עטלעכע ביכער אויף דעם געביט. ער האָט אַ פרוי מיט קינדער און איז געווען אַ תּושב פון סאַראַטאָוו. ער האָט געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל בײַ דער אײַזנבאַן. די אײַזנבאַן אין יענער צײַט איז געווען אַ מלוכה אין אַ מלוכה. אין דער שפּיץ פון דעם אײַזנבאַן־וועזן איז דעמאָלט געשטאַנען קאַגאַנאָוויטש. די אײַזנבאַנען האָבן פאַרמאָגט אייגענע שולעס, שפּיטעלער, אַמבולאַטאָריעס, הויכשולן, תּפיסות, געוועלבער, אַן אייגענע נקוו״ד און נאָך אַנדערע אינסטיטוציעס. אַזוי ווי די תּפיסות בײַ דער אײַזנ־באַן זענען געווען איבערפולט, האָט די אײַזנבאַן־נקוו״ד באַנוצט די אַלגע־מיינע תּפיסות.

ער איז אַרעסטירט געוואָרן סוף 1937. אַ לאַנגע צײַט איז ער געזעסן אין אַן איינצל־קאַמער אין דער תּפיסה וואָס בײַ דער אײַזנבאַן.

מען האָט אים צום ערשטן מאָל גערופן צום אויספאָרשער אין מיטן נאַכט, אויך דאָרט, אין דער נקוו״ד פון דער אײַזנבאַן.

דער אויספאָרשער האָט אים גאָרנישט געפרעגט, נאָר אים אונטערגע־רוקט אַן אָנגעשריבענע ווידוי און אים געהייסן אונטערשרייַבן. ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָט ער אים געגעבן אַ פּאַטש, אים געשפּיגן אין פּנים אַרייַן און אים צוריקגעשיקט אין תּפיסה־קאַמער. אַ ספּעציעלער אויפזעער האָט אַכטונג געגעבן דורכן „וואָלטשאָק" (אַ קליין פענצטערל אין טיר), ווען גאָלדבערג (אַזוי וועל איך אים רופן), וועט אייַנשלאָפן. דעמאָלט האָט מען אים אויפגעוועקט, אים געהייסן אָנטאָן און אַוועקגעפירט אין דער נקווו"ד ווו דער זעלביקער אויספאָרשער האָט אים געהייסן אונטער־שרייַבן די ווידוי. און ווען ער האָט געזאָגט: ניין! האָט ער אים געגעבן אַ פּאַטש און געשפּיגן אין פּנים אַרייַן. אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט אַ מאָל — דרייַ און אַ מאָל — פיר מאָל אין דער נאַכט. אויך בייַ טאָג האָט אַ ספּעציעלער תּפיסה־וועכטער אַכטונג געגעבן אַז ער זאָל חלילה נישט אייַנשלאָפן.

ער האָט געפילט, אַז לאַנג אויסהאַלטן וועט ער נישט. ער האָט אַרויס־געריסן אַ שלאָס פון זייַן וואַליזע און גענומען שלייַפן דעם מעטאַל אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע און ווו עס האָט איך נאָר געלאָזט. ער האָט געשליפן יעדע פרייַע מינוט. בייַ טאָג און בייַ נאַכט. ער האָט געפילט, אַז ער ברעכט זיך אייַן. יעדעס מאָל ווען דער אויספאָרשער האָט אים אַ פּאַטש געגעבן און אים געשפּיגן אין פּנים אַרייַן, האָט ער זיך דערפּילט געפאַלן. נישט דער ווייטיק, נאָר די שאַנדע פאַר זיך אַליין, די דערנידערונג, די אומבאַהאָלפנקייט האָבן אין אים אַוועקגעהרגעט דעם ווילן צום לעבן און אַ געהיימער כּוח האָט אים אונטערגעזאָגט: בעסער דער טויט, איידער זיך אונטערצוגעבן אָט דעם סאַדיסט און אויסוווּרף וואָס פּייַניקט אים אַזוי אומ־ברחמנותדיק.

ער געדענקט אַפילו נישט וויפל נעכט ער האָט אויסגעהאַלטן די טאָר־טורן. נאָר ווען ער האָט דערפילט, אַז דאָס מעסערל איז גענוג שאַרף, איז אים לייַכטער געוואָרן. אין קורצן וועט ער זיך ענדלעך באַפרייַען פון זייַן פּייַניקער.

איין מאָל בייַ נאַכט ווען מען האָט אים שוין צום וויפלסטן מאָל גע־ברענגט צום אויספאָרשער (נאָך איידער דער לעצטער האָט אָנגעהויבן זייַן

רוטינערע אַרבעט), האָט ער געמאָלדן, אַז ער האָט ווייטיקן אין בויך און וויל גיין אין בית־כּיסא.

דאָרט האָט ער זיך אויפגעשניטן די אָדערן פון ביידע הענט און אָנגעגאָסן בלוטיקן.

דער אויספאָרשער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף זײַן קרבן, איז ער אַרײַן אין בית־כּיסא און אים געפונען ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

ער האָט אים אַרײַנגעפירט צוריק אין זײַן קאַמער, אים געגעבן אַ פּאַטש אין פּנים און ווען גאָלדבערג איז אַנידערגעפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער אויף דער פּאָדלאָגע, האָט דער אויספאָרשער אים געשפּיגן אין פּנים און אויסגערופן: „עס וועט דיר גאָרנישט העלפן. איך וועל שפּײַען אויף דיר אַזוי לאַנג, ביז דו וועסט אונטערשרײַבן אָדער פּגרן". דערנאָך האָט ער אַרויסגערופן אַ דאָקטער.

מען האָט אים אַוועקגעטראָגן אין תּפיסה־שפּיטאָל און צוגענייט די אָדערן. און פון דעמאָלט אָן האָט מען אים נישט גערופן אויף קיין אויספאָרשונג. ער האָט מיר געזאָגט אַז וואָס עס זאָל מיט אים נישט געשען, וועט ער שטענדיק פילן דעם שפּײַ אין פּנים...

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען צוזאַמענגענומען עטלעכע אַרעסטאַנטן, איך בין געווען צווישן זיי. מ'האָט אונדז אַראָפּגעפירט אין אַ תּפיסה־קאַמער אָן קראַטן. אַ פרוי וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז זי איז דער תּפיסה־דאָקטער, האָט יעדן געפרעגט דעם פאַמיליע־נאָמען און פאָרגעלייענט אויף וויפל יעדער פון אונדז איז פאַרמשפּט געוואָרן דורך דער „טראָיקע". מײַן אורטייל איז געווען צען יאָר.

מ'האָט אונדז צוריקגעפירט אין קאַמער און דאָס לעבן איז „געפלאָסן" נאָרמאַל...

טאָג און נאַכט האָט מען פון קאַמער אַרויסגענומען די פאַרמשפּטע און גלײַך האָבן די פרײַע פּלעצער פאַרנומען נײַע תּושבים.

גאָלדבערג איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שטילער. ער האָט מיך מקנא געווען וואָס איך בין שוין איבערגעקומען דעם קאַשמאַר. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס אים דערוואַרט...

איך האָב גאַנצע טעג אין אים אַרײַנגערעדט און אים אויס אויסגעגערעדט די שרעק. לויט מײַן שׂכל, האָב איך געטענהט, וועט ער באַפרײַט ווערן. איך האָב אים געגעבן מײַן אַדרעס, דאָס הייסט, ער האָט זיך אויסגעלערנט מײַן אַדרעס פון אויסנווייניק. כ׳האָב אים אָנגעזאָגט אַז ווען ער וועט זײַן בײַ מײַן פרוי זאָל ער איר אָפּגעבן אַ גרוס און איר זאָגן אַז זי זאָל מיר ברענגען אין תּפיסה אַרײַן אַ פּאָר וואַרעמע הענטשקעס און אַ זאָק.

אין אַ צײַט שפּעטער האָט מען גאָלדבערגן אַרויסגענומען מיט די זאַכן פון קאַמער און אין אַ וואָך שפּעטער האָב איך באַקומען אַ זאַק מיט אַ פּאָר וואַרעמע הענטשקעס. דאָס איז געווען דער באַווײַז, אַז גאָלדבערג איז אויף דער פרײַ.

נאָכן באַפרײַט ווערן פון דער תּפיסה האָב איך אים עטלעכע מאָל באַזוכט אין זײַן היים אין סאַראַטאָוו, באַקענט זיך מיט זײַן פרוי און עלטערן. ער האָט ווייניק גערעדט און אין 1941, נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דײַטשלאַנד און דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָט די פרוי גאָלדבערג מיר געזאָגט, אַז ער איז קיין מאָל „צו זיך״ נישט געקומען. דער שפּיִ אין פּנים האָט אים נישט געגעבן קיין רו בײַ טאָג און בײַ נאַכט. ער איז לסוף באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך הענגען זיך. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, עלטערן און משפּחה.

עס זענען אַדורך דורך דער קאַמער הונדערטער מענטשן און איך בין נאָך אַלץ דאָרט געבליבן. דער „סטאַראָסטע״ וועלכער האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען באַלד בײַ מײַן אַרײַנקומען אין קאַמער, איז געוואָרן מיט מיר באַפרײַנדט און נאָך דער באַפרײַונג איז ער געוואָרן אַן אַרײַנגייער אין מײַן שטוב. זיין געשיכטע איז די געשיכטע פון טויזנטער און טויזנטער אַזעלכע ווי ער.

ער האָט געאַרבעט אין אַ „עס.טע.עס.״ (מאַשין־טראַקטאָר־סטאַציע), אַלס טראַקטאָריסט און איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי,

זיך דערשלאָגן צום ראַנג פון אַ סערזשאַנט. די עלטערן, קאָלכאָזניקעס אין אַ קאָלכאָז ערגעץ אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט. ער באָרגט אַ געוויסע סומע געלט אַן אָפיציר און ווען ער מאָנט דאָס געלט צוריק, שרייַבט דער אָפיציר ווו מען דאַרף. דערנאָך ווערט ער געשטעלט פאַרן מיליטערישן טריבונאַל ווי אַ שונא פון פאָלק וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנע־רער טעטיקייט צווישן די רויטאַרמייערס. חוץ לזה האָט ער אָפּגענאַרט די אַרמיי און געזאָגט אַז ער איז אַ זון פון אַ קאָלכאָזניק — אין דער אמתן איז ער אַ זון פון אַ „קולאַק" (רייַכער פּויער). ער באַקומט אַ פאַרטיידיקער, קיין עדות זענען נישטאָ. דער איינציקער באַווייַז פון דעם באַשולדיקער איז אַ פּאַפּירל וואָס איז דורכן באַשולדיקער „אַרויסגעקוועטשט" פון „סעל־סאָוויעט" (דאָרפישן סאָוויעט), אַז ער איז אַ זון פון אַ קולאַק.

ער ווערט פאַרמשפּט אויף 25 יאָר לאַגער. זייַן פאַרטיידיקער אַפּעלירט צו אַ העכערן טריבונאַל. דורך דער צייַט איז די לאַגע אין לאַנד געוואָרן אַ ביסל לייַכטער. דער „סעלסאָוויעט" שיקט אַרויס אַ נייַ פּאַפּירל — דאָס מאָל צום פאַרטיידיקער. אין נייַעם פּאַפּירל איז ער שוין אַ זון פון אַ „סערעד־ניאַק" (מיטעלער פּויער). דער צווייטער אורטייל פון העכערן טריבונאַל איז — צען יאָר לאַגער. ער אַפּעלירט צום העכסטן מיליטער־טריבונאַל אין מאָסקווע. דעמאָלט איז שוין נאָך יעזשאָווס מפּלה און ער באַקומט אַ ריכ־טיקן דאָקומענט פון „סעלסאָוויעט", אַז ער איז אַ זון פון אַ קאָלכאָזניק. אַ דאַנק דעם איז ער שפּעטער באַפרייַט געוואָרן.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען אין אונדזער קאַמער אַרעסטאַנטן פון די טויט־קאַמערן, מענטשן וואָס זענען געווען פאַרמשפּט צום טויט און נאָך חדשים זיצן און וואַרטן זענען זיי באַגנעדיקט געוואָרן דורכן דעמאָלטיקן פּרעזידענט פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד און זיי האָבן באַקומען צו 25 יאָר לאַגער און געוואַרט אויף עשאַלאָנען אָפּגעשיקט צו ווערן אין די לאַגערן.

צום מערסטן זענען פון די טויט־קאַמערן צו אונדז געקומען דערשראָ־קענע מענטשן. זיי האָבן מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט, זיך אָפּגעטיילט פון אַלע און רק געשוויגן. אָבער עס זענען געווען אויך אַנדערע. אָט וועל

איך דערציילן עטלעכע געשיכטעס פון אַזעלכע וואָס האָבן פאַרלוירן אין דער טויט־קאַמער די מורא און האָבן דווקא געזוכט פאַר װעמען זיך אַראָפּ־צורעדן פון האַרץ.

אָט דערציילט אַ מיטליאָריקער רוס, מיר וועלן אים רופן דימיטרי.

פונקט ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע ווי ער איז ער געוועזן אַ זון פון אַן אַרבעטער. אין 1917 בעתן בירגער־קריג טרעט ער אַריַין פריַיוויליק אין בודיאָניס קאַוואַלעריע, קעמפט די גאַנצע ציַיט פון בירגער־קריג אויף פאַרשידענע פראָנטן קעגן די וויַיסגוואַרדייערישע באַנדעס. נאָכן בירגער־קריג ווערט ער באַפריַיט און ווערט אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. נעמט זיך לערנען. ווערט אַן אינזשיניער. נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער קאָלעקטיוויזאַציע. ער ווערט אַ דירעקטאָר פון אַן „עם.טע.עס.”. ווערט באַרימט אין מאָסקווע אַלס ערשטקלאַסיקער פאַכמאַן און גוטער אָרגאַ־ניזאַטאָר און ווו נאָר אַ ראַיאָן פילט נישט אויס די נאָרמעס ביַים צושטעלן די פּראָדוקטן פאַר דער רעגירונג, ווערט ער, דימיטרי, געשיקט איבערצו־נעמען דעם עם.טע.עס. און שטענדיק געלינגט אים, אַ דאַנק זיַין מיפּולער אַרבעט, צו הייבן די גערעטענישן און אויסצופילן די נאָרמעס. ער ווערט עטלעכע מאָל באַלוינט מיט אָרדנס.

זיַין נאָענטסטער אַרויסהעלפער איז זיַין יוגנט־פריַינד, אַן אַגראָנאָם, וואָס מיט זיַין קענטעניש און גוטער אַרבעט איז ער שטענדיק גרייט זיך מקריב צו זיַין פאַר דער פאַרטיי און פאַרן לאַנד. זיַין פריַינד האָט אָבער אַ „פלעק אין דער משפחה” : ער איז אַ זון פון אַ פּאָפּ. ער באַהאַלט עס נישט אויס, פאַרקערט, ער וויל מיט זיַין איבערגעגעבענער און מיפּולער אַרבעט אָפּוואַשן דעם „פלעק” וואָס מאַטערט אים.

אין די פריִע דריַיסיקער יאָרן ווען אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט פאַלן אויס אומגערעטענישן און די נאָרמעס פון תבואה־פּראָדוקטן פאַר דער רעגירונג ווערן נישט אויסגעפילט, ווערט די פירערשאַפט פון גאַנצן אָבלאַסט אַרעסטירט און געטוישט. אַנדרעיעוו, אַ מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ און סטאַלינס נאָענטסטער חבר ווערט געשיקט קיין סאַראַטאָוו איַינצושטעלן אָרדענונג.

דימיטרי מיט זײַן חבר ווערן פון אוקראַיִנע איבערגעשיקט קיין אַזינקי, סאַראַטאָווער אָבלאַסט. דימיטרי — אַלס דירעקטאָר און דער חבר אַלס הויפּט־אַגראָנאָם אין דאָרטיקן עם.טע.עס..

און עס געלינגט זיי — דימיטרין און זײַן חבר — אַ דאַנק זייער גוטער אַרבעט, אַראָפּצונעמען גוטע גערעטענישן און אויסצופּילן די נאָרמעס פאַר דער מלוכה.

אָנהייב 1937, ווען סטאַלין האָט אָנגעהויבן צו געבן אָנווײַזונגען ווי טיף צו פאַראַקערן די ערד, האָט דער אַגראָנאָם אויפגעוויזן דימיטרין, אַז די פעלדער פון יענעם ראַיאָן קאָנען זיך נישט צופּאַסן צו די אָנווײַזונגען פון חבר סטאַלין, און אַז די ערד און די מעטעאָראָלאָגישע באַדינגונגען פאָדערן אַז מען זאָל זיי נישט צו טיף פאַראַקערן. דימיטרי איז מסכּים געווען מיט זײַן חבר און באַפוילן אַז אַ טייל פעלדער זאָלן פאַראַקערט ווערן לויט די אָנווײַזונגען פון חבר סטאַלין און אַ טייל זאָלן פאַראַקערט ווערן לויט ווי מען האָט עס געטאָן די אַלע יאָרן, כּדי כאָטש צו ראַטעווען דאָס וואָס עס לאָזט זיך.

פאַרשטייט זיך אַז עמעץ האָט צוגעטראָגן ווו מען דאַרף, אַז דימיטרי מיטן הויפּט־אַגראָנאָם פאַרלעצן די אָנווײַזונגען פון חבר סטאַלין. זיי ווערן אַרויסגערופן אין אַזינקי, ווערן באַשולדיקט לויטן פאַראַגראַף 111, „כאַלאַט־נאַיע אָטנאָשעניע" (לײַכטזיניקע באַציִונג). אויפן משפּט דערציילן זיי דעם אמת אַז זיי האָבן געמאַכט אַן עקספּערימענט אויף אַ קליינעם שטח, ווײַל פון דער פּראַקטיק אין די עטלעכע יאָר וואָס זיי באַאַרבעטן די דאָרטיקע פעלדער, ווייסן זיי אַז מען טאָר די ערד נישט צו טיף פאַראַקערן מחמת זי איז אַ זאַמדיקע און עס פאַלן נישט צו פיל רעגנס. זיי ווערן דאַן פאַר־משפּט צו אַ האַלב יאָר תּפיסה אין אַזינקי און בײַ טאָג אָנצופירן מיט דער „עס.טע.עס.".

אין מאַי 1937 זענען אָנגעקומען שטרענגע באַפעלן פון סטאַלינען אַז אַ שעדיקער און אַ שונא פון פאָלק דאַרף פאַרמשפּט ווערן לויטן פאַראַגראַף 58 פּונקט 7 (שעדיקערײַ) און דאַרף דערשאָסן ווערן.

דימיטרי מיט זײַן פרײַנד ווערן אַרעסטירט. פון סאַראַטאָוו קומען עטלעכע נקוו"ד־לײַט און דערקלערן אַז זיי זענען אַ „ספּעציעלער געריכט"

און דער פּאַראַגראַף 111 ווערט איבערקוואַליפיצירט אויף פּאַראַגראַף 58, פּונקט 7.

מען האָט דימיטרין און זײַן חבר געשטעלט צוויי פראַגעס:

1. צי האָבן זיי פּאַראַקערט די פעלדער לויט דעם חבר סטאַלינס אָנווײַזונגען;

2. צי האָט דימיטרי געוווּסט אַז דער אַגראָנאָם איז אַ זון פון אַ פּאָפּ.

דימיטרי האָט דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן אַ ראַיאָן וואָס איז געווען יאָרן הינטערשטעליק מיטן אויספּילן די נאָרמעס פון תּבואה, פלייש און אַנדערע פּראָדוקטן, געבראַכט דערצו אַז ער זאָל ווערן אַ מוסטער־ראַיאָן אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט און איז איצט צווישן די בעסטע אין לאַנד. נאָך האָט דימיטרי געזאָגט אַז זײַן חבר, דער הויפּט־אַגראָנאָם, האָט מיט זײַן גוטער אַרבעט אויסגעקויפט זיך פון די זינד וואָס ער איז געבוירן געוואָרן בײַ אַ פאָטער אַ פּאָפּ.

די „ריכטערס" האָבן אויסגעהערט. ווידער געשטעלט די זעלבע פראַ־געס. דער ענטפער דאַרף זײַן „יאָ" אָדער „ניין".

אויף דער ערשטער פראַגע האָט דימיטרי געענטפערט יאָ און ניין, אויף דער צווייטער פראַגע יאָ.

די „ריכטערס" האָבן עפּעס געשמועסט צווישן זיך און אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל — שולדיק! טויטשטראָף! דער גאַנצער משפּט האָט געדויערט פינף מינוט.

מען האָט זיי אַרײַנגעפירט אין קעלער פון דער נקוו"ד־תּפיסה און ווען ס'איז פינצטער געוואָרן, האָט מען זיי געבונדן הענט און פיס מיט שטריק, אַרויפגעוואָרפן זעק אויף די קעפּ, אַרויסגעטראָגן און אַרײַנגעוואָרפן אין אַ לאַסט־אויטאָ. אונטער אַ שטרענגער וואַך פון נקוו"ד־לײַט האָט מען זיי אָפּגעפירט אין סאַראַטאָווער „פּאָליט־איזאָלאַטאָר" און זיי אַרײַנגעזעצט אין צוויי באַזונדערע קאַמערן פאַר טויט־פאַרמשפּטע.

אין דער טויט־קאַמער וווּ מען האָט דימיטרין אַרײַנגעזעצט, זענען געזעסן עטלעכע און צוואַנציק צום טויט פאַרמשפּטע, יעדער מיט זײַן גרויליקער געשיכטע. און אַז מען האָט עמעצן אַרויסגענומען פון קאַמער

האָט מען קיין מאָל נישט געוווּסט, צי מען פירט אים שיסן, אָדער ער ווערט באַגנעדיקט און ווערט איבערגעפירט אין אַן אַנדער קאַמער.

דאָס לעבן איז אָנגעגאַנגען „נאָרמאַל". שוין מער ווי אַ יאָר איז פאַרביי. טאָג־איין טאָג־אויס האָבן זיך די מענטשן געטוישט.

עס איז געקומען אַ טאָג ווען דימיטרי איז געבליבן איינער אַליין אין קאַמער. ער האָט נאָכגעפאָרשט יעדן שאָרך און יעדע באַוועגונג אין קאָרי־דאָר. ער האָט אויפגעהערט שלאָפן. עס איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַז דערפאַר וואָס ער שלאָפט נישט, נעמט מען אים נישט צום שיסן. זיי ווילן דווקא אַז ער זאָל איינשלאָפן און דעמאָלט וועלן זיי אים אויפוועקן און אַ דערשראָקענעם אַרויספירן פון קאַמער. ווייל צום מערסטן צום טויט פאַרמשפּטע האָט מען אויפגעוועקט און זיי אַרויסגענומען פון קאַמער. ער וועט זיי אָפּנאַרן און זיך מאַכן שלאָפן און זאָלן זיי אים נעמען. נאָר נישט קיין דערשראָקענעם. און דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן.

איין מאָל ביי נאַכט, ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער געהערט, ווי מען וואָלט איינעם געפירט מיט שווערע טריט איבערן קאָרידאָר. די זעלבע טריט פון זיין פריינד. ער איז שוין געווען אין גאַנצן זיכער אַז דאָס פירט מען זיין פריינד צום שיסן. מען פירט אים ספּעציעל דורך זיין קאַמער, כּדי אים צו לאָזן וויסן: „דימיטרי, גרייט זיך, איצט איז דיין ריי".

ער באַשליסט: ער וועט זיי די הנאה נישט אָנטאָן, ער וועט „כאַפּן די פּיש פאַר דער נעץ". ער וועט פריִער באַגיין זעלבסטמאָרד. איידער זיי קומען אים נעמען.

ער הייבט אָן צו שטודירן יעדן שאָרך אין תּפיסה־קאָרידאָר. ער האָט אויסגערעכנט יעדן טריט פון תּפיסה־וועכטער, געוווּסט גענוי די סעקונדע, ווען דער תּפיסה־וועכטער וועט אַריינקוקן דורכן „וואָלטשאָק". ער האָט צוזאַמענגעבונדן צוויי האַנטעכער און געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנ־הייט זיך אויפצוהענגען.

אַן אויפדערנאַכט, ווען דער תּפיסה־וועכטער איז פאַרבנומען געווען מיטן צוטיילן די זופּ און איז אַ ביסל מער פאַרנומען געווען ווי געוויינלעך, איז

ער בליץ־שנעל אַרויף אויפן בעטל, צוגעבונדן די האַנטעכער צו די פענצ־טער־קראַטן און איינגעקאַרטשעט די פיס און אַלץ איז געווען געענדיקט...

ווען ער האָט געעפנט די אויגן זענען אַרום אים געשטאַנען דער תּפיסה־נאַטשאַלניק, דער תּפיסה־דאָקטער און עטלעכע נקוו"ד־לייַט.

דער תּפיסה־נאַטשאַלניק האָט אים איינגענומען מיט גוטע רייד, אים געגלעט איבערן קאָפּ און האָט אים געבעטן צו דערציילן וואָס עס האָט אים געטריבן צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

ער האָט דערציילט און דערציילט, אַז שוין מער ווי אַ יאָר ווי ער זיצט אין טויטן־קאַמער, די לעצטע וואָכן איינער אַליין. ער האָט געפרעגט וואָס זענען די סיבות וואָס מען האָט זייַן חבר געפירט צום שיסן דווקא דורך זייַן קאַמער? כּדי אים ווי צו טאָן? נאָך וואָס טויג אייַך דאָס גהינומדיקע פּייַניקן מיך? פירט מיך אַרויס און שיסט מיך. איך בין גרייט, נאָר הערט אויף זיך צו איזדיעקעווען איבער מיר.

דער תּפיסה־נאַטשאַלניק האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער לעבט מיט פאַנ־טאַזיע און אַז זייַן חבר געפינט זיך אין אַ צווייטער קאַמער. ער האָט אים פאַרזיכערט אַז עס וועט שוין לאַנג נישט דויערן און עס וועלן אָנקומען פאַר אים און זייַן חבר באַגנעדיקונגען.

דימיטרי האָט זיך איינציקווייַז באַרויִקט. דער נאַטשאַלניק האָט באַ־פוילן ווידער אַרייַנצופירן צום טויט־פאַרמשפּטע אין זייַן קאַמער און דאָס לעבן איז ווידער געוואָרן „נאָרמאַל".

ענדלעך איז טאַקע אָנגעקומען די באַגנעדיקונג פון קאַליניגען, און דער טויט־אורטייל איז פאַרביטן געוואָרן אויף 25 יאָר. ער איז אַריבערגע־פירט געוואָרן אין ערשטן קאָרפּוס און איינגעזעצט געוואָרן אין אונדזער קאַמער. איצט וואַרט ער אָפּגעשיקט צו ווערן אין אַ לאַגער אין סיביר.

אָט איז אַ מעשׂה פון אַ ייִדישן יונגנמאַן — מיר וועלן אים רופן יעפים.

ער איז געווען אַן אַרעאָפּלאַנען־טעכניקער אויפן לופטפעלד אין ענגעלס, דייַטשע רעפּובליק. ווען סטאַלין האָט אָנגעהויבן „בושעווען", האָבן זיך אין ענגעלס געפונען אַ סך דייַטשע פּאָליט־עמיגראַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף אַלע געביטן: אין „קראַיקאָם" פון דער פּאַרטיי, אין „קראַיספּאָלקאָם",

אויף ווירטשאַפטלעכע פּאָסטנס, אין דער נקוו״ד און אומעטום. אַ סך פון די דײַטשע עמיגראַנטן האָבן געאַרבעט אויפן לופטפעלד אין ענגעלס און יעפּים האָט זיך מיט זיי אײַנגעלעבט.

באַלד אין די ערשטע חדשים פון 1937 זענען אַלע דײַטשע עמיגראַנטן אַרעסטירט געוואָרן און עס זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן אַלע רוסישע אינזשיניערן און טעכניקערס פון ענגעלסער לופטפעלד.

די נקוו״ד האָט אַזוי אויסמאַנעווורירט, אַז צווישן יעדער גרופּע אַרעס־טירטע זענען „אַרײַנגעבראַקט" געוואָרן עטלעכע דײַטשע עמיגראַנטן. זיי זענען באַשולדיקט געוואָרן אַז זיי זענען דורך די דײַטשן אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין שפּיאָנאַזש־אַקציע און שעדיקערײַ.

אַלע זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אַזוי ווי די תּפיסות אין ענגעלס זענען געווען איבערפולט, האָט מען אַ טייל אַריבערגעפירט קיין סאַראַטאָוו און אַרײַנגעזעצט אין טויטן־קאַמער ווו זיי האָבן געוואַרט אַז מאָסקווע זאָל באַשטעטיקן דעם אורטייל.

די גאַנצע גרופּע איז באַגנעדיקט געוואָרן. אַלע צום־טויט־פאַרמשפּטע וואָס האָבן זיך געפונען אין די ענגעלסער תּפיסות זענען אָבער דערווײַל דערשאָסן געוואָרן דורכן נאַטשאַלניק פון תּפיסה. ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז מאָסקווע וועט באַשליסן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן איבערגעגעבענעם באַלשעוויק און אַ סאָוויעטישן פּאַטריאָט. און דערווײַל זיך אַ „שפּיל" געטאָן מיט די צום־טויט־פאַרמשפּטע. ער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן.

נאָך איין געשיכטע וויל איך דערציילן. איך גלויב, אַז זי האָט אַ געוויסן אינטערעס...

אָט איז לאַוורענטי געבראַכט געוואָרן פון טויטן־קאַמער אין אונדזער קאַמער אַרײַן. זײַן געשיכטע איז אַ ביסל אַנדערש ווי די געשיכטעס פון טויזנטער און טויזנטער פון זײַן מין. ער איז אַ דאָנער קאַזאַק, וועלכער האָט זיך אָפּגעטיילט פון זײַנע נאָענטע און איז אין 1917 אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי. ער האָט אָנטייל גענומען אין בירגער־קריג, געווען

יונג, העלדיש, אומדערשראָקן. ער ווערט געשיקט אויף די געפערלעכסטע אויפגאַבן און קומט שטענדיק צוריק אַ זיגער. מען צאַצקעט זיך מיט אים און ער טרעט אַרײַן אין דער פּאַרטיי, ענדיקט אַן אוניווערסיטעט און ספּעציאַליזירט זיך אויף אויסצובעסערן די קוואַליטעט פון תבואה. ער טויג זיך אויס אויך אויף דעם געביט. צוזאַמען מיט אַנדערע בעסערט ער אויס דעם קוואַליטעט פון ווייץ און קאָרן און פּאַסט צו תבואות צו די קלימאַטישע באַדינגונגען אין די קאַלטע געגנטן פון סיביר און אין די טרוקענע געגנטן פון גרויסן סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער קומט אַרבעטן אין סאַראַטאָווער „אַב־קאָם" פון דער פּאַרטיי און פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט אין דער אָפּטיילונג פאַר לאַנדווירטשאַפט.

ער ווערט אַרעסטירט. מען באַשולדיקט אים אַז ער האָט די הויך־סאָרטיקע תבואות געשיקט צום באַקן ברויט און די נידעריקע סאָרטן גע־שיקט צום פאַרזייען. דעסגלײַכן האָט ער די תבואות וואָס מען האָט געדאַרפט שיקן אין די קאַלטע ראַיאָנען אין לאַנד, געשיקט אין די הייסע, טרוקענע ראַיאָנען און פאַרקערט.

מען האָט אים געפּײַניקט מער ווי אַ חודש, נאַכט־אײַן, נאַכט־אויס און ער האָט נישט אונטערגעשריבן דעם אַקט פון דער באַשולדיקונג. צו דער „אַרויספאָר־סעסיע פון העכסטן געריכט" האָט מען אים נישט געשיקט, אָבער ער איז סײַ־ווי־סײַ פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, דורך ווערמען — ווייסט ער נישט. ער איז געזעסן חדשים און חדשים אין טויטן־קאַמער און איז באַגנעדיקט געוואָרן און באַקומען 25 יאָר לאַגער.

דעם 7טן נאָוועמבער 1938 האָט מען מיך אָוועקגעפירט אין דער נקוו"ד און מײַן אויספאָרשער נעמט מיך אויף מיט אַ שמייכל.

דער 7טער נאָוועמבער איז דער גרעסטער יום־טוב אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. דאָס איז דער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דער יום־טוב ווערט געפײַערט אין נאָוועמבער צוליבן אונטערשיד צווישן אַלטן און נײַעם קאַלענדאַר...

דאָ וויל איך באַמערקן אַז יעדע וואָך האָב איך עפּעס דערהאַלטן פון מײַן פרוי וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער פרײַ. אָבער שוין די דריטע וואָך ווי עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן יעדע פאַרבינדונג. איך האָב נישט געוווסט וואָס איבערצוקלערן: עס קאָן זײַן אַז די פאַרבינדונג איז איבער־געריסן געוואָרן צוליב איר קראַנקייט און קאָן אויך זײַן אַז זי איז אַרעס־טירט געוואָרן און ס׳קינד איז צוגענומען ערגעץ אין אַ „היים״.

איך בין אַרײַנגעפירט געוואָרן דורך מײַן אויספאָרשער אין צימער פון נאַטשאַלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג.

מענער און פרויען, אויספאָרשערס פון דער נקוו״ד אין ציווילע קליי־דער, באַגריסן מיך מיט אַ שמייכל און רעדן צווישן זיך וועגן פּרעזענטן, וועגן יום־טובדיקע מאכלים, וועגן קינדער, לערערס און שולעס. אַ זײַטי־קער מענטש וואָלט קיין מאָל זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז דאָס זענען בלוטיקע הענקערס. זייערע הענט זענען אײַנגעטונקען אין בלוט פון אומשולדיקע מענטשן וועלכע זיי האָבן דורך פּײַניקונגען און טאָרטורן געצוווּנגען אונטער־צושרײַבן די צוגעגרייטע ווידוים און דערנאָך געשיקט זיי צום טויט.

זיי, די דאָזיקע נקוו״דיסטן, האָבן מענער, פרויען און קינדער, זיי רעדן וועגן זיי מיט ליבשאַפט און גיבן נישט קיין טראַכט אַז זייערע קרבנות האָבן אויך פרויען, מענער און קינדער וועלכע זיי האָבן ליב...

זיי קוקן אויף מיר מיט „מענטשלעכע״ אויגן, שמייכלען אַפילו, מײַן אויספאָרשער פרעגט מיך ווי איך פיל זיך און וואָס איך מאַך, ווי עס וואָלט קיין מאָל צווישן אונדז גאָרנישט געשען.

איך ווייס נישט און פאַרשטיי נישט וואָס דאָ געשעט. ענדלעך רופט מיך מײַן אויספאָרשער און זאָגט מיר: „דו גייסט צום געהילף פון נאַטשאַל־ניק פון דער נקוו״ד, ער וויל דיך זען״. אַ הויכער, שיינער, ייִדישער יונגער־מאַן הייסט מיך זיצן. איך זעץ מיך אַוועק און פרעג אים: „בירגער נאַטשאַל־ניק, וואָס איז געשען מיט מײַן פרוי און קינד?״

ער ענטפערט מיר מיט אַ שמייכל: „זיי זענען אַרעסטירט״.

ער הייבט מיך אָן עפּעס צו פרעגן. איך הייב אָן צו שרײַען: „וואָס ווילט איר פון מיר? מיר האָט איר פאַרמשפּט אויף צען יאָר, די פרוי מיטן קינד אַרעסטירט, וואָס ווילט איר נאָך?״

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אַנגענומען און מיר געגעבן אַזאַ שטופּ, אַז איך בין האַסטיק צוגעפאַלן צו דער טיר. ער האָט „פאַרבראַקט" מיט אַ „מי שברך" ביזן צענטן דור אַרײַן און באַפוילן דעם אויספאָרשער אַרויסצוּוואַרפן „דאָס מיסט" פון זײַן קאַבינעט.

מײַן אויספאָרשער האָט מיך אַרונטערגעפירט און גענומען מיך זידלען. ער האָט מיר געזאָגט: „מען האָט דיך געוואָלט באַפרײַען און דו האָסט מיט דײַן גרויס מויל אַלץ צו נישט געמאַכט".

מען האָט מיך צוריקגעפירט אין קאַמער אַרײַן און צו מאָרגנס האָב איך באַקומען אַלע זאַכן וואָס מײַן פרוי האָט מיר במשך די דרײַ וואָכן געשיקט אין תפיסה אַרײַן.

אָנהייב דעצעמבער, זײַענדיק אין באָד, האָב איך זיך דערוווּסט, דורך אַן אַרעסטירטן פאַר ספּעקולאַציע וואָס איז דורך אַ פאַרזען פון די וועכטערס אַרײַנגעלאָזט געוואָרן זיך באָדן צוזאַמען מיט אונדז, אַז סטראַמין מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע, זײַן געהילף און אַ סך העכערע נקוו"ד־אָפיצירן זענען אַרעסטירט געוואָרן, זייערע היימען זענען פאַרחתמעט און מען היט זיי טאָג און נאַכט.

ווי אַ וואַלד־שׂרפה האָט זיך די ידיעה צעשפּרייט איבער אַלע קאָרפּוסן. מ'האָט זיך דערוווּסט, אַז יעזשאָוו איז אַרעסטירט און בעריאַ איז דער נײַער פירער פון דער נקוו"ד. מען האָט איבערגעגעבן אַז מען שלאָגט נישט מער און מען צווינגט נישט מער אונטערצושרײַבן די פון פריִער צוגע־גרייטע ווידויס. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די „פּראַווּדאַ" און „איזוועס־טיאַ" וועלכע האָבן ערשט געלויבט יעזשאָוון און אים טיטולירט „סטאַלינס באַליבטסטער אַרויסהעלפער" וועלכער רייניקט מיט אַן אײַזערנער הענטשקע דאָס „מיסט" פון צווישן רוסישן פאָלק, ווערט איצט טיטולירט אַלס משו־גענער הונט און אַז ער געפינט זיך אין אַ משוגעים־הויז. דער נײַער ליבלינג וואָס פאַרנעמט יעזשאָווס אָרט, איז דער איבערגעגעבענער קעמ־פער און סטאַלינס חבר — בעריאַ.

אין מיטן דעצעמבער רופט מען מיך ווידער אַרויס אין דער נקוו"ד. מײַן אויספאָרשער לייענט מיר פאָר אַז איך ווער באַשולדיקט לויט דעם פּאַראַגראַף 58, פּונקט 6 — דאָס הייסט שפּיאָנאַזש. ער דערציילט מיר אַז בעתן אַרעסט האָט מען פאַרגעסן מיר צו געבן אונטערצושרײַבן אַ געוויס פּאַפּירל און וויל אַז איך זאָל עס איצט אונטערשרײַבן כּדי צו מאַכן דעם אורטייל לעגאַל.

איך ענטפער אים: „ווּעסט אַפילו רײַסן פון מיר לעבעדיקע שטיקער, וועל איך מער גאָר נישט אונטערשרײַבן. זעט זיך אויס אַז צען יאָר לאַגער איז דיר ווייניק".

ער מאַכט זיך תּמעוואַטע און פרעגט: „וואָס פאַר אַ צען יאָר?"

איך: „וואָס דער דאָקטער האָט מיר פאַרגעלייענט".

אויספאָרשער: „האָסט אונטערגעשריבן ווען דער דאָקטער האָט דיר פאַרגעלייענט דעם אורטייל?"

איך: „ניין".

אויספאָרשער: „טאָ לאַך זיך אויס! דערווײַל איז עס נאָך נישט קיין אורטייל. נאָר דאָס דאַרפסטו אונטערשרײַבן".

איך: „קיין מאָל נישט".

און ער האָט מיך צוריקגעשיקט אין קאַמער אַרײַן.

די זעלבע וואָך האָט מען מיך ווידער אַרויסגערופן אין דער נקוו"ד. צוויי אויספאָרשערס האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו מיר, געפּרוּווט מיט גוטן און מיט בייזן אַרויסקריגן פון מיר אַן אונטערשריפט.

מײַן ענטפער איז געווען: „ניין!"

מען האָט מיך ווידער אַוועקגעפירט אין תּפיסה.

אין יאַנואַר 1939 האָט מען מיך געהייסן צונויפנעמען מײַנע זאַכן און מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין צווייטן קאָרפּוס אויף אַ נײַער אויס־פאָרשונג.

אין צווייטן קאָרפּוס זענען אין יענער צײַט געזעסן לרוב אַזעלכע, וואָס זענען געוואָרן פאַראורטיילט דורך דער „טראָיקע", זענען פאַרמשפּט גע־וואָרן אויף פאַרשידענע אורטיילן און זענען נאָך נישט געווען פאַרשיקט

אין לאַגער. מען האָט זיי אַריבערגעפירט אין צווייטן קאַרפּוס וואַרטן אויף אַ נײַער אויספאָרשונג.

אַזוי ווי די „טראַיקע״ ד״ה סטראָמין, וואָס האָט געמשפּט און פאַרמשפּט טויזנטער אַרעסטאַנטן אויף פאַרשידענע לאַגער־אורטיילן, איז אַרעסטירט און אפשר שוין דערשאָסן, זענען לויט אַ באַפעל פון מאָסקווע אָפּגעשאַפט געוואָרן די אורטיילן און עס זענען באַשטימט געוואָרן נײַע אויספאָרשונגען.

וועגן סטראָמינען האָט מען געהערט, אַז ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש לטובת דײַטשלאַנד און זײַן אמתער נאָמען איז נישט סטראָמין, נאָר שטראָמין.

מען האָט מיך ווידער גענומען רופן אין דער נקווי״ד יעדע צווייטע נאַכט. מען האָט מיך אַוועקגעזעצט בײַ דובראָווסקין אין צימער. ער האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט קיין איין וואָרט. אויף מײַן פראַגע וואָס איז געשען מיט מײַן פרוי און קינד האָט ער געענטפערט: „דו זעסט בעסער אויס ווי זיי״.

אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

און סײַ־ווי האָב נישט איך און נישט קיינער געוווסט צי מען האָט יאָ אָפּגעשאַפט די אַלטע אורטיילן אָדער נישט. אַלץ איז געווען אַזוי געהיימניש־פול אַז קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ שפּיל דאָ גייט אָן. און טאָמער האָט עמעץ יאָ געוווסט, האָט ער מורא געהאַט צו רעדן.

אין צווייטן קאַרפּוס האָט מען מיך יעדעס מאָל איבערגעזעצט אין אַ פרישער קאַמער. איך האָב זיך באַקענט מיט דירעקטאָרן פון פאַבריקן, מיט אַלערליי פּאַרטיי־טוערס, זיך באַקענט מיטן הויפּט־נאַטשאַלניק פון דער דרום־מזרח אײַזנבאַן, מיט דאָקטוירים און געלערנטע אויף אַלע געביטן. אַ סך פון זיי זענען שוין אָפּגעזעסן לאַנגע חדשים אין טויטן־קאַמערן און געוואָרן באַגנעדיקט. מיליטער־לײַט און נקווי״דניקעס, דירעקטאָרן פון תבואה־שפּײַכלערס וואָס זענען לויט סטאַלינס באַפעל געווען פאַרמשפּט צום טויט (דעם טויט־אורטייל האָט אַרויסגעטראָגן סטראָמין) און איצט האָבן אַלע געוואַרט אויף... וואָס, האָט קיינער נישט געוווסט.

## פּראָפעסאָר גערמאַן

פּראָפעסאָר גערמאַן, דאָס איז זײַן ריכטיקער נאָמען, איינער פון די גרעסטע געלערנטע אויפן געביט פון מאַלאַריע אין יענער צײַט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און באַקאַנט אין דער מערב־וועלט און אין אַמעריקע. מיט אים איז מען זיך באַגאַנגען מיט חסד.

באַשולדיקט איז ער געוואָרן אַז זײַנע פאָרש־אַרבעטן האָט ער געדרוקט אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע פריִער ווי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

ער איז נישט געפּײַניקט געוואָרן. ער איז געזעסן אין „פּאָליט־איזאָלאַטאָר", געפירט געוואָרן אויף אויספאָרשונגען אין דער נקוו"ד, אים האָט מען נישט געשלאָגן, נישט געפּײַניקט, נישט געצוווּנגען אונטערצושרײַבן קיין צוגעגרייטן „ווידוי". ער איז קיין מאָל קיין מיטגליד אין קיין שום פּאַרטיי נישט געווען. ער איז געזעסן אין ערשטן קאָרפּוס, קיין מאָל קיין אורטייל נישט באַקומען און איצט געפינט ער זיך אין צווייטן קאָרפּוס און וואַרט וואָס עס וועט ווידער מיט אים געשען.

גערמאַן איז אַלט אַרום 70 יאָר, אַ דײַטש. די גאַנצע צײַט קריגט ער פּעקלעך פון זײַן פרוי, אַ באַרימטע פידלערין אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אַגב, אַ ייִדישע פרוי.

פּראָפעסאָר גערמאַן האָט זיך אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע אַרעסטאַנטן, אַפילו פון חברים פּראָפעסאָרן. ער האָט די באַקומענע פּאָרציע

ברויט געלאָזט שימלען און קיינעם נישט אַוועקגעגעבן. דאָס פאַרשימלטע ברויט האָט ער שפּעטער געגעבן דעם תּפיסה־וועכטער אַרויסצוּוואַרפן.

ער איז געווען פאַרהאַסט ביי אַלעמען. אין היטלער־דייטשלאַנד וואָלט ער אַוודאי אַריינגעטראָטן אין דער ס״ס.

## שולץ

מיר ווערן אים רופן שולץ. אַ שלאַנקער, יונגער דײַטש. ער איז אין דײַטשלאַנד געווען טעלמאַנס סעקרעטאַר. טעלמאַן אַליין איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד. ער איז אַרעסטירט און הינגעריכטעט געוואָרן אויפן באַפעל פון היטלערן. נאָך טעלמאַנס אַרעסט אַנטלויפט שולץ מיט זײַן יונגער פרוי אין סאָוויעטן־פאַר־באַנד און ווערט אויפגענומען מיט גרויס פּאָמפּע אין מאָסקווע. מען שיקט אים מיט דער פרוי אין אַן אָפּרו־הויז אין קרים, דערנאָך אויף אַרבעט אין ענגעלס, דײַטשע רעפּובליק בײַ דער וואָלגע. ער אַרבעט אויף פאַר־אַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, פאַרנעמט אַ הויכן אַמט אין דער רעגירונג פון דער דײַטשער רעפּובליק.

אין 1937 ווערט ער אַרעסטירט. זײַן פרוי געלינגט צו אַנטלויפן קיין מאָסקווע. זי קריגט זיך אַרײַן אין דײַטשן קאָנסולאַט און ווערט צוריקגע־שיקט קיין דײַטשלאַנד.

די באַציִונגען צווישן היטלער־דײַטשלאַנד און סאָוויעטן־פאַרבאַנד ווערן בעסער פון טאָג צו טאָג.

שולץ באַקומט בריוו פון זײַן פרוי אין בערלין. זי שרײַבט אים אַז זי וועט אויפגענומען ווערן דורך היטלערן און עס זענען דאָ אויסזיכטן אַז ער זאָל אויסגעליפערט ווערן קיין דײַטשלאַנד. ער, שולץ, מאַכט דערפון קיין סוד נישט. ער קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן אויף דער מינוט אַז מען זאָל

אים אויסליפערן. ער ווײַזט אַרויס זײַן פֿאַראַכטונג צו רוסישע מענטשן און חברט זיך מיט ייִדן.

צוריקקומענדיק קיין דײַטשלאַנד, זאָגט ער, וועט ער אַרײַנטרעטן אין דער נאַצי־פּאַרטיי און זיך נוקם זײַן פֿאַר די יסורים, פּײַן און דערנידעריקונגען וואָס ער האָט געליטן דורך דער נקוו״ד.

## קאָזלאָוו

באַקענט האָב איך אים אין איינעם פון די קאַמערן פון צווייטן קאָרפּוס. ער אַליין איז אַ געבוירענער אין סאַראַטאָוו, אַ מאַן פון אַ יאָר 35. ער האָט מיר דערציילט זײַן געשיכטע: אַ זון פון אַן אַרבעטער, אַ קאָמוניסט, געדינט אין דער רויטער אַרמיי, זיך דערשלאָגן צום ראַנג פון קאַפּיטאַן, געווען אַקטיוו אין דער פּאַרטיי, געוואָרן נאַטשאַלניק פון די פּײַערלעשערס אין „קריטי רינאָק" אין סאַראַטאָוו.

ער ווייסט נישט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די קלאַנגען אַז ס׳וועלן דעם זונטיק פאַרקויפט ווערן פיל פּראָדוקטן און סחורות און ווער ס׳האָט זיי פאַרשפּרייט; דעסגלײַכן ווייסט ער נישט ווער ס׳האָט באַפוילן די קאָלכאָזן גראָד דעם דאָזיקן זונטיק צו ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין די געוועלבער פון באַזאַר.

זונטיק איז ער פאַר טאָג שוין געווען אין „רינאָק". אַלץ האָט „געקלאַפּט". ס׳האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם. ער האָט גאַנץ פרי גערעדט מיטן הייצער. שפּעטער־צו ווען ער איז אַראָפּ אין קעלער האָט ער דעם הייצער נישט געטראָפן. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך ווײַל דער קעסל איז נישט געווען אויף פאַרע, נאָר אויף הייס וואַסער און מען האָט געקאָנט אַוועקגיין אויף עטלעכע מינוט.

מיט אַ מאָל איז געשען עפּעס שרעקלעכס: ס׳איז פאָרגעקומען אַ גע־פערלעכער אויפרײַס. מענטשלעכע הענט, פיס, קעפּ אויסגעמישט מיט

פלייש פון בהמות און סחורות זענען געפלויגן אין דער לופט. די געוואַלדן און געשרייען זענען דערגאַנגען צום זיבעטן הימל. ער איז געווען צווישן די וואָס זענען אָפּגעקומען מיט וווּנדן.

ער האָט זיך אַ דערשראָקענער און אויסגעשעפּטער דערשלעפּט אַהיים. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען וועמענס אַרבעט עס איז געווען, נאָר ער האָט מורא געהאַט אַרויסברענגען אַ וואָרט פאַר וועמען עס איז.

אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אים אַרעסטירט. ער איז איַינגעזעצט געוואָרן אין אַ קעלער פון דער נקווי״ד. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ער געבראַכט געוואָרן צו סטראָמינען. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין טראָצ־קיזם, שפּיאָנאַזש און אין אונטערלייגן אַ באָמבע און אויפריַיסן דעם באַזאַר. ס׳זענען צוגעשטעלט געוואָרן עדות, וואָס האָבן אים אין די אויגן דערקלערט אַז ער האָט געהערט מיט זיי צו דער טראָצקיסטישער גרופּע און זיי האָבן עס אויספּלאַנירט דעם באָמבע־אויפריַיס. נאַטירלעך אַז ער האָט די דאָזיקע מענטשן געזען דאָס ערשטע מאָל אין זיַין לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז ס׳וועט נישט העלפן קיין ווידערשטאַנד. ער האָט זיך „מודה געווען״. צווישן די אַרעסטירטע זענען אויך געווען עטלעכע חברים און באַקאַנטע און אַלע אָנגעשטעלטע פון באַזאַר וואָס זענען געבליבן לעבן נאָכן אויפריַיס. ער האָט געוווּסט אַז ער וועט פאַרמשפּט ווערן צום טויט אַלס דער הויפּט פון דער פאַרברעכער־גרופּע וואָס האָט כלומרשט גורם געווען אַזוי פיל מענטשלעכע קרבנות.

די אויספאָרשונג האָט זיך געצויגן עטלעכע וואָכן. ער איז דורך דער „טראָיקע״ פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. ביז זעקס חדשים געזעסן אין טויטן־קאַמער צוזאַמען מיט הונדערטער צום טויט פאַרמשפּטע.

נאָך זעקס חדשים זיצן אין טויטן־קאַמער האָט מען אים ביַי נאַכט אַרויסגעפירט פון דאָרט מיט די זאַכן. אין קאָרידאָר האָט דער תּפיסה־נאַטשאַלניק אים פאָרגעלייענט אַז דער טויט־אורטייל איז אים פאַרביטן געוואָרן אויף 25 יאָר אַרבעטס־לאַגער, אָן רעכט זיך איבערצושריַיבן מיט דער פאַמיליע. מען האָט אים איבערגעפירט אין ערשטן קאָרפּוס. סוף אָקטאָבער 1938 איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע אין דער לוביאַנקע־תּפיסה. ער איז געזעסן אין איין תּפיסה־קאַמער מיט דעמיאַן ביעדני, אַ

באַרימטער רוסישער פּאָעט. לויט ווי ער האָט דערציילט איז יענער שוין געווען דערשלאָגן, גלייַכגילטיק און האָט אַלץ אויפגעגעבן...

מען האָט אים אַוועקגעפירט אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער נקוו״ד. אויסגעפרעגט האָט אים בעריאַ אַליין. יעזשאָוו איז שוין געווען באַזייַטיקט. בעריאַ האָט אים באַפוילן צו דערציילן אַלץ ווי עס איז געווען. ער האָט מורא געהאַט און געציטערט פאַר שרעק. בעריאַ האָט אים באַרויִקט און ער האָט דערציילט אַלץ וואָס ער האָט געוווּסט, פאַרשטייט זיך, פאַרשוויגן וועגן דעם, אַז די פאַרברעכערס זענען די נקוו״ד.

מ׳האָט אים צוריקגעבראַכט קיין סאַראַטאָוו. אַן אויספאָרשער האָט אים דערקלערט, אַז די 25 יאָר זענען אַראָפּגענומען געוואָרן און ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ נייַע אויספאָרשונג. ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין סאַראַטאָוו אויף דער פרייַ האָבן מיר זיך דערפרייט ווי אַלטע גוטע פרייַנד און בייַ אַ גלאָז ביר און בראָנפן זיך דערציילט וועגן דעם וואָס איז געווען און וועט שוין מער נישט זייַן.

ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד חזרט זיך אַלץ איבער. אַנשטאָט יעזשאָוון איז בעריאַ געוואָרן דער הענקער פון רוסישן פאָלק.

## פּינקל

דאָס איז נישט זײַן אמתער נאָמען. כאָטש ער לעבט נישט מער האָט ער אָבער דאָרט צוויי טעכטער, אַ זון און אייניקלעך...

געטראָפן און באַפרײַנדט האָבן מיר זיך אין צווייטן קאָרפּוס פון סאַראַ־טאָווער תּפיסה. ער, אַן אויסגעמאַטערטער, מיטליאָריקער „זקן"...

ער שטאַמט פון וואַרשע, פּוילן. אין וואַרשע געאַרבעט אַלס שנײַדער. געהערט צו אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע. אין 1912, אַלס יונגער בחור, פאָרט ער אָפּ קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד. אַרבעט בײַ שנײַדערײַ און איז אַקטיוו אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

אין 1917, ווען די באָלשעוויקעס פאַרכאַפּן די מאַכט אין רוסלאַנד און עס ברעכט אויס דער בירגער־קריג, איז ער אויף דער ערשטער שיף, וואָס פאָרט פון ענגלאַנד אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד צו העלפן דער רויטער אַרמיי. אויף דער שיף האָבן זיך געפונען מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען און גרופּעס.

ער קעמפט אויף פאַרשידענע פראָנטן. נאָכן זיג פון די באָלשעוויקעס ווערט ער באַפרײַט פון דער רויטער אַרמיי. וואַנדערט אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד ביז ער באַזעצט זיך אין סאַראַטאָוו. ער ווערט אַנטוישט אין דער רעוואָלוציע. אָבער ער באַזעצט זיך אין סאַראַטאָוו, האָט חתונה, האָט דרײַ קינדער, אַרבעט שנײַדערײַ און וווינט אין אַ קעלער־שטוב. ער באַהאַלט אויס זײַן אַנאַרכיסטישע פאַראַנגענהייט, ווערט פרום, לעבט אַן אָפּגעזונ־

דערט לעבן, אָן פֿרײַנד, אָן חברים. וועגן זײַן פֿאַרגאַנגענהייט האָט ער מורא זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואָרט אַפֿילו פֿאַר פֿרוי און קינדער. ער ווערט אַ גבאי אין אַ שילעכל אין וועלכן עס דאַווענען אַ צוויי מנינים ייִדן. דערצו ווערט ער נאָך קראַנק אויף מאָגן־געשווירן.

אין 1938 ווערט ער אַרעסטירט און באַשולדיקט אַז ער איז אַן ענגלי־שער שפּיאָן.

ער ווערט געמאַטערט. ער איז אַ קראַנקער, שוואַכער מאַן, מיט בלוטיקע מאָגן־געשווירן. מען שלאָגט אים אַז ער זאָל אַרויסגעבן זײַנע שותפים אין זײַן שפּיאָנאַזש־טעטיקייט. ער ברעכט זיך איַין. ער גיט אַרויס איבער אַ טוץ אַלטע ייִדן מיט וועלכע ער האָט געדאַוונט אין איין שילעכל. אַלע ווערן אַרעסטירט.

איינער, אַן עובר־בטלדיקער, אַלטער ייִד האָט אויף דער ערשטער אויספֿאָרשונג מסכּים געווען מיטצואַרבעטן מיט דער נקוו״ד. ער זאָגט אַז ער איז געווען פּינקלס „רעכטע האַנט״ אין שפּיאָנאַזש. מען פֿירט דעם דאָזיקן עובר־בטל אויף קאָנפֿראָנטאַציע מיט די אַלטע ייִדן מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געדאַוונט.

ער ווײַזט אָן וואָס פֿאַר אַ ראָלע יעדער איינער האָט געשפּילט אין דער שפּיאָנסקער גרופּע. דער אַלטער ייִד איז שטאָלץ מיט דער ראָלע וואָס ער שפּילט ווי אַ געהילפֿס־שפּיאָן צו פּינקלען... לויט דעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט די גרופּע אַלטע ייִדן זיך געגרייט חרוב צו מאַכן דעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד...

מען האָט די ייִדן געפּײַניקט, ביז אַלע האָבן אונטערגעשריבן די אַקטן. זיי זענען געוואָרן פֿאַרמשפּט אויף לאַגער־טערמינען. דערנאָך האָט מען אָפּגעשאַפֿט די אורטיילן, אַלעמען געשטעלט צו אַ נײַער אויספֿאָרשונג און ענדלעך זענען זיי באַפֿרײַט געוואָרן.

נאָך דער באַפֿרײַונג בין איך עטלעכע מאָל געווען בײַ פּינקלען אין קעלער־שטוב. ער האָט ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן שנײַדערײַ. ער האָט געוויינט פֿאַר מיר, ווי אַ קליין קינד אַז ער קאָן נישט איבערטראָגן די צרות וואָס ער האָט גורם געווען די ייִדן. ער גייט פֿאַר חרפּה מער נישט דאַווענען בכדי נישט צו טרעפֿן זיך מיט די ייִדן. אים דאַכט זיך אויס אַז

מען טײַטלט אויף אים מיט די פינגער. אין תּפֿיסה איז ער געווען זיכער אַז די מאָגן־געשווירן האָבן זיך אויסגעהיילט און איצט איז ווידער נישט גוט, זיי בלוטיקן ווידער. נאָך עטלעכע חדשים זײַן אויף דער פֿרײַ איז ער געשטאָרבן.

סוף 1938 איז די לאַגע אין לאַנד געוואָרן אַ ביסל רויִקער, די אַרעסטן האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט, אָבער נישט אין גאַנצן... אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד קאָן אַזאַ זאַך נישט געשען, ווײַל די אַרבעט אין די לאַגערן מוז אָנגיין... די פּאַרטיי און די רעגירונג קאָנען זיך נישט דערלויבן צו שיקן פֿרײַע אַרבעטערס צו האַקן וועלדער, בויען אײַזנבאַן־וועגן און קאַנאַלן, זוכן נאַפֿט און מינעראַלן אין די פֿאַרוואָרפֿענע ערטער אין לאַנד, אין די קוילן־גרובנס, בויען מעטראָס, זאַוואָדן און אַנדערע, ווײַל פֿרײַע אַרבעטס־הענט מוז מען צאָלן, באַזאָרגן מיט וווינונגען און עסן, אויב נישט וועלן זיי פֿאַרלאָזן די אַרבעטס־פּלעצער און די פֿינף־יאָר־פּלענער וועלן נישט אויסגעפֿירט ווערן. דערפֿאַר דאַרף די רעגירונג שטענדיק האָבן אומזיסטע אַרבעטס־הענט; דערפֿאַר מוזן די אַרעסטן פֿאָרקומען אָן איבעררײַס. די אומזיסטע אַרבעטס־הענט ווערן נישט דערנערט, וווינען אין שרעקלעכע וווינונגס־באַדינגונגען, ווערן אויסגענוצט ביזן ביין. זיי ווערן פֿאַרוואַנדלט אין נאָמענלאָזע אַרעסטאַנטן. די שטערבלעכקייט צווישן זיי גרויס און אַפֿילו דאָס באַגראָבן קאָסט דער מלוכה קיין קאָפּיקע נישט. דעריבער מוז די נקוו״ד אויפֿן באַפֿעל פֿון קרעמל אַרבעטן טאָג און נאַכט, זוכן אַלץ נײַע מיטלען אַרײַנצוקריגן מענטשן וועלכע זאָלן פֿאַרטרעטן די צום טויט פֿאַרמוטשעטע.

האָט די „פּראַוודאַ“ און „איזוועסטיאַ“ אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען מיט אָנפֿאַלן אויף די וועלכע האָבן — אויפֿן באַפֿעל פֿון דער זעלבער „פּראַוודאַ“ און „איזוועסטיאַ“ — געהאָלפֿן דעם פֿירער פֿון די פֿעלקער, חבר סטאַלין, און זײַן געטרײַער תּלמיד — יעזשאָוו; געהאָלפֿן דער נקוו״ד אויסצוראָטן אַלערליי שׂונאים פֿון פֿאָלק. איצט זענען די צײַטונגען אַרויס מיט אַ נײַעם מין „שׂונאים פֿון פֿאָלק“, „פּערעסטראַכאָווששיקי“ (אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואָלט פֿאַרזיכערן, אַז קיין „בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן“), האָבן זיי

מיטגעאַרבעט מיט דער נקוו״ד און האָבן אויף זייער געוויסן צענדליקער און אַ טייל אַפּילו הונדערטער אומשולדיקע קרבנות וועלכע זיי האָבן גע־מסורט און אַפּילו אַרויסגעטראָטן קעגן זיי אַלס עדות. האָבן דאָס געמעגט זײַן זייערע נעכטיקע חברים, פרײַנד, שכנים און אַפּילו משפּחה־מענטשן.

איצט ווערט געפירט אין דער סאָוויעטישער פּרעסע אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן אָט דעם נײַעם סאָרט שונאים פון פאָלק.

צו אַרעסטירן אָט דעם סאָרט שונאים האָט די נקוו״ד שוין נישט גע־דאַרפט האָבן קיין נײַע מוסרים. זיי זענען געווען אַ טייל פון דער נקוו״ד.

די קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב איבערן גאַנצן לאַנד. טויזנטער מענער און פרויען זענען אַרעסטירט געוואָרן. אין צווייטן קאָרפּוס פון דער סאַראַטאָווער תּפיסה זענען עטלעכע שטאָק געווען פאַרנומען מיט די נײַע אַרעסטאַנטן.

גייענדיק אויף אַ שפּאַציר האָט מען בײַ דער טיר פון אַ קאַמער געזען שטיין אַ קעסטעלע מיט היי און געהערט דאָס געוויין פון אַ פּיצעלע קינד פון דער קאַמער אַרויס. זעט זיך אויס אַז מען האָט געבראַנגט דאָס קינד צו דער מוטער זי זאָל עס אָנזייגן. איך האָב זיך דערמאָנט אין קעסטעלע מיט היי וואָס איך האָב זײַענדיק אויף דער פרײַ גענוצט ווי אַ בעטל פאַר מײַן קינד. פון דער „וואַנטפּאַסט״ האָב איך זיך דערוווּסט אַז די זעלבע פרוי, די נאַטשאַלניצע פון אַן אינסטיטוציע, האָט געמסרט איבער הונדערט מענטשן.

די אַזוי גערופענע „פּערעסטראַכאָווטשיקי״ זענען נישט אַרײַנגעזעצט געוואָרן אין די קאַמערן צוזאַמען מיט זייערע קרבנות. די נקוו״ד האָט, זעט אויס, מורא געהאַט אַז עס קען קומען צו סקאַנדאַלן. די הויפּט־זאַך: די קאַמערן אין די תּפיסות זענען נישט געבליבן ליידיק. די אַרבעט אין דער נקוו״ד איז אָנגעגאַנגען נאָרמאַל און די „עשאַלאָנען״ האָבן געליפערט „לעבעדיקע סחורה״ צו די „אַרבעטס־פּלעצער״...

דאָ וויל איך דערציילן אַ געשיכטע, ווי אַזוי סאָוויעטישע מענטשן היטן אָפּ דאָס געזעץ און ווי אַזוי זיי זענען מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבן דעם חבר סטאַלין, דער פּאַרטיי און דער רעגירונג.

ווען עס איז אַרויס דאָס געזעץ אַז פֿאַר פֿאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט אויף צען מינוט ווערט מען פֿאַרמשפּט אויף אַ האַלב יאָר צוואַנגס־אַרבעט, האָט אין אַ „סעלסאָוויעט" (אין אַ דאָרפֿישן ראָט) נישט ווײַט פֿון סאַראַטאָוו, געאַרבעט אַן אָנגעשטעלטער, אַ פּאַרטיי־מיטגליד, וועלכער איז על־פּי רוב געווען אויף „קאָמאַנדיראָווקעס", כּדי אײַנצוקויפֿן פּראָדוקטן פֿאַרן דאָרף, כּדי אָפּצורעכענען זיך מיט די קאָלכאָזן און אַנדערע ענינים.

כאָטש ער איז געווען אַ פּינקטלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעטער און איז גוט אויסגעקומען מיטן פֿאָרזיצער פֿון דאָרפֿישן סאָוויעט, האָט ער זיך דאָך געשראָקן אַז ער קאָן אַ מאָל פֿאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. דערי־בער איז ער קומענדיק פֿון וועג בײַ נאַכט, נישט געגאַנגען אַהיים שלאָפֿן נאָר איז אַוועק אין דאָרפֿישן סאָוויעט און געכאַפּט אַ דרימל בײַם טיש.

קומענדיק צו דער אַרבעט און זעענדיק, אַז זײַן אָנגעשטעלטער שלאָפֿט געשמאַק בײַם טיש איז דער פֿאָרזיצער פֿון „סעלסאָוויעט" שטילערהייט אַוועק און גערופֿן דעם פּראָקוראָר און ביידע האָבן זיי געוואַרט אַז די צען מינוט זאָלן אַריבער. און ווען זיי האָבן זיך ענדלעך דערוואַרט, האָבן זיי מיט טריומף אויפֿגעוועקט דעם קרבן, אים געשטעלט פֿאַרן געריכט און אים פֿאַרמשפּט אויף אַ האַלב יאָר צוואַנגס־אַרבעט.

דאָס זענען די געטרײַע סאָוויעטישע מענטשן וואָס היטן אָפּ אַז די באַפֿעלן פֿון דער פּאַרטיי, דער רעגירונג און פֿון חבר סטאַלין זאָלן אַדורכ־געפֿירט ווערן.

## איך ווער באַפרייַט

אין די ערשטע טעג פון חודש מערץ 1939, האָט מען מיך אַרויסגערופן פון קאַמער, מיך אַראָפּגעפירט אין אַ קאַמער אין זעלבן קאָרפּוס.

מייַן אויספאָרשער האָט זיך מיט מיר דערפרייט, מיר דערלאַנגט די האַנט, געהייסן מיך אַוועקזעצן און מיך געפרעגט:

— ווייסטו וואָס מאָרגן איז?

איך: ניין.

אויספאָרשער: מאָרגן עפנט זיך דער 17טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר און מיר האָבן באַשלאָסן דיך צו באַפרייַען. נאָר געדענק, טאָמער וועט ווער עס איז אין קאַמער זיך דערוויסן אַז דו ווערסט באַפרייַט וועסטו בלייַבן זיצן. מיר האָבן אין יעדער קאַמער אונדזערע מענטשן.

דער תּפיסה־וועכטער האָט מיך צוריקגעפירט אין קאַמער. מיט אַלע כּוחות האָב איך זיך באַמיט נישט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַ וואָרט און נישט אַרויסצוווייַזן עפּעס וואָס זאָל אָנדייַטן אויף דער געשעעניש וואָס שטייט מיר פאָר. אויף דער דריטער נאַכט, דעם 21סטן מערץ 1939, אַרום 11 אַ זייגער בייַ נאַכט, האָט מען אויסגערופן מייַן נאָמען, מיך געהייסן צוזאַמענ־נעמען מייַנע זאַכן. איך בין נאָך אַלץ נישט געווען זיכער, צי איך גיי טאַקע אויף דער פרייַ אָדער מען גרייט מיך צו פאַר אַן עשאַלאָן אָפּגעשיקט צו ווערן אין לאַגער.

אין קאָרידאָר האָבן שוין געוואַרט אַרום אַ צען מאַן און ווען דער תּפֿיסה־וועכטער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן צונויפֿנעמען אַלע „קליענטן", האָט ער אונדז אַראָפּגעפֿירט אין תּפֿיסה־קאַנצעלאַריע. מען האָט אַרײַנגע־רופֿן יעדן באַזונדער אין אַ צימער, ווו אַן נקוו"דניק האָט מיר מיטגעטיילט אַז מיטן חסד פֿון דער פּאַרטיי, דער רעגירונג און דעם חבר סטאַלין ווער איך באַפֿרײַט. ער האָט מיר געגעבן אונטערצושרײַבן אַ דאָקומענט אַז אַלץ וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט געהערט און געזען טאָר נישט דערציילט ווערן אַפֿילו פֿאַר די נאָענטסטע.

ענדלעך האָט זיך געעפֿנט דאָס תּפֿיסה־טויער און איך בין געווען פֿרײַ.

ס'איז געווען אַ קאַלטער אָוונט. בײַ טאָג האָט געשײַנט די זון און צעשמאָלצן דעם שניי און בײַ נאַכט איז ווידער אַלץ געפֿרוירן געוואָרן. איך האָב גענומען לויפֿן, מורא האָבנדיק אַז מען קאָן מיך צוריקרופֿן און ווידער אײַנזעצן. אָבער די פֿיס האָבן מיך נישט געטראָגן: זיי זענען געווען גע־שוואָלן און אָפּגעווווינט פֿון גיין. חוץ דעם בין איך געגאַנגען אין „וואַלינקעס" (וואָלענע שטיוול). בײַ יעדן טריט האָט דאָס אײַז אונטער די פֿיס געפּלאַצט און די וואַלינקעס זענען אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט אײַז־קאַלטן וואַסער.

צו מײַן היים איז געווען נישט צו ווײַט. איך האָב אָבער געפֿילט אַז איך וועל אַהיים נישט דערגיין.

איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צו אַ טראַמוויי־סטאַציע. איך האָב נישט געהאַט בײַ זיך די צען קאָפּיקעס צו באַצאָלן פֿאַרן טראַמוויי־בילעט. מײַן געלט איז געבליבן אין דער נקוו"ד.

בײַ דער טראַמוויי־סטאַציע האָב איך פּשוט גענומען בעטן בײַם עולם מען זאָל מיר באָרגן צען קאָפּיקעס אויף אַ טראַמוויי־בילעט. קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט און נישט געענטפֿערט. האָב איך זיך נאָך אַ מאָל געווענדט צו עטלעכע מענטשן און געזאָגט: „איך בין איצט אַרויס־געלאָזט געוואָרן פֿון תּפֿיסה און איך בין נישט בכּוח אַהיימצוגיין, כאָטש איך וווין עטלעכע גאַסן פֿון דאַנען".

גלײַך האָבן זיך די מענטשן געכאַפּט צו די בײַטלען און מיר געגעבן געלט.

איך האָב גענומען נאָר צען קאָפּיקעס ביַי אַן עלטערער פֿרוי וועלכע האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן, איך זאָל ביַי איר נעמען ס׳גאַנצע געלט וואָס זי האָט ביַי זיך. זי האָט מיר געדאַנקט פֿאַר דער טובה וואָס איך האָב איר געטאָן און מיר געווונטשן גליק. דער עולם האָט מיר געהאָלפֿן אַרויפֿגיין אויפֿן טראַמוויַי און מיט פֿינף מינוט שפּעטער בין איך שוין געווען ביַים הויז ווו ס׳האָבן געוווינט מיַין פֿרוי און קינד.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער און ענדלעך האָב איך זיך געפֿונען אויף דער פֿריַי, אין נאַסן פֿינצטערן קעלער, מיט מיַין פֿרוי און קינד. מיַין טאָכטער האָט זיך געוווּנדערט וואָס אַ פֿרעמדער מאַן קומט אין מיטן נאַכט אין שטוב אַריַין און נעמט קושן און צערטלען.

איך בין עטלעכע טעג געלעגן אין בעט, אַן אויסגעמאַטערטער, מיט געשוואָלענע פֿיס. איך האָב „געמוזט זיך נעמען אין די הענט אַריַין". כ׳האָב געפּרוּווט אַרויסשלאָגן פֿון זיך דעם קאָשמאַר וועלכן איך האָב נישט געקאָנט פּטור ווערן אַפֿילו אין יאָרן, יאָרן אַ סך אַרום. נאָך ביזן היַינטיקן טאָג ציטער איך אויף ווען כ׳דערמאָן זיך אין יענע שרעקלעכע יאָרן און הויפּט־זאַכלעך דאָס יאָר אין דער תּפֿיסה אין סאַראַטאָוו.

דעם פֿערטן טאָג אויף דער פֿריַי, דערהער איך, אַז מען קלאַפּט אין פֿענצטער. אַ יונגער רוס אין ציווילע קליידער רופֿט מיך אָן ביַי מיַין פֿאַמיליע־נאָמען, רופֿט מיך אַרויס און הייסט מיך מיטגיין מיט אים אין אַ פּאַרק וואָס האָט זיך געפֿונען נישט וויַיט פֿון אונדזער הויז.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און ער שטעלט זיך פֿאָר פֿאַר מיר, אַז ער איז אַ מיטאַרבעטער פֿון דער נקוו״ד, געשיקט האָט אים מיַין אויספֿאָרשער. ער לייגט מיר פֿאָר אַז איך זאָל זיך צוהערן צו דעם וואָס עס רעדן מיַינע באַקאַנטע, נאָענטע, שכנים און די אַרבעטער אין דער דרוקעריַי ווו איך אַרבעט און דאָס אַלץ אים איבערגעבן. ער זאָגט מיר דער־ביַי אַז איך זאָל געדענקען אַז פּונקט ווי מען האָט מיך באַפֿריַיט אַזוי קאָן מען מיך ווידער אַרעסטירן.

איך האָב אים געענטפֿערט אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן: מיַינע פֿריַינד און באַקאַנטע זענען פֿאַרשיקט אין די לאַגערן. קיין שכנים קען איך נישט

און די אַרבעטערס זענען גוטע סאָוויעטישע מענטשן און איך וועל בשום אופן נישט ווערן קיין „טראָגער".

ער האָט מיט רציחה געענטפערט: „וועסט בעסער ווערן".

איך האָב אַלץ דערציילט מײַן פרוי און איר געזאָגט אַז קיין לעבעדיקן וועלן זיי מיך שוין נישט נעמען. מײַן פרוי האָט מיר אויסגערעדט, באַרויִקט און זיך גוט אויסגעוויינט.

מיט צוויי טעג שפּעטער — ווידער אַ קלאַפּ אין פענצטער, ווידער אַ באַפעל זיך צו טרעפן אין פּאַרק. דאָס מאָל איז אַ חוץ דעם יונגן חברה־מאַן אויך געזעסן אויף אַ באַנק מײַן אויספאָרשער, אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און צוגעגאַנגען צום ענין:

— צוליב דעם וואָס איך בין באַפרײַט געוואָרן — האָט ער געטענהט — דאַרף איך צוהעלפן דער פּאַרטיי, דער רעגירונג און דעם חבר סטאַלין אויסראָטן די שׂונאים פון פאָלק, מײַן אויפגאַבע איז: צו גיין אין שול אַרײַן דאַוונען, הערן און זען וואָס מען רעדט דאָרט, ווער עס קומט דאַוונען און בכלל אַלץ וואָס דאָרט קומט פאָר.

מײַן ענטפער איז געווען: „איך בין אַ בעזבאָזשניק (אַ נישט־גלויביקער) און גיי נישט דאַוונען. איך קען זיך נישט אויף די אַלע צערעמאָניעס און וועל אין שול נישט גיין".

ביידע האָבן מיר גענומען זאָגן מוסר: אַזוי דאַנק איך עס אָפּ פאַר דעם גוטס וואָס מען האָט מיר געטאָן?...

און נאָך אַ דריט מאָל האָט מען מיך גערופן. ווידער מײַן אויספאָרשער מיט דעם זעלבן חברה־מאַן. ווידער זענען זיי צוגעשטאַנען אַז איך זאָל גיין אין שול אַרײַן אונטערהערן וואָס ייִדן רעדן. אויב נישט, האָבן זיי געטענהט, וועל איך ווידער אַרעסטירט ווערן. דער אורטייל פון 10 יאָר הענגט נאָך אַלץ איבער מײַן קאָפּ.

איך האָב דערקלערט אַז קיין לעבעדיקן וועלן זיי מיך מער נישט נעמען. אַז איך וועל אין קיין שול אָדער ערגעץ אַנדערש נישט גיין. כ'וועל נישט אונטערהערן וואָס עמעץ רעדט.

ביידע זעגען מיר באַפאַלן ווי אין די אַלטע גוטע צײַטן אין דער נקוו״ד, מיך געזידלט אין דער מאַמען אַרײַן און מיר געזאָגט: „איצט וועט מען זיך טרעפן אין דער נקוו״ד״.

אָבער מער איז קיינער צו מיר שוין נישט געקומען.

איך האָב ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער זעלבער דרוקערײַ. בין רעהאַביליטירט געוואָרן, באַקומען אויסגעצאָלט פאַר צוויי חדשים גע־האַלט און די דירעקציע פון דער דרוקערײַ האָט מיך געשיקט אין אַן אָפּרו־הויז אויף צוויי וואָכן.

## איך ווער אַ דײַטש

אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד מוז יעדער בירגער אָדער נישט־בירגער האָבן אַ פּאַס און אַ „וואָיענני־בילעט" (קריגס־ביכל); אָן דעם קאָן מען נישט עקסיסטירן. בײַם אַרײַנפֿאָרן אין אַ צווייטער שטאָט מער ווי אויף דרײַ טעג, מוז מען זיך מעלדן אין דער מיליץ מיטן פּאַס און מיטן „וואָיענני בילעט" אין קריגס־קאָמיסאַריאַט.

אַזוי ווי איך בין געזעסן 13 חדשים אין תּפֿיסה און אַלע דאָקומענטן זענען בײַ מיר צוגענומען געוואָרן, האָב איך געמוזט זיך ווענדן אין קריגס־קאָמיסאַריאַט נאָך אַ פֿרישן „וואָיענני בילעט".

אַ מיליטערמאַן האָט אויסגעפֿילט אַן אַנקעטע, פֿאַרשריבן ווו איך האָב זיך געפֿונען דאָס לעצטע יאָר און מיך געפֿרעגט ווו איך בין געבוירן געוואָרן. מײַן ענטפֿער איז געווען: לאָדזש, פּוילן.

עס איז געווען אין צײַט פֿון היטלער־סטאַלין־פּאַקט. דער מיליטערמאַן איז צו צו אַ מאַפּע, געקוקט, גענישטערט און צום סוף מיר אַ זאָג געטאָן: „זאָגסט ליגן! נישטאָ אַזאַ שטאָט אויף דער מאַפּע. ביסט געבוירן געוואָרן אין ליצמאַנשטאַט, דײַטשלאַנד".

איך האָב אים געפּרוווט פֿאַרטײַטשן אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן האָט די שטאָט געהייסן לאָדזש און האָט געהערט צו רוסלאַנד. ער האָט נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט, שוין מיט אַ העכערן טאָן: „ליצמאַנשטאַט, דײַטשלאַנד". און איך האָב באַקומען מײַן קריגס־בילעט אין וועלכן ס'איז

געווען געשריבן אַז איך בין געבוירן אין ליצמאַנשטאַט, דײַטשלאַנד. אפשר איז דאָס אויך איינע פון די סיבות וואָס איך קאָן איצט דאָס אַלץ דערציילן אין פריידן.

באַלד נאָך מײַן באַפרײַונג האָט מײַן פרוי דערהאַלטן אַן אויפפאָדערונג אַז זי דאַרף זיך צושטעלן אין דער נקווײ״ד. זי איז אַוועק מיט אַ ציטערדיק האַרץ. אַן אויספאָרשער האָט איר געגעבן אַ פּאַפּיר מיט אַ פאַראָרדענונג אַז אין פאַרלויף פון אַ חודש צײַט מוז זי פאַרלאָזן סאַראַטאָוו און זיך באַזעצן אין נאָוואָזיענסק, אַ שטעטל אויף דרום פון סאַראַטאָוו. זי איז געקומען אַ דערשראָקענע און פאַרוויינטע. איך בין מיט איר צוזאַמען אַוועק אין דער נקווײ״ד צום זעלבן אויספאָרשער וואָס האָט באַפוילן אַז מײַן פרוי מוז פאַר־לאָזן סאַראַטאָוו און אים באַוויזן אַז איך בין באַפרײַט געוואָרן פון תפיסה און רעהאַביליטירט געוואָרן און איך אַרבעט שוין. פאַר וואָס זשע, האָב איך געפרעגט, שיקט איר איצט אַרויס פון סאַראַטאָוו מײַן פרוי מיט אַ קליין קינד?

ער האָט זיך אַנטשולדיקט, דערקלערט אַז עס איז געשען אַ טעות, צוגענומען די פאַראָרדענונג און אונדז געהייסן אַהיימגיין.

דורך דער צײַט וואָס איך בין געזעסן אין תפיסה אין סאַראַטאָוו האָט מײַן פרוי געשריבן הונדערטער ביטעס צו סטאַלינען, מאָלאָטאָוון, ווישינס־קין, קאַגאַנאָוויטשן, יעזשאָוון און אַנדערע פירערס פון דער פּאַרטיי און רעגירונג. איר טענה איז געווען אַז מיט איר מאַנס אַרעסט איז געשען אַ טעות. ער, דער פירער פון די פעלקער, דער פאָטער און לערער פון פאָלק, דער באַליבטער פירער פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, זאָל דעם טעות אויסבעסערן און באַפרײַען איר מאַן.

זי האָט אַרויסגענומען די „טיטולן" פון אַלטע „פּראַוודאַס" און „איז־וועסטיאַס" און כּסדר „באָמבאַרדירט" דעם קרעמל. ביזן הײַנטיקן טאָג איז זי זיכער אַז אַ דאַנק די ביטעס וואָס זי האָט געשיקט צווי מאָל אַ וואָך צו סטאַלינען און זײַנע אַרויסהעלפערס בין איך באַפרײַט געוואָרן.

אויך נאָך דעם ווי איך בין באַפרײַט געוואָרן האָט זי נישט אויפגעהערט צו שרײַבן ביטעס צו סטאַלינען. די נײַע ביטעס זענען געווען וועגן דעם וואָס מיר ווינען אין אַ נאַסן, קאַלטן קעלער, אײַנגעדונגען בײַ יענעם און

מיר האָבן אַ שוואַך קינד. דעריבער בעט זי דעם פירער פון די פעלקער, דעם חבר סטאַלין, אַז ער זאָל זען דאָס מיר זאָלן קריגן אַ וווינונג.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט זיך אין אונדזער וווינונג באַוויזן אַ שליח פון „אָבליספּאָלקאָם״ מיט אַ פּאַק פּאַפּירן, זיך אַרומגעקוקט אין וואָסער מצב מיר וווינען, אויסגעפרעגט מײַן פרוי וועגן אירע ביטעס צו סטאַלינען און אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט זי באַקומען אַ מעלדונג פון „אָבליספּאָלקאָם״, אַז אויפן באַפעל פון חבר סטאַלין באַקומען מיר אַ וווינונג. אמת, בלויז איין נישט גרויס צימער, נאָר אַן אייגנס.

פון דעמאָלט אָן איז זי שוין געווען אַבסאָלוט זיכער אַז אַ דאַנק אירע ביטעס בין איך באַפרײַט געוואָרן פון תפיסה.

אין דער צײַט וואָס איך בין געווען אַרעסטירט איז מײַן פרוי, פּונקט ווי די איבעריקע פרויען פון די אַרעסטירטע, אַרויסגערופן געוואָרן אין דער נקוו״ד אויף אַן אויספאָרשונג. זי האָט זיך געזעגנט מיט איר שוועס־טער, מיט אַלע באַקאַנטע און מיט זיך מיטגענומען דאָס קינד גלויבנדיק אַז צוליבן קינד וועט מען זי אפשר נישט אַרעסטירן.

מען האָט זי גענומען אויפן צימבל: מיט געשרייען און געוואַלדן האָט מען איר געזאָגט אַז איר מאַן האָט דערציילט אַז זי האָט זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש צוזאַמען מיט אים. איר ענטפער איז געווען: „איר האָט דאָך אײַערע מענטשן אין לאָדזש, פרעגט זיך נאָך וועט איר זיך דערוויסן ווער מיר זענען געווען. מיר זענען געווען כשרע אַרבעטערס. דער טאַטע, די מאַמע — אַרבעטערס. צו וואָס דאַרפט איר שרײַען אַז איר קאָנט זיך אַלץ דערוויסן״. נאָך עטלעכע שעה „פאַרשן״ האָט מען זי באַפרײַט.

דאָס לעבן אין יענער צײַט איז געווען אַ שווערס. אויב אין אַ פאַמיליע פון דרײַ האָבן צוויי געאַרבעט האָט קוים געקלעקט אויף אַן אָרעם געמוט־טשעט לעבן. מילך האָט מען געקויפט אויפן קאָלכאָזנעם מאַרק בלויז פאַרן קינד און פון צײַט צו צײַט צו „פאַרווײַסן״ אַ ביסל געקאָכט וואַסער.

ווען איך וועל דערציילן, אַז נאָך אַ שטיקל סחורה אויף אַ קליידל איז מען געשטאַנען צוויי מעת־לעת אין ריי, וועט מען מיך האַלטן פאַר אַ ליגנער. עס איז אָבער צום באַדויערן אַן אמת.

אין דער ריי זענען געשטאַנען עטלעכע טויזנט מענטשן. יעדע 50 מענטשן האָבן אויסגעקליבן אַן „עלטסטן". זײַן אויפגאַבע איז געווען: מיט אַ בלײַפעדער אויפשרײַבן נומערן אויף די הענט פון די רייע־שטייערס. מען האָט געקאָנט אַוועקגיין אויף עטלעכע שעה, ווידער זיך טרעפן, שטיין אַ געוויסע צײַט און איבערשרײַבן די נומערן.

יאָ, מיר האָבן איין מאָל אויסגעהאַלטן די ריי און באַקומען עטלעכע מעטער סחורה.

איך האָב געאַרבעט איבער־שעהען און פאַרדינט פאַרהעלטנישמעסיק נישט שלעכט. אויך די פרוי האָט געאַרבעט. דאָס קינד איז געווען אין קינדער־גאָרטן און מיר האָבן נישט געקאָנט „פאַרבינדן קיין עק מיט אַן עק". איין מאָל אין וואָך האָט מען זיך פאַרגונען צו קויפן אַ שטיקל פלייש אין דער זופּ אַרײַן.

עס זענען געווען מענטשן וואָס האָבן געלעבט אַ לײַכט לעבן אָבער נישט פון אַרבעט.

מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווּסט אַז מען דאַרף צוהאַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק", עפּעס קויפן און פאַרקויפן אָדער עפּעס גנבענען בײַ דער אַרבעט. מיר האָבן אָבער מורא געהאַט אי צו האַנדלען אי צו גנבענען.

אַפילו אין דער דרוקערײַ ווו איך האָב געאַרבעט האָבן אַ טייל זעצערס פאַרדינט דרײַ מאָל אַזוי פיל ווי איך, געווען „סטאַכאַנאָוועצעס" און באַקומען פּרעמיעס. די אַרבעט איז געווען שטיק־אַרבעט און די נאַטשאַלסטווע פון דער דרוקערײַ האָבן געמוזט האָבן „סטאַכאַנאָווצעס". האָבן עטלעכע זעצערס, מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, אָפּגעגעבן יעדעס שטיקל אַרבעט דרײַ מאָל און געקראָגן דרײַ מאָל באַצאָלט און דערצו באַקומען פּרעמיעס און לויב־געזאַנגען. עס האָט גענומען אַ צײַט ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט די „טעכניק" פון זײַן אַ „סטאַכאַנאָוויעץ" און איך בין געוואָרן איינער פון די גוטע פאַרדינערס און מיר האָבן זיך שוין געקאָנט דערלויבן אָפּצועסן צו דער זאַט...

קיין סאַראַטאָוו האָבן אָנגעהויבן קומען „ביעזשענצעס", דאָס הייסט, אַנטלאָפענע פון פּוילן און מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון די ייִדן אין פּוילן. מיר האָבן מורא געהאַט זיך צו פיל צו טרעפן

מיט די פריש־געקומענע פון פוילן. מיר האָבן מורא געהאַט זיי צו דער־ציילן וועגן אונדזערע איבערלעבענישן דורך די זיבן יאָר אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און וועגן די צענדליקער טויזנטער, וואָס זענען אַרעסטירט גע־וואָרן אין 1937 און פאַרשוווּנדן... מיר האָבן זיך געשראָקן, אַז זיי קאָן עפּעס געשען פאַר זייַן מיט אונדז אין פאַרבינדונג און אויך אונדז קאָן עס אַ מאָל אויספּאַלן „באָקאָם".

נאָכן שליסן דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט און נאָך דעם ווי די דייַטשן האָבן אייַנגעשלונגען איין לאַנד נאָכן צווייטן אין אייראָפּע איז די פרייד צווישן די רוסישע אַרבעטערס געווען גרויס. יעדן אין דער פרי, פאַרן אָנהייבן אַרבעטן, האָט מען דורך דעם ראַדיאָ־הילכער געהערט די נייַעסן וועגן די נאַצישע זיגן. די אַרבעטערס האָבן רעאַגירט מיט פרייד: „נאַשי ווזיאַלי" — אונדזערע האָבן אייַנגענומען.

איין מאָל, הערנדיק די ראַדיאָ־נייַעס וועגן די נאַצישע זיגן, איז צו מיר צו אַן עלטערער רוס, אַ זעצער פון דער זעלבער בריגאַדע וואָס איך און מיט וועלכן איך האָב כּסדר געמוזט אויסטרינקען. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן בקול רם: „יעפים, קוק, אַלע פרייען זיך מיט אונדזערע זיגן. זאָג מיר, פאַר וואָס שטייסטו אין אַ זייַט און מען זעט נישט קיין שמייכל אויף דייַן פּנים?"

מייַן ענטפער איז געווען: „דאָס קינד איז מיר קראַנק און דערפאַר בין איך טרויעריק".

איך האָב פאַרשטאַנען אַז דער „חבר" מייַנער איז אַ מיטאַרבעטער אין נקווּ"ד און ער האָט אַ באַפעל מיך צו אָבסערווירן. כ'האָב פאַרשטאַנען אַז מען מוז זיך היטן פאַר אים און מאַכן דעם אָנשטעל אַז איך פריי מיך מיט „אונדזערע זיגן"...

אין צווייטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייַטשלאַנד און דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, בין איך אַוועק אין „וואָיענקאָמאַט" זיך צו פאַרשרייַבן אַלס פרייַוויליקער. מייַן פרוי האָט געוויינט און זיך געבעטן אַז איך זאָל כאָטש וואַרטן ביז מען וועט מיך רופן, ווייַל געהרגעט צו ווערן האָב איך שטענדיק צייַט.

עס האָט מיך אָבער נישט געלאָזט רוען. איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז וואָס עס זאָל מיט מיר נישט געשען, מוז איך פּטור ווערן פון דעם איצטיקן לעבן פון חניפה, אונטערטעניקייט און אומזיכערקייט...

„דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט" זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט. קוים זיך דערשלאָגן צום קאָמיסאַר פון „וואָיענקאָמאַט", הייסט ער מיר ווייזן מיין קריגס־בילעט. ער לייענט איבער: געבוירן אין ליצמאַנשטאַט, דייטשלאַנד. ער האָט מיר העפלעך באַדאַנקט און מיך געהייסן אַהיימגיין און וואַרטן ביז מען וועט מיך רופן. איך האָב אים פּרובירט אויפווייזן דעם טעות, וואָס מען האָט געמאַכט אין „וואָיענקאָמאַט" ביים פאַרשרייבן מיין געבורטס־אָרט ווייל איך בין קיין מאָל אין דייטשלאַנד נישט געווען. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן.

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך באַקומען אַ מיטטיילונג פון „וואָיענקאָמאַט", אַז איך בין מאָביליזירט און דאַרף זיך צושטעלן אין „וואָיענסטראָי" 260 (אַ מיליטערישע בויונג), אין סאַראַטאָוו, ווהין עס זענען געשיקט געוואָרן סאָציאַל נישט זיכערע עלעמענטן, ס'הייסט: אַזעלכע וואָס זענען געווען געמשפּט און געזעסן אין תּפיסות, אָפּשטאַמיקע פון געמישטע חתונות צווישן רוסן מיט דייטשע בירגערס, קינדער פון קלעריקאַלן און אַנדערע. דער „וואָיענסטראָי" 260 האָט זיך פאַרנומען מיט בויען שפּיטעלער פאַר פאַרוווּנדעטע פון די פראָנטן, פאַבריקן צו פאַרריכטן צעשלאָגענע טאַנקן, האַרמאַטן, אַרונטערגעשאָסענע עראָפּלאַנען און אַנדערע זאַכן.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעטן ביי אַ לאַסט־מאַשין צוזאַמען מיט נאָך צוויי מאַן. אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויפלאָדענען און אַראָפּלאָדענען פאַרשידענע בוי־מאַטעריאַלן פאַר די בויונגען פון „וואָיענ־סטראָי" 260.

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ מאַנגל אין אַלץ וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף האָבן. עס האָבן געפעלט ברויט, קאַרטאָפל, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן. אויפן „שוואַרצן מאַרק" האָבן די הענדלערס זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען רוסישע רובלס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסטויש פון שטוב־זאַכן אויף פּראָדוקטן. די רעגירונג האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „קאַרטן" אויף ברויט און עסנוואַרג־פּראָדוקטן.

יעדער איינוווינער איז געוואָרן צוגעטיילט צו אַ מלוכה־געוועלב. די פּראָ־דוקטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן נישט רעגלמעסיק און ווען דו האָסט במשך דעם חודש נישט באַקומען אַ געוויסן פּראָדוקט אויף די קאַרטן איז ער פאַרפאַלן געוואָרן. ביי די געוועלבער זענען שטענדיק געווען רייען. די צוטיילונגען האָבן נישט געקלעקט אויף צוויי וואָכן. אַנשטאָט די עטלעכע הונדערט גראַם פלייש אַ חודש, האָט מען באַקומען הערינג, אַנשטאָט פּוטער — אייל און מען איז געווען צופרידן אַז מען האָט דאָס באַקומען. שוין אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין זאַלץ.

מיינע שותפים צו דער אַרבעט ביים לאָסט־אויטאָ זענען געווען צוויי יידישע יונגעלייט פון פּוילן, זיי זענען געקומען אין 1939 ווי פּליטים און האָבן איבערגעלאָזט זייערע נאָענטסטע אין פּוילן. זיי זענען אויך געווען פון די ערשטע זיך צו פאַרשרייבן אַלס פרייוויליקע צו קעמפן קעגן די נאַציס. מען האָט זיי אויך אָפּגעזאָגט און געהייסן וואַרטן... און דערווייל זיי געשיקט אין „וואָיענסטראָי" אויף אַרבעט.

אין סאַראַטאָווער „וואָיענסטראָי", אָדער אין די „סטראָי־באַטאַליאָנען" זענען געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אַזוי גערופענע „אומגעוווּנטשענע עלעמענטן", בירגערס פון אַנדערע לענדער וואָס האָבן זיך צוליב פאַר־שידענע סיבות געפונען אויף דער טעריטאָריע פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד ; סאָציאַל נישט זיכערע עלעמענטן : קינדער פון געוועזענע קולאַקעס, כלי־קודש, פאַרמשפּטע נאָכן אָפּקומען זייער שטראָף און זייערע קינדער ; דייטשן וואָס זענען דורך אַ פאַרזען נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן אין סיביר ; יונגע מענטשן פון די פעלקערשאַפטן אין מיטל־אַזיע ; טאַדזשיקן, אוזבעקן און אַנדערע וואָס האָבן נישט געקאָנט, אָדער געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי קענען נישט קיין רוסיש און אויך אַזעלכע וואָס מען האָט חושד געווען אַז זיי זענען נישט געטריי דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד און מען האָט זיי נישט געטרויט צו שיקן אויף די פראָנטן כדי צו קעמפן קעגן דעם שונא, ווייל מען האָט מורא געהאַט אַז זיי וועלן זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט. זיי אַלע האָט מען געשיקט אין אַ „סטראָי־באַטאַליאָן" אויף אַרבעט.

אַ גרויסער זאַל אָן פענצטערס, אַלע ווענט אַרומגעשטעלט מיט נאַרעס, איינע איבער דער צווייטער אויף וועלכע עס ליגן שעניקעס און קישעלעך אָנגעפּילט מיט זעגעכץ — דאָס איז געוואָרן די היים פון עטלעכע הונדערט מאַן.

אַ נישט צו גרויסער זאַל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קיך, ווו די מאָביליזירטע האָבן געקראָגן צוויי מאָל אין טאָג אָפּצועסן: אַ זופּ פון קרויט־בלעטער, וואָס מען האָט גערופן „שטשי" (באַרשט) און איין מאָל אין וואָך אַ געקאָכט פישל, אָדער אַ שטיקל פלייש אין דער זופּ. חוץ דעם האָט יעדער מאָביליזירטער געקראָגן אַ ברויטקאַרט און געהאַט די מעג־לעכקייט אויסצוקויפן זײַן ברויט־צוטיילונג אין געוועלב, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון דער אַזוי גערופענער קאַזאַרמע.

דאָס ערגסטע איז געווען וואָס אין זעלבן עסזאַל האָבן זיך געפונען דרײַ קאַטעגאָריעס קיכן, חוץ דעם עסזאַל פאַר דער מערהייט פון די מאָבי־ליזירטע האָבן זיך געפונען ספּעציעלע טישן פאַר דעם „טעכניש־אַדמי־ניסטראַטיוון פּערסאָנאַל" און פאַר די אַזוי גערופענע „אָפיצירן". ווען בײַ איין טיש האָט מען, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט בײַם לאָדענען ציגל גלײַך פון אויוון אַרויס, באַקומען אַ קרויטזופּ און זעלטן געפונען אין איר אַ שטיקל קאַרטאָפל, איז בײַ אַ צווייטן טיש געזעסן אַן אַזוי גערופענער אָפיציר וואָס זײַן אויפגאַבע איז געווען אָפּצוהיטן דאָס „כשרות" פון די מאָביליזירטע און ער האָט געפרעסן אַ געבראָטן שטיק חזיר־פלייש מיט געבראָטענע קאַרטאָפל און אַן אמתן רוסישן „שטשי".

מען האָט געמוזט ווי מען זאָגט אויף ייִדיש, „קוקן און דרוקן".

די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעכע. וואַנצן, פליי און לײַז זענען געווען אין די מיליאָנען. קיין שום דעזינפעקציעס האָבן נישט געהאָלפן. זומער און ווינטער האָט מען זיך געוואַשן אין דרויסן.

אַ סך האָבן דעזערטירט און זיך געריסן אויפן פראָנט. אַנדערע האָבן פּרובירט מזל אין אַנדערע „סטראָי־באַטאַליאָנען" אין לאַנד.

איך בין אַזוי צו זאָגן אַרײַנגעפאַלן מיטן „רעכטן פוס". דער שאָפער פון אונדזער לאַסט־אויטאָ איז געווען אַ רוסישער יונגערמאַן. זײַן „זינד" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זײַן פרויס שוועסטער, איינע פון די באַ־

רימטסטע און פּאָפּולערסטע פֿאָלקס־זינגערינס אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אומחן בײַ סטאַלינען. אין 1937 איז זי אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשוווּנדן, כאָטש איר געזאַנג האָט מען געהערט יעדן טאָג אויף דער ראַדיאָ אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

אונדזער שאָפֿער האָט באַלד פֿון ערשטן טאָג אָן אונדז געגעבן אַ לעקציע, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג־זײַן כּדי צו בלײַבן לעבן. יעדער פֿון אונדז מוז האָבן אַ טאָרבע אויפֿן לײַב און אַ מעסער אין טאַש, כּדי צו קענען אויפֿשנײַדן אַ זאַק. און מיט דעם וואָס עס איז דאָ אין זאַק אָנפֿילן די טאָרבע. אַלץ וואָס מען פֿירט מיטן אויטאָ איז „סחורה״: האָלץ, ציגל, אַ מאָל פֿירט מען זאַלץ, מעל, ברויט און אַנדערע „פּראָדוקטן״.

חוץ דעם האָט מען יעדן טאָג געמאַכט אַ „לינק־רייזעלע״, און מיטן פֿאַרדינסט זיך געטיילט.

די פּאַרטיי־סעקרעטאַרין פֿון „וואָיענסטראָי״ און נאַטשאַלניק פֿון די קאַדרען איז געווען אַ ייִדישע פֿרוי. דער מאַן איר, אַ גענעראַל, אַ רוס, האָט זיך געפֿונען ערגעץ אויף אַ פֿראָנט. זי איז געווען דער „באַלעבאָס״ איבער די עטלעכע הונדערט מאָביליזירטע. ווער עס איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אומחן, איר נישט אָפּגעגעבן גענוג כּבֿוד, אָדער איר נישט באַצאָלט גענוג פֿאַר אַ טובֿה, וואָס זי האָט געמיינט, אַז זי טוט יענעם, האָט זי צוגענומען דעם „בראָן״ (פֿאַרזיכערונג נישט געשיקט צו ווערן אויפֿן פֿראָנט) און יענעם אָפּגעשיקט אין „וואָיענקאָמאַט״, אָדער אין אַנדערע אָפּטיילונגען פֿון „וואָיענסטראָי״ אין די פֿאַרוואָרפֿנסטע ערטער פֿון לאַנד.

דער נאַטשאַלניק פֿון „וואָיענסטראָי״, אַ גרוזינער, איז געווען מער מענטשלעך און געהאַט אײַנזעעניש מיט די „מאָביליזירטע״, ווי די ליפּינאַ, אַזוי וועלן מיר די דאָזיקע פֿרוי אָנרופֿן. ווען מען האָט געכאַפּט אַ מאַשין אַרבעטן „אויף לינקס״, און די מאַנשאַפֿט פֿון דער מאַשין האָט געהאַט אויסגעפֿילט די נאָרמע, האָט ער זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און נאָך צוגעזען אַז עס זאָל נישט אָנקומען צו דער ליפּינאַ, ווײַל חוץ דעם וואָס מען האָט זיך געמוזט מיט איר טיילן מיטן פֿאַרדינסט האָט זי שוין געהאַלטן אַזאַ מאַשין אויפֿן „אויג״ און מען האָט איר כּסדר געמוזט צוטראָגן אַ חלק,

אויב נישט האָט זי פשוט געסטראַשעט אַז זי וועט צונעמען דעם „בראָן״ און אָפּשיקן אויפן פראָנט.

דאָס לעבן אין סאַראַטאָוו איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער. מענטשן האָבן געהונגערט און בכדי צו בלײַבן לעבן, האָט מען געמוזט גנבענען פון אַרבעטס־פּלאַץ אָדער האַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק״.

יעדן אין דער פרי זענען ספּעציעלע וועגענער אַרומגעפאָרן איבער דער שטאָט צוזאַמענצונעמען די טויטע.

עס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן מענטשנפרעסערײַ. מען האָט גערעדט אַז די פריש־באַגראָבענע ווערן אויפגעגראָבן און מען נעמט פון זיי אַראָפּ די מלבושים אין וועלכע זיי זענען באַגראָבן געוואָרן. מען האָט געשמועסט אַז מענטשן האָבן דערקענט אויפן „שוואַרצן מאַרק״ אָדער אין די מלוכה־מאַגאַזינען וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאַרקויפן זאַכן, די מלבו־שים פון זייערע ערשט־באַגראָבענע קרובים.

דער ווינטער אין 1941 איז געווען אַ שווערער. סאַראַטאָוו איז יעדע נאַכט באָמבאַרדירט געוואָרן. דאָ און דאָרט זענען אויסגעבראָכן שׂריפות און עס זענען געווען מענטשלעכע קרבנות. מענטשן זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

בײַ סטאַלינגראַד זענען פאָרגעקומען פאַרביטערטע קאַמפן. מען האָט אָנגעהויבן מאָביליזירן מיטליאָריקע מענטשן און אויך פון די „סטראָי־באַטאַליאָנען״. אָן שום איבונג האָט מען געשיקט צום פראָנט. מיליאָנען זענען אומגעקומען בעת די קאַמפן בײַ סטאַלינגראַד. אויב דעם דײַטש וואָלט, חס־ושלום, געלונגען אַדורכצוברײַסן זיך דורך דער וואָלגע בײַ סטאַלינגראַד, וואָלט דער וועג קיין מאָסקווע געווען אַן אָפענער און דער ערשטער קרבן וואָלט געווען סאַראַטאָוו.

מיר האָבן זיך געשראָקן מער פאַר אונדזערע שכנים ווי פאַרן דײַטש, ווײַל נאָך איידער דעם דײַטש וואָלט געלונגען צו קומען קיין סאַראַטאָוו, וואָלטן מיר אומגעקומען דורך די הענט פון אונדזערע שכנים. זיי האָבן אַרויסגעוויזן צו אונדז אַן אָפענע שׂנאה, זיי האָבן פאַרלוירן די מורא. זייער טענה איז געווען: „מיר האָבן נישט וואָס אָנצוווערן, מיר לײַדן הונגער און קעלט, אונדזערע מענער און אונדזערע קינדער קעמפן אויף די פראָנטן,

ייִדן שיקט מען נישט אויפֿן פֿראָנט. זאָלן זיך שרעקן די קאָמוניסטן און די ייִדן, זיי האָבן חרוב געמאַכט אונדזער לאַנד, איצט וועלן זיי מוזן באַצאָלן".

עס האָט נישט געהאָלפֿן מײַן פֿאַרענטפֿערן זיך אַז שוין דעם ערשטן טאָג פֿון דער מלחמה בין איך געגאַנגען זיך פֿאַרשרײַבן אַלס פֿרײַוויליקער צו גיין אויפֿן פֿראָנט. עס האָט נישט געהאָלפֿן וואָס מיר האָבן זיך געטיילט מיטן ביסל האָלץ וואָס מיר האָבן געהאַט, וואָס מיר האָבן אונדזערע רוסישע שכנים אַרויסגעהאָלפֿן מיט ברויט אָדער קאַרטאָפֿל. פֿאַרקערט, וואָס מער מיר האָבן זיי געהאָלפֿן, אַלץ מער פֿײַנט האָבן זיי אונדז געהאַט. זיי האָבן געוואַרט אויף דער מינוט אַז דער דײַטש זאָל קומען, אַ סוף מאַכן צו די ייִדן און די קאָמוניסטן און באַפֿרײַען רוסלאַנד.

אין ווינטער פֿון 1941 האָט דער נאַטשאַלניק „סנאַבזשעניאַ" (אַפּראָ־וויזאַציע) מיך אַרויסגערופֿן צו זיך און באַפֿוילן צו פֿאָרן קיין גאָרקי (געווע־זענע ניזשני נאָווגאָראָד) און דאָרט, אין דער אויטאָ־פֿאַבריק אויפֿן נאָמען פֿון מ. גאָרקי, אָפּנעמען 8 לאַסט־אויטאָס, געפֿינען אַ גאַראַזש און זיי האַלטן איבערן ווינטער. ער האָט מיט מיר מיטגעשיקט אַ שאָפֿער. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען אין וואָס פֿאַר אַ בלאָטע איך קריך אַרײַן און אײַנגעשטימט. מען האָט מיר דערלאַנגט אַ מיליטערישן בילעט פֿון אַ סערזשאַנט אין דער רויטער אַרמיי, מיך אויסגעקליידט אין מיליטערישע מלבושים און מיר דער־לאַנגט עטלעכע הונדערט רובל און רײַזע־בילעטן. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. פֿון אַ באַקאַנטן ייִד אין סאַראַטאָוו האָב איך באַקומען דעם אַדרעס פֿון זײַנס אַ ברודער אין גאָרקי ווו איבערצושלאָפֿן די ערשטע נאַכט.

פֿון סאַראַטאָוו זענען מיר אָפּגעפֿאָרן קיין רטישטשעוואָ און פֿון דאָרט האָבן מיר געדאַרפֿט זיך איבערזעצן אויף אַ באַן, וואָס פֿאָרט קיין גאָרקי.

די באַן־סטאַציע אין רטישטשעוואָ איז שוין עטלעכע נעכט געוואָרן באָמבאַרדירט. קיין צוגן אין דער ריכטונג פֿון מאָסקווע זענען נישט אָפּגע־פֿאָרן. אויף אַ זײַטיקע ליניע האָט זיך פֿאָרמירט אַ מיליטערישער צוג וואָס איז געפֿאָרן קיין פּענזע.

נאָכן אינטערווענירן איז אונדז געלונגען ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג אָפּצופֿאָרן קיין פּענזע און אויף צו מאָרגנס זענען מיר מיט אַ מיליטערישן צוג געפֿאָרן קיין רוזאַיעווקע. אין רוזאַיעווקע איז די סטאַציע געווען באַ־

לאַגערט דורך טויזנטער „ביעזשענצעס", אַנטלאָפֿענע פֿון די דורך די דײַטשן פֿאַרנומענע סאָוויעטישע טעריטאָריעס. זיי האָבן שוין געוואַרט צו צען און מער טעג און זיך נישט געקאָנט אַרויפֿקריגן אויף קיין צוג. די מענטשן זענען געשטאַנען אויפֿן וואָקזאַל צוזאַמענגעפּרעסטע און נישט איין מאָל האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון צווישן דעם שטייענדיקן עולם אַ טויטן.

עס האָט אויסגעזען, אַז פֿון דאַנען וועט מיר שוין נישט געלינגען אַרויסצופֿאָרן און איך וועל דאַרפֿן איבערווינטערן אויפֿן וואָקזאַל.

קיין ייִדן האָבן אין רוזאַיעווקע נישט געוווינט. צופֿעליק האָב איך זיך דערוווּסט אַז אײַנגעדונגען בײַ אַ רוסישער פֿרוי געפֿינט זיך די איינציקע ייִדישע פֿרוי אין רוזאַיעווקע וואָס איז אַהער פֿאַרוואָגלט געוואָרן פֿון אַ שטעטל אין אוקראַיִנע און איז דאָ געבליבן שטעקן. ביידע פֿרויען, דער רוסישער און דער ייִדישער, האָט געבונדן איינס: זייערע מענער זענען אין 1937 אַרעסטירט געוואָרן און זענען פֿאַרשוווּנדן אָן שפּור און ביידנס קינדער געפֿינען זיך אויף די פֿראָנטן און קעמפֿן קעגן דײַטש און פֿאַר־טיידיקן דעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

איך האָב באַלד געפֿונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די צוויי עלנטע פֿרויען. איך האָב געוווינט בײַ זיי צוטרוי ווײַל איך בין געווען אַ געליטע־נער אין 1937. אַזוי אַז איך מיטן שאָפֿער האָבן געהאַט אַן אָרט ווו צו איבערנעכטיקן די עטלעכע נעכט וואָס מיר האָבן געוואַרט אויף אַ באַן.

אויפֿן אַכטן טאָג זענען מיר אָפּגעפֿאָרן קיין גאָרקי. דאָרט בין איך אַוועק אויפֿן אַדרעס וואָס איך האָב באַקומען בײַ מײַן סאַראַטאָווער פֿרײַנד. דער־ציילנדיק אים די געשיכטע מיט די אַכט לאַסט־אויטאָס וואָס איך דאַרף באַקומען און זיי האַלטן ביז פֿרילינג, ביז די שיפֿן וועלן אָנהייבן פֿאָרן אויף דער וואָלגע. דער ייִד האָט אויסגעהערט מײַנע רייד און אויסגעשריגן: „באַגייט בעסער זעלבסטמאָרד, אָדער אַנטלויפֿט בעסער אויפֿן פֿראָנט, איידער איר גייט אָפּנעמען די מאַשינען!" ער האָט מיר געגעבן צו פֿאַר־שטיין: „קודם־כּל מוז איך געפֿינען אַ געזיכערטן גאַראַזש פֿאַר אַכט לאַסט־אויטאָס, האָבן אַ שמירה 24 שעה אין מעת־לעת און נאָך דעם אַלעם וועט מען סײַ־ווי־סײַ צוגנבענען אַלע טיילן פֿון די מאַשינען און אײַך וועט מען

משפטן אין אַ קריגס־געריכט און מען וועט אײַך שיסן. חוץ דעם — פון וואַנען וועט איר נעמען צום לעבן".

איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן קיין סאַראַטאָוו אַז איך דאַרף פרישע דאָקומענטן, כדי צו קריגן עסן און כ'האָב געבעטן אַז מען זאָל מיר אַרויס־שיקן געלט. דערויף האָט מען מיר אַפילו נישט געענטפערט.

איך בין אַוועק מיט האַרץ־קלאַפּעניש אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון גענעראַל־שטאַב, ווו מען פאַרנעמט זיך מיט די צוטיילונגען פון אויטאָס פאַר דער אַרמיי און „סטראַי־באַטאַליאָנען". אַ העכערער אָפיציר האָט בײַ מיר צוגענומען די דאָקומענטן. אין מײַן אַקצענט האָט ער דערקענט אַז איך בין אַ ייִד. ער האָט מיך אָנגעהויבן אויספרעגן ווו איך וועל האַלטן די מאַשינען און ווען כ'וועל זיי אָפּפירן קיין סאַראַטאָוו? ער האָט מיך אויך געפרעגט צי איך האָב גענוג געלט און פּראָדוקטן אויף די עטלעכע חדשים וואָס איך דאַרף זײַן אין גאָרקי? לויט מײַנע ענטפערס און מײַן צערודערט־קייט האָט ער פאַרשטאַנען מײַן לאַגע און ער האָט מיך געפרעגט: „פאַר וואָס ביסטו נישט געקומען מיט דרײַ טעג שפּעטער?" איך האָב זיך געכאַפּט אין וואָס עס גייט און אים געענטפערט: „איך קאָן קומען אין דרײַ טעג אַרום".

מיט דרײַ טעג שפּעטער בין איך ווידער געקומען אין גענעראַל־שטאַב, זיך געמאָלדן צום אָפיציר. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ צוגעגרייטן דאָקו־מענט, אַז צוליב דעם וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט מיט צוויי טעג, זענען די לאַסט־אויטאָס אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע אין אַ מיליטער־אָפּ־טיילונג.

אַ לאַסט איז מיר אַראָפּ פון האַרצן...

דער וועג צוריק קיין סאַראַטאָוו איז שוין נישט געווען אַזאַ שווערער. נאָך עטלעכע טעג פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין סאַראַטאָוו. איך האָב זיך געמאָלדן צום נאַטשאַלניק. ער האָט מיך אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ און מיר געפרעגט: „ווו זענען די לאַסט־אויטאָס?"

— אין מאָסקווע — האָב איך געענטפערט און אים דערלאַנגט דעם בריוו וואָס איך האָב באַקומען אין גאָרקי.

נאָכן איבערלייענען דעם בריוו האָט ער מיך געהייסן זיך זעצן און מיך אַ פרעג געטאָן: „זאָג דעם אמת, האָסט געקאָנט קריגן די לאָסט־אויטאָס?"

מייַן ענטפער איז געווען: „יאָ!"

ער האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „פון הייַנט אָן וועסטו מער נישט אַרבעטן אַלס לאָדענער אויף אַ מאַשין, נאָר וועסט אַרבעטן בייַ מיר. דו האָסט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן". אַזוי האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַגענט אויף צוצושטעלן פּראָדוקטן (אַגענט פּאָ סנאַבזשעניו).

און דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט.

אַלע מאַטעריאַלן אויף דער בוי אָדער אַנדערשוווּ ווערן לויט נאָרמעס צוגעטיילט פון מאָסקווע. יעדער מאַטעריאַל, צי עס איז: בענזין, ציגל, האָלץ, אייַזן, זאַלץ, אויטאָ־טיילן, זאַמד, מעל, צעמענט, קאַלך — מוזן אין פאַרלויף פון חודש אַרויסגענומען ווערן פון די ערטער, אויב נישט ווערן זיי פאַרפאַלן.

אַרויסצוקריגן די מאַטעריאַלן קומט אָן מיט דער גרינער גאַל. אומעטום מוז מען האָבן „בלאַט", אויף פּראָסט מאַמע־לשון הייסט עס: אונטערקויפן. אונטערקויפן קאָן מען יעדן איינעם. די רוסן זאָגן: „בלאַט ווישע נאַרקאָמאַ" (בלאַט איז העכער ווי אַ פאָלקס־קאָמיסאַר) — ביז צו סטאַלינען קאָן מען יעדן איינעם אונטערקויפן.

איך בין געווען פון די מזלדיקע: ווו איך בין געקומען, צו אַ דירעקטאָר אין אַ פאַבריק, אין יעדער אָפּטיילונג פון „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי, אין דער דירעקציע פון דער אייַזנבאַן און אַנדערע — האָב איך געטראָפן עמעצן וואָס איז אין 1938 געזעסן מיט מיר אין איין קאַמער אין סאַראַטאָווער תפיסה.

חוץ דעם האָט מען געמוזט וויסן אין וואָס יענער בויטיקט זיך און האָבן חוצפה...

האָסט געדאַרפט אַרויסקריגן ציגל לויט די „נאַריאַדן" פון מאָסקווע, איז חוץ אַרבעטס־הענט האָסטו געמוזט צושטעלן האָלץ און בראָנפן פאַר די נאַטשאַלניקעס פון דער ציגעלניע.

מיט בענזין איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט. פֿאַר דעם איידער די קאַמפּן זענען פֿאָרגעקומען אַרום סטאַלינגראַד, איז סטאַלינגראַד געווען די צושטעלערין פֿון בענזין נישט נאָר פֿאַר דער סאַראַטאָווער געגנט, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע געגנטן. איצט איז די צושטעלערין פֿון בענזין געוואָרן סאַראַטאָוו.

זענען הונדערטער לאַסט־אויטאָס מיט ציסטערנעס געשטאַנען טעג און נעכט פֿאַר דער נאַפֿט־באַזע, בכדי צו באַקומען די צוגעטיילטע נאָרמעס פֿון בענזין. די „נאַפֿט־באַזע" איז יעדע נאַכט באָמבאַרדירט געוואָרן. און טאָמער איז נישט געלונגען זיך אַרייַנצוברייַסן אין דער באַזע, זענען די צוטיילונגען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

האָט מען געמוזט „פֿאַרבלאַטירן" דעם נאַטשאַלניק פֿון דער באַזע וואָס שרייַבט אונטער די נאַריאַדן, די פֿרוי וואָס גיט אַרויס די נאַריאַדן, די פֿרוי וואָס שרייַבט אויס די נאַריאַדן און כּדי דו זאָלסט קאָנען אַרייַנקומען נאָכן בענזין דורך אַ זייַטיק טויער, האָסטו געמוזט פֿאַרבלאַטירן דעם שומר און דעם וואָס לאָזט אַרייַן דעם בענזין אין דער ציסטערנע.

דעם נאַטשאַלניק פֿון דער באַזע האָט מען געמוזט שיקן אַרבעטערס אויפֿצופֿרישן דאָס מעבל און בויען אַ נייַעם קוימען אין זייַן הויז.

דער פֿרוי וואָס גיט אַרויס די נאַריאַדן (זי איז אויך דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פֿון דער באַזע) האָט מען געמוזט בויען אַ קעלער אין איר שטוב. די אַרויסגעבערין פֿון בענזין האָט מען פֿון צייַט צו צייַט געמוזט צושטעלן אַ לאַסט־אויטאָ מיט אַ שאָפֿער, און מיט איר פֿאָרן אין דאָרף, זי זאָל קאָנען טוישן שמאַטעס אויף פּראָדוקטן. די שומרים האָט מען גע־מוזט געבן בראָנפֿן.

ווען סאַראַטאָוו איז באָמבאַרדירט געוואָרן איז דורכן גענעראַל־שטאַב וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין סאַראַטאָוו, אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפֿעל צו צעטיילן דעם בענזין פֿאַר מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס און די צוטיילונגען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין גענעראַל־שטאַב. וויפֿל מייַנע נאַטשאַלניקעס האָבן נישט אָנגעווענדט קיין מי און אַרבעט איז זיי נישט געלונגען אַרויסצוקריגן קיין צוטיילונג. פֿאַר איין לאַסט־אויטאָ האָלץ איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ צוטיילונג אויף פּופֿציק טאָן בענזין.

די נאַטשאַלניקעס פון „וואָיענסטראַי" האָבן געלעבט אַ חזירשן טאָג. פאַר זיי איז די מלחמה געוואָרן אַ שמאַלצגרוב. זיי האָבן געשיקט לאַסט־אויטאָס אויף אַרבעט אין די נאָענטע קאָלכאָזן און געקראָגן: פלייש, מעל, פוטער, קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן. זעגעכץ פון טאַרטאַק האָבן זיי געשיקט אין דער ביר־ברויעריי און באַקומען פעסער מיט ביר. אין דער זעלבער צײַט זענען מענטשן געשטאָרבן פון הונגער אין די גאַסן און די מאָביליזירטע אין „וואָיענסטראַי" וואָס האָבן געאַרבעט ביי גראָבן ערד ביי דעם בוי, זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און שמוץ.

די פּאַרטיי־סעקרעטאַרין, זי איז אויך געווען די פאָרשטייערין פון די קאַדרען, איז געוואָרן אַ „קעניגין". טאָמער איז עמעץ אַריינגעפאַלן אין אומחן, אָדער נישט צוגעטראָגן איר די מתנה אין צײַט, האָט זי צוגענומען דעם „בראָן" און אָפּגעשיקט אין „וואָיענקאָמאַט".

חוץ דער פּאַרטיי־סעקרעטאַרין האָט אין וואָיענסטראַי געאַרבעט אַ פאָרשטייער פון דער נקוו"ד מיטן ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. ער איז געווען דער היטער פון „כשרות" פון די מאָביליזירטע. ער האָט פּשוט געקוקט אין די הענט אַרײַן...

די פּאַרטיי־סעקרעטאַרין און דער פאָרשטייער פון דער נקוו"ד האָבן געאַרבעט האַנט בײַ האַנט. און יעדעס מאָל איז פאַרשוווּנדן עמעצער וואָס האָט אויפגעהערט צו צאָלן לאַפּקע־געלט. דאָס האָט געשמעקט מיט 10 יאָר לאַגער.

אָט וועל איך דערציילן אַ פאַקט, ווי אַזוי איך בין שיִער נישט געפאַלן אַ קרבן...

סוף זומער 1942 איז אָנגעקומען אַ טראַטווע געהילץ פאַר עטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין סאַראַטאָווער געגנט. ס'געהילץ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַן אינדזל אויף דער וואָלגע נישט ווײַט פון סאַראַטאָוו. מיר האָבן באַדאַרפט אַרויספירן אונדזער חלק ביימער איידער די וואָלגע ווערט פאַרפרוירן. אונדזער אָרט פאַר די ביימער איז געווען נישט ווײַט פון דער עלעקטראָוווניע ווו דאָס וואַסער ווערט ווינטער נישט געפרוירן. בכדי צוצו־פירן אונדזער טייל ביימער צום ברעג מוז מען האָבן אַ שיף. ובכן, באַקום איך אַ באַפעל פון מײַן נאַטשאַלניק — אַ באַפעל צו קריגן אַ שיף...

צו געפינען אַ שיפס־קאַפּיטאַן, וועלכער זאָל צופירן אונדזער חלק וואַלד צום ברעג איז נישט פון די לײַכטסטע זאַכן. די צײַט לויפט. די שיפס־קאַפּיטאַנען מיט וועלכע איך רעד וועגן דעם לאַכן זיך אויס פון מיר: זיי ווילן דעם גאַנצן „וואָיענסטראָי״.

דאָך איז מיר געלונגען צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ שיפס־קאַפּיטאַן פון דער „נאַפט־באַזע״ און ער פאַרלאַנגט פאַר זײַן אַרבעט צען ליטער בראָנפן.

איך דערצייל עס מײַן נאַטשאַלניק און ער שרײַט אויס: „קריג צען ליטער בראָנפן״. איך ענטפער אים: „גיב מיר צען טויזנט רובל, וועל איך קויפן צען ליטער בראָנפן אויפן שוואַרצן מאַרק״.

ער באַפעלט: „גיי און באַקום צען ליטער בראָנפן״.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי באַקומט מען צען ליטער בראָנפן? איך דער־מאָן זיך אין אַן אַרעסטאַנט אין אַ קאַמער אין סאַראַטאָווער „פּאָליט־איזאָ־לאַטאָר״ וואָס האָט דערציילט אַז ער האָט געאַרבעט אין „אָבקאָם״ פון דער פּאַרטיי בײַם צוטיילן זריעה פאַר די קאָלכאָזן און סאָווכאָזן צום פאַרזייען און ער איז אין 1939 באַפרײַט און רעהאַביליטירט געוואָרן.

איך גיי צו צום „אָבקאָם״ פון דער פּאַרטיי, דערפרעג זיך אויף אים. מיר דערפרייען זיך און זאָג אים: „ברודערקע, איך דאַרף צען ליטער בראָנפן אויף אַזאַ און אַזאַ צוועק״. ענטפערט ער מיר: „גוט, איך דאַרף עטלעכע קובאָ־מעטער ברעטער אויף בויען קעלערן כּדי צו האַלטן קאַרטאָפל איבערן ווינטער. וועסט געבן ברעטער, וועסטו באַקומען בראָנפן״.

איך דערצייל מײַן נאַטשאַלניק ווי אַזוי מיר קאָנען באַקומען די צען ליטער בראָנפן, פאַלט ער דערצו צו ווי צו אַ געבראָטנס. ער רופט אַרויס אַן אַגענט וואָס האָט געהאַט דעם ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. צום ראַנג האָט ער זיך דערשלאָגן דורך העלדישקייט, נאָר ער איז געווען נישט געלערנט, נישט געקאָנט שרײַבן און נישט געקאָנט לייענען, מער אויפן פראָנט האָט מען אים נישט געקאָנט שיקן, האָט מען אים געשיקט אַרבעטן אין אונדזער „וואָיענסטראָי״ ווו ער האָט פאַרנומען אַן אַמט אַלס אַגענט. אים איז דאָס איבערגעגעבן געוואָרן אַדורכצופירן די טראַנזאַקציע. ס׳הייסט אַז ער האָט כּלומרשט דערהאַלטן פון דאָרט און דאָרט אַזוי פיל ביימער און מיר האָבן

זיי צעזעגט און צוריקגעשיקט אַזוי פיל און אַזוי פיל ברעטער. איך האָב באַקומען צען ליטער בראָנפן און זיי אָפּגעפירט צום נאַטשאַלניק אַהיים.

דערווייַל מאַכט זיך אַ מעשה אַז איך באַקען צופעליק אַ שיפס־קאַפּיטאַן פון אַ קליין שיפל און ער איז גרייט צוצופירן דעם וואַלד שוין הייַנט פאַר צען פאָר וואַטענע הויזן און צען פאָר וואַטענע „פופייקעס״ (שפּענצערס). אין דעם זעלבן טאָג איז די טראַנזאַקציע דורכגעפירט געוואָרן.

די צען ליטער בראָנפן בלייַבן לעת־עתה בייַם נאַטשאַלניק אין שטוב.

צו מאָרגנס רופט מיך דער נאַטשאַלניק און זאָגט מיר: „גיי אין דער ביר־פאַבריק און פאַרזאָרג אַ פאַס ביר צו מיר אַהיים״.

איך בין אַוועק אין דער ביר־פאַבריק און פאַר עטלעכע לאַסט־אויטאָס מיט זעגעכץ האָב איך באַקומען אַ פאַס ביר און עס אַוועקגעפירט צום נאַטשאַלניק אַהיים.

דרייַ טעג איז די נאַטשאַלסטווע פון „וואָיענסטראָי״ נישט געקומען צו דער אַרבעט.

איך בין געוואָרן דער נאַטשאַלניק פון „וואָיענסטראָי״. עס זענען געקומען דרינגענדע טעלעפאָנישע באַפעלן. איך האָב פּרובירט טעלעפאָניש זיך צו פאַרשטענדיקן מיט מייַן נאַטשאַלניק און קיינער האָט נישט געענטפערט.

איך בין צוגעגאַנגען צום נאַטשאַלניק אַהיים און דערזען אַ שרעקלעך בילד: די גאַנצע נאַטשאַלסטווע פון „וואָיענסטראָי״ ליגט אַ טויט־שיכּורע אויף דער פּאָדלאָגע. מען ליגט אין שמוץ, די געסרחה איז שרעקלעך. אַלע כראָפּען: דער נאַטשאַלניק פון „וואָיענסטראָי״, דער הויפּט־אינזשיניער, די קלענערע נאַטשאַלניקעס, די פּאַרטיי־סעקרעטאַרין, דער נקוו״דיסט און נאָך מענער און פרויען, וואָס איך האָב קיין מאָל פריִער נישט געזען.

אויפן פערטן טאָג האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו באַווייַזן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער זאָגט מען מיר אָן אַז עלף בייַ נאַכט דאַרף איך זיך צושטעלן צום פאָרשטייער פון דער נקוו״ד בייַם „וואָיענסטראָי״.

אַ דערשראָקענער האָב איך עס דערציילט מײַן פרוי און זי האָט מיך ווי שטענדיק באַרויִקט און מיר געזאָגט: „לאָז זיך אויס".

אַרום עלף בײַ נאַכט האָב איך מיט האַרץ־קלאַפּעניש אָנגעקלאַפּט אין בוידעם־שטיבל וואָס עס האָט פאַרנומען דער פאָרשטייער פון דער נקוו"ד.

איך קום אַרײַן אין שטוב, זאָג „גוט אָוונט", ער ענטפערט מיר נישט. איך גיי צו צום טיש און וויל זיך אַוועקזעצן, גיט ער אַ געשריי: „צוריקגיין צו דער טיר!"

איך גיי צוריק צו דער טיר און בלײַב שטיין. ער קוקט אַרײַן אין אַ פּאַק אָנגעשריבענע פּאַפּירן, לייענט, שרײַבט און מעקט, מער ווי אַ שעה. איך דערקען די שמד־שטיק פון דער נקוו"ד און באַרויִק זיך. ער גיט אַ געשריי: „קום אַהער און שרײַב אונטער".

איך בלײַב שטיין בײַ דער טיר און זאָג: „וואָס איז דאָרט פאַרשריבן, מעג איך וויסן?"

ער גיט אַ געשריי: „איצט קומט פאַר אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. אונדזערע טאַטעס, ברידער און זין שטאַרבן אויף די פראָנטן און דו גיסט אַוועק ברעטער פאַר בראָנפן, שׂונא פון פאָלק".

די גאַנצע מורא איז פאַרשוווּנדן זעענדיק ווי ער שפּילט טעאַטער.

איך האָב געענטפערט: „די ברעטער האָב איך נישט געגעבן, נאָר קאַפּיטאַן ק. האָט באַקומעןביימער אין „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי און זיי צעזעגט אין אונדזער טאַרטאַק און די ברעטער צוריקגעגעבן אין „אָבקאָם" פון דער פּאַרטיי און פאַרן צעזעגן די ביימער האָט דער „וואָיענסטראָי" גענומען באַצאָלט. פאַרן בראָנפן און ביר האָט דער „וואָיענסטראָי" באַצאָלט, נאָר ווער עס האָט באַצאָלט פאַרן צובײַסן ווייס איך נישט.

געטרונקען דעם בראָנפן מיטן ביר האָבן: דער נאַטשאַלניק פון בוי, און אַלע איבעריקע נאַטשאַלניקעס, דער הויפּט־אינזשיניער, די פּאַרטיי־סעקרעטאַרין, דו און נאָך אַ סך אַנדערע. איר זײַט געלעגן דרײַ טעג טויט־שיכּור, אין אַ מיסט־קאַסטן, געמאַכט אונטער זיך.

מען האָט געקלונגען פון גענעראַל־שטאַב, פון מאָסקווע, פון דײַן היים און פון נאָך. איך בין געווען דער איינציקער וואָס האָט נישט געטרונקען,

נישט פון בראָנפן, נישט פון ביר. איך בין עטלעכע מאָל דאָרט געווען און מיטגענומען עדות, זיי זאָלן זען ווי איר זעט אויס״.

ער האָט מיך צוגערופן צום טיש, מיך געהייסן זעצן, צעריסן די אָנגע־שריבענע פּאַפּירן, מיר דערלאַנגט די האַנט, זיך אַנטשולדיקט, מיר געהייסן אַלץ פֿאַרגעסן און מיך אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ.

די נקוו״ד האָט ווי אויפגעהערט צו זען, וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד. דער שוואַרצער מאַרק האָט געבליט. די גניבות אין די פאַבריקן זענען אָנגעגאַנגען כמעט פאַר די אויגן פון דער נאַטשאַלסטווע וועלכע האָט אַליין געגנבעט אויפן גרויסן מאַסשטאַב. האַנדל־וואַנדל איז אָנגעגאַנגען אין יעדער אונטערנעמונג, אין „אָבקאָם״ פון דער פּאַרטיי און אַפילו אין דער נקוו״ד.

נאָכן היטלער־סטאַלין־אָפּמאַך וועגן צעטיילן פּוילן זענען הונדערטער טויזנטער „ביעזשענצעס״ (פּליטים) פון אַלע טיילן אייראָפּע, געלאָפן זיך ראַטעווען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און צענדליקער טויזנטער זענען פאַר־שיקט געוואָרן אין די לאַגערן און „פּאָסיאָלקעס״ (דערפלעך) אין סיביר און אין ווײַטן צפון און אַ טייל פון זיי איז אומגעקומען פון שווערער אַרבעט, הונגער און אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן נאַצי־דײַטשלאַנד און סאָוויעטן־פאַרבאַנד זענען אַלע דײַטשן וואָס האָבן באַוווינט די טעריטאָריע פון דער דײַטשער אויטאָנאָמער רעפּובליק, פון סאַראַטאָווער, סטאַלינגראַדער און נאָך אַנדערע אָבלאַסטן אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, צפון־קאַזאַכסטאַן און אַנדערע ערטער. די וואָס עס איז אויף זיי געפאַלן אַ חשד אַז זיי סימפּאַטיזירן מיט נאַצי־דײַטשלאַנד זענען פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

יעדער דײַטש, צי אַ פּראָפעסאָר אויפן אוניווערסיטעט, אַ נאַטשאַלניק פון דער נקוו״ד, אַן אַלטער מאַן אָדער אַ נײַ־געבוירן קינד, אָן אונטערשיד ווי לאַנג די פאַמיליע האָט געלעבט אין רוסלאַנד, ווי געטרײַ אָדער אומ־געטרײַ זיי זענען געווען צום סאָוויעטישן רעזשים, האָט געדראָעט דעם זעלבן גורל — פאַרשיקט צו ווערן. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָבן זיי געמוזט ליקווידירן אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און זיך צושטעלן צו די

צוגעגרייטע עשאַלאָנען וועלכע האָבן זיי אַריבערגעפירט אין די ערטער וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר זיי.

דעם אמת־זאָגנדיק זענען די דײַטשן וואָס האָבן שוין געווינט דורות אין רוסלאַנד, נאָך פון די צײַטן פון פּיאָטר „דעם גרויסן" און פון דער קייסערין יעקאַטערינאַ, געווען ביטערע שונאים פון סאָוויעטישן רעזשים און געוואַרט אַז די היטלער־אַרמיי זאָל וואָס שנעלער קומען און זיי געבן די מעגלעכקייט צו רויבן און מאָרדן ייִדן און קאָמוניסטן.

בכדי צו קאָנען לעבן אַן אָרעם, געמוטשעט לעבן האָט מײַן פרוי גע־מוזט צוהאַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק" אָדער פאָרן אין די דערפער. זאַלץ איז געווען אַ גאַנגבאַר אַרטיקל אין דאָרף. אויפן „שוואַרצן מאַרק" האָט מען פאַרקויפט זאַלץ אָדער געטוישט אויף אַלערליי שטוב־זאַכן און אין דאָרף האָט מען פאַר זאַלץ באַקומען קאַרטאָפל און אַ מאָל אַ שטיקל פּוטער, פּאָמידאָרן און אַנדערע פּראָדוקטן. פאָרן אין דאָרף אַרײַן איז געווען שווער אָבער אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב געאַרבעט אין „וואָיענסטראָי" האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט מיטצושיקן מײַן פרוי מיט דעם אָדער יענעם שאָפער.

מילך האָט מען געקויפט אויפן „שוואַרצן מאַרק" און מען האָט זי געהאַלטן פאַרן קינד. מיר האָבן זיך נישט דערלויבט צו פאַרזוכן די גערשטענע קאַווע. אויב מען האָט געקויפט אַ מאָל אַ שטיקל פלייש אויפן „שוואַרצן מאַרק", האָט מען עס געקאָכט אין אַ זופּ און מען האָט פאַר־שטאָפּט דעם לאָך פון שליסל כדי די שכנים זאָלן נישט דערפילן דעם ריח פון געקאָכטן פלייש.

צו עטלעכע און דרײַסיק יאָר האָב איך זיך שוין געפילט ווי אַן אַלטער מאַן. עס האָט זיך נאָר געוואָלט שלאָפן און שלאָפן. עס האָט מיך שוין גאָרנישט אינטערעסירט און קיין אויסוועג האָט זיך נישט געזען. די אייב־ציקע טרייסט איז געווען די אַרבעט. יעדעס מאָל האָט נאַטשאַלסטווע גע־פאָדערט נײַע און נײַע אויפטוען:

אויף דער בויונג דאַרף מען אַלטע, אָפּגענוצטע באַן־שינעס כדי אויס־צופערטיקן די בויונג פון אַ שפּיטאָל. מאָסקווע שיקט נישט קיין „נאַריאַדן",

עס איז אַ געפֿאַר אַז די נאַרמעס וועלן נישט אויסגעפֿירט ווערן און עס וועלן „פֿאַלן קעפּ״.

רופֿט מען מיך אַרויס צו דער סעקרעטאַרשע פֿון פּאַרטקאָם און זי מיטן נאַטשאַלניק פֿון דער בויונג האַלטן פֿאַר מיר ווידער די רעדע וואָס איך האָב שוין געקאָנט פֿון אויסנווייניק: „עס איז אַ מלחמה און מיליאָנען מענטשן זענען מקריב זייערע לעבנס צו באַזיגן דעם שׂונא, די רויטאַרמייערס אויף די פֿראָנטן ווייַזן אַרויס העלדישקייט און יאָגן דעם שׂונא און באַפֿרייַען די אָקופּירטע סאָוויעטישע טעריטאָריעס. מוז איך באַווייַזן אַז איך בין אַ געטרייַער סאָוויעטישער בירגער און באַקומען באַן־שינעס״.

די ליפּינאַ און די נאַטשאַלניקעס האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין פּאַ־טריאָטישע רעדעס און אַליין זענען זיי געווען אַרייַנגעטאָן אין כאַבאַר, גניבות, פּרעסן, שיכּורן און זנות.

איך האָב אונטערגעקויפֿט עטלעכע וועכטערס פֿון דער באַן־סטאַציע און געגנבעט שינעס. מיר האָבן צעוואָרפֿן עטלעכע פֿריש־אויפֿגעבויטע ״זיעמליאַנקעס״ (הייַזלעך אין דער ערד) און אַרויסגעריסן די שינעס, און נאַטשאַלסטווע פֿון „וואָיענסטראָי״ האָבן אויסגעפֿילט די נאַרמעס און באַ־קומען מעדאַלן.

דער „וואָיענסטראָי״ האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין עטלעכע גרעסערע שטעט אין סאַראַטאָווער געגנט. צום מערסטן בוי־מאַטעריאַלן זענען פֿון סאַראַטאָוו געשיקט געוואָרן צו די אָפּטיילונגען אין דער פּראָווינץ. אָט האָט מען אַרויסגעשיקט קיין באַלאַשאָוו עטלעכע וואַגאָנען ברעטער און זיי זענען נישט אָנגעקומען קיין באַלאַשאָוו.

האָט מען מיר געגעבן אַן אויפֿגאַבע אַרויסצופֿאָרן און זוכן די פֿאַר־שווונדענע ברעטער. איך בין געפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, געזוכט און גענישטערט און די פֿאַרשווונדענע ברעטער וואַגאָנען נישט געפֿונען. אַן אַלטער באַן־אַרבעטער ערגעץ אין אַ שטעטל האָט מיר געעצהט: פֿאָר אַהיים און זוך אויף דער באַן־סטאַציע אין סאַראַטאָוו. און איך האָב טאַקע די פֿאַרשווונדענע וואַגאָנען מיט ברעטער געפֿונען אויף אַ זייַטיקער ליניע אויף דער סאַראַטאָווער באַן־סטאַציע.

דער אַגענט וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיטן אָפּטראַנספּאָרטירן די וואַגאָ־נעס האָט פֿאַרגעסן אויסצופּילן די פּאַפּירן, וואָס זענען דערצו נויטיק...

די ליפּינאַס מאַן, אַ גענעראַל, האָט זיך געפֿונען אויפֿן פֿראָנט. זײַנע עלטערן, פּשוטע קאָלכאָזניקעס האָבן געוווינט ערגעץ אין אַ דאָרף, נישט ווײַט פֿון איוואַנאָוואָ־וואָזניעסענסק. איין מאָל רופֿט זי מיך אַרויס צו זיך אין קאַבינעט, האַלט אַ דרשה און גיט מיר אַן אויפֿגאַבע: אַרויסצופֿאָרן צו אירע שוויגער־עלטערן, זיי איבערגעבן אַ קליינע מתּנה און זיי באַגריסן אין איר נאָמען, צוליב דעם וואָס זייער זון (ד״ה איר מאַן) האָט זיך אויס־געצייכנט אויפֿן פֿראָנט און באַקומען אַן אָרדן. זי האָט מיך פֿאַרזאָרגט מיט אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן, מיט בילעטן אויף הין־און־צוריק, מיט געלט — נישט איר אייגנס, נאָר פֿון דער מלוכה, מיט עסן אויפֿן וועג און איך לאָז מיך מיט אַ שיף אויף דער וואָלגע פֿון סאַראַטאָוו ביז גאָרקי, דערנאָך מיט אַן אַנדער שיף צום אָרט וווּ אירע שוויגער־עלטערן האָבן געוווינט.

גוטע פֿרײַנד האָבן מיך מקנא געווען און מיר געגעבן עצות וואָס מיט־צונעמען אויפֿן וועג, וווּ צו טוישן און וואָס צו ברענגען...

אין סאַראַטאָוו אויפֿן „שוואַרצן מאַרק״ האָט מען געקאָנט קויפֿן הערינג, נישט טײַער. אין קאַזאַן קאָן מען פֿאַר אַ הערינג קריגן דרײַ שטיקלעך זייף און אין סאַראַטאָוו קאָן מען פֿאַר אַ שטיקל זייף קריגן פֿינף הערינג.

אין קויבישעוו האָב איך אַנטדעקט, אַז מען קאָן קויפֿן אין רעגירונגס־געוועלבער אמתע קאַווע און וויפֿל מען וויל. אין סאַראַטאָוו איז קיין קאַווע נישטאָ און קאַווע איז מיט גאָלד צו גלײַך. אין טשעבאָקסאַרי, מאָרדאָוור־סקאַיאַ אָבלאַסט, אויף דער וואָלגע, איז מיר „פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן״: עס האָט זיך מיר נישט געגלויבט, אַז איך געפֿין זיך אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. אין סאַראַטאָוו קאָסט אַ ליטער „וואָדקאַ״ אויפֿן „שוואַרצן מאַרק״ טויזנט רובל — דאָ שטייט מען מיט פֿעסער „וואָדקאַ״ און מען פֿאַרקויפֿט צו צוואַנציק רובל אַ ליטער און וויפֿל מען וויל. מען מוז נאָר האָבן אַן אייגענע פֿלאַש, פֿאַרשטייט זיך. פֿאַר צוויי רובל האָבן ייִנגלעך פֿאַרקויפֿט פֿלעשער. עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די שיפֿס־פּאַסאַזשירן מיט טעפּ, עמערס, שיסלען און געקויפֿט בראָנפֿן און שיכּור געוואָרן נאָך איידער זיי זענען צוריקגעקומען צו דער שיף. חוץ דעם זענען געלעגן הונדערטער

זעק קאַרטאָפל, וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרן מיט די זעק. אין סאַראַטאָוו האָט אַ קילאָ קאַרטאָפל געקאָסט טײַערער ווי אין טשעבאָקסאַרי אַ זאַק. פאַרשטייט זיך, אַז די קאַרטאָפל האָב איך געלאָזט, ווען איך וועל פאָרן צוריק, נאָר דעם בראָנפן האָב איך געקויפט באַלד.

די רײַזע האָט געדויערט צען טעג ווײַל אין יעדער גרעסערער שטאָט האָט די שיף אויסגעלאָדן און אָנגעלאָדן סחורות.

די ליפּינאָס שוויגער־עלטערן האָבן מיך קאַלט אויפגענומען, נישט געפרעגט, ווי אַזוי זייער שנור און אייניקל לעבן אין סאַראַטאָוו, מיר נישט דערציילט וועגן ליפּינאָס מאַן, זייער זון וואָס געפינט זיך ערגעץ אויפן פראָנט. זיי האָבן צוגענומען דאָס פּעקעלע, מיר געגעבן די מעגלעכקייט איבערצונעכטיקן און צו מאָרגנס האָב איך זיך געלאָזט אויפן וועג צוריק קיין סאַראַטאָוו.

אויפן וועג צוריק קיין סאַראַטאָוו האָב איך געקויפט אין טשעבאָקסאַרי אַ זאַק קאַרטאָפל און בשלום אָנגעקומען קיין סאַראַטאָוו.

די מיסיע וואָס די סעקרעטאַרין פון „פּאַרטקאָם“ פון „וואָיענסטראָי“ האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, האָב איך אויסגעפילט אויף הונדערט פּראָ־צענט... אָפּגעגעבן אַ גרוס פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר צו אירע שוויגער־עלטערן.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען פון די שפּיטעלער פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן און אָפיצירן וואָס זענען אויסבראַקירט געוואָרן און מער נישט געקאָנט דינען אויפן פראָנט. מען האָט זיי געשיקט אויף אַרבעט אין די „סטראָי־באַטאַליאָנען“. יעדן טאָג זענען געקומען פרישע מענטשן. די אַלטע זענען איינציקווײַז צוריקגעשיקט געוואָרן אין „וואָיענקאָמאַט“ און פון דאָרט זענען זיי געשיקט געוואָרן אויף די פראָנטן.

פאַר נאַטשאַלסטווע האָט זיך געעפנט אַ נײַער קוואַל פון פרנסה. „ווערסטו באַצאָלן, וועט מען דיך ווײַטער האַלטן, אויב נישט, וועסטו גיין אויפן פראָנט“.

אַ סך פּוילישע און יידישע יונגעלײַט פון פּוילן האָבן זיך פרײַוויליק פאַרשריבן אין דער פּוילישער אַרמיי. אַ סך זענען אַנטלאָפן און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון די נעגל פון די פאַראַזיטן...

די ליפּינאַ האָט מיך אָנגעהויבן צו שאַנטאַזשירן און פּשוט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין אַז זי בויטיקט זיך אין אַ סך געלט און אַז עס איז געקומען די צײַט איך זאָל גיין אויפֿן פּראַנט קעמפֿן פּונקט ווי איר מאַן קעמפֿט, ווײַל איך בין נישט קיין יחסן. און כאָטש נאַטשאַלסטווע האָט געהאַלטן אַז איך בין נוצלעך פֿאַר דער בויונג, האָט זי, זעענדיק, אַז איך גיב זיך נישט אונטער, אויסגעפּירט דאָס איריקע: מיר צוגענומען דעם „בראָן" (פֿאַר־זיכערונג נישט צו גיין אויפֿן פּראָנט). זי האָט זיך נישט געשראָקן אַז איך וועל עמעצן דערציילן וועגן די הונדערטער „לינקע געשעפֿטן" וואָס זי האָט מיט מײַן הילף אַדורכגעפּירט און די צענדליקער טויזנטער רובל וואָס זי האָט באַקומען פֿון מיר.

זי האָט מיך אַרויסגערופֿן אין איר קאַבינעט און מיר געזאָגט: „שוין גענוג זיך אויסבאַהאַלטן אונטערן ווײַבס קליידל. דו דאַרפֿסט גיין פֿאַר־טיידיקן דאָס פֿאָטערלאַנד, פּונקט ווי מײַן מאַן און מיליאָנען אַנדערע".

איך האָב זי אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און געענטפֿערט: „ביסט גערעכט, אויב מען דאַרף, וועל איך גיין". זי האָט מיר געגעבן אַ צעטל צום „וואָיענ־קאָמאַט" אַז איך געהער צו זיי.

אין „וואָיענקאָמאַט" האָט מען שוין נישט געקוקט צי איך בין פֿון דײַטשלאַנד אָדער פֿון פּוילן — יעדער איז געווען ווילקאָמען. מען האָט זיך גענויטיקט אין סאָלדאַטן. איך האָב געקראָגן דרײַ טעג צײַט כּדי זיך אָפּצורעכענען מיטן „וואָיענסטראָי" און דערנאָך — זיך צושטעלן מיט אַ קאָלדרע, אַ טעפּל און אַ לעפֿל.

איך בין אַוועק אין „וואָיענסטראָי" זיך אָפּצורעכענען און באַקומען מײַן געהאַלט.

מײַן נאַטשאַלניק, אַן אוקראַיִנער, איז מיך באַפֿאַלן פֿאַר וואָס איך בין נישט געקומען צו דער אַרבעט. ווען איך האָב אים דערציילט אַז איך גיי אויפֿן פּראָנט און שפּײַ אויף דער ליפּינאַ, האָט ער געקריצט מיט די ציין און אויסגערופֿן: „זשידוווקאָ", מיינסט אַז איך ווייס נישט אירע געשעפֿטן. איר צײַט וועט אויך קומען. און מיר געזאָגט: „גיי, בעט זי, זי זאָל אָפּרופֿן די גזירה". מײַן ענטפֿער איז געווען: „ניין!"

ער האָט באַפוילן דער בוכהאַלטעריע, אַז מען זאָל מיר נישט אויס־צאָלן מײַן געהאַלט.

איך האָב אים געוואָרנט, אַז נאָך דרײַ טעג בין איך אַ דעזערטיר און קאָן געשטעלט ווערן פאַר אַ קריגס־געריכט.

ער האָט מיר געענטפערט: „זאָל זי פּרובירן דיך נישט אַרויסצונעמען פון ,וואָיענקאָמאַט' ".

אויפן פערטן טאָג בין איך אַרײַן צו מײַן נאַטשאַלניק און מיטן האַרבן וואָרט אים געזאָגט: „איך וויל אויסגעצאָלט, וואָס מיר קומט און הײַנט גיי איך זיך צושטעלן אין „וואָיענקאָמאַט". און אויב איך וועל זיך נישט צושטעלן, וועט מען משפּטן מיך און נישט די ליפּינאַ.

ער האָט מיט קריצנדיקע ציין מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיך אַרײַנגעשלעפּט אין קאַבינעט פון דער ליפּינאַ, אַלע אַרויסגעבעטן און זיך געווענדט צו איר: „דו ביסט אַ ייִדישקע און ער איז אַ ייִד און איך וועגד זיך צו דײַן ייִדיש געוויסן... זאָג מיר, פאַר וואָס שיקסטו אים אויפן פראָנט אין דער צײַט ווען דאָ געפינען זיך אַזוי פיל וואָס טוען גאָרנישט? צי נאָר דערפאַר ווײַל זיי זענען רוסן?... שיק אַוועק הונדערט רוסן און אים לאָז איבער".

זי האָט דאָ געקוקט אויף מיר, דאָ אויף מײַן נאַטשאַלניק. זעט אויס אַז זי האָט געוווּסט אַז מײַן נאַטשאַלניק ווייסט אירע „לינקע געשעפטן". אפשר האָט זי געטראַכט אַז איך האָב אים וועגן אַלץ דערציילט. זי האָט אויפגעהויבן דעם טעלעפאָן און פאַרבעטן צו זיך דעם פּאָלקאָווניק זלאַטאָוו, אַ פּאָליט־קאָמיסאַר און צוזאַמען זענען זיי אַוועקגעפאָרן אין „וואָיענקאָמאַט".

קומענדיק פון „וואָיענקאָמאַט" איז זי נאָך אַלץ נישט געווען זיכער צי עס וועט איר געלינגען אָפּצושרײַען די גזירה.

אויף צו מאָרגנס האָט זי מיר געהייסן צוגרייטן אַ שאַכטל מיט צען פּעקלעך פּאַפּיראָסן און מיר אָנגעזאָגט: ווען דער קאָמיסאַר וועט מיך פרעגן צי איך בין געזעסן אין תּפיסה, און פאַר וואָס — זאָל איך ענטפערן: געזעסן פאַר שפּיאָנאַזש, געוואָרן געמשפּט לויט דעם פּאַראַגראַף 58, פּונקטן: 6, 7 און 8, און דורך אַ „טראָיקע" געוואָרן פאַרמשפּט צום טויט און שפּעטער באַגנעדיקט געוואָרן.

צו מאַרגנס זענען מיר, איך, די ליפּינאַ און פּאַלקאָווניק זלאַטאָוו אַוועק אין „וואָיענקאָמאַט״. די ליפּינאַ און זלאַטאָוו זענען אַריַין צום קאָמי־סאַר מיט דעם שאַכטל פּאַפּיראָסן און מיט אַ ליטער „וואָדקאַ״, וואָס זיי אַליין האָבן געברענגט און אין עטלעכע מינוט שפּעטער זענען זיי אַרויס פון קאָמיסאַרס קאַבינעט שמייכלענדיקע און אָן די פּעקלעך.

דער קאָמיסאַר האָט מיך אַריַינגערופן צו זיך. מיר געשטעלט די פראַגע וואָס איך האָב שוין געוווּסט אַז ער וועט זי פרעגן. איך האָב גע־ענטפערט דאָס וואָס די ליפּינאַ האָט מיר געהייסן און איך בין צוריקגעשיקט געוואָרן אין „וואָיענסטראָי״ און ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן. די ליפּינאַ און די נאַטשאַלסטווע האָבן ווידער געפּאָדערט זייער פונט פלייש...

חוץ פאַרזאָרגן די בויונג מיט מאַטעריאַלן איז מיַין אויפגאַבע געווען צו באַזאָרגן נאַטשאַלסטווע מיט בראָנפן, ביר, לעדער, סחורות און אַנדערע פּראָדוקטן. דאָס אַלץ האָט מען געקראָגן פאַרן אויסטויש פון בוי־מאַטע־ריאַלן, אַרבעטס־הענט און פאַר באַנוצן זיך מיט די לאַסט־מאַשינען.

וואָס ערגער עס איז געוואָרן די מאַטעריעלע לאַגע אין לאַנד, אַלץ גרעסער זענען געוואָרן די אַפּעטיטן ביַי נאַטשאַלסטווע.

טאָג־איַין טאָג־אויס האָט די ראַדיאָ צוויסן געטאָן וועגן ניַיע זיגן פון דער רויטער אַרמיי. די באַפעלקערונג האָט געליטן, געשוויגן און גע־האָפט אַז נאָכן ענדגילטיקן זיג איבערן שׂונא וועט די לאַגע זיך פאַרבעסערן.

עס האָבן זיך באַוויזן סימנים: אָט איז אָפּגעשאַפן געוואָרן דער „אינ־טערנאַציאָנאַל״ ווי אַ סאָוויעטישער הימן; אָט האָט די רויטע אַרמיי איַינ־געפירט עפּאָלעטן און דאָס סאַלוטירן פאַר די העכערע אָפיצירן ווי אין די צאַרישע ציַיטן, אָט האָט מען אָנגעהויבן רעסטאַווּרירן אַן אַלטע צערקווע אין סאַראַטאָוו וואָס איז אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מוזיי.

ביַי אונדז אין „וואָיענסטראָי״ איז אין די ערשטע חדשים נאָכן אויס־ברוך פון דער מלחמה צווישן נאַצי־דיַיטשלאַנד און סאָוויעטן־פאַרבאַנד מאָביליזירט געוואָרן אַ רוסישער יונגערמאַן. זיַין חטא איז געווען: אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ גלחים־משפּחה און האָט אַליין געענדיקט אין געהיים אַ גלחים־סעמינאַר... ער האָט געאַרבעט אַלס טרעגער אויף אַ לאַסט־אויטאָ,

שפעטער אַלס „אַגענט״ און זיך באַפרײַנדט מיט מיר. זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען ניק און אפשר מיק. ווען איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען עס נעמט זיך צו אים אַזאַ מאָדנער נאָמען, האָט ער געוווסט צו ענטפערן. זײַנע אור־עלטערן זענען געקומען ערגעץ פון דער ליטע און קאָן זײַן אַז דאָס איז די סיבה פון זײַן מאָדנעם נאָמען. קאָן זײַן אַז זײַנע אור־עלטערן האָבן אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן און געוואָרן גלחים און פאַרקירצט זייער נאָמען... ניק האָט ליב געהאַט די כּוסה און ווערנדיק שיכּור האָט ער געוויינט, זיך געקלאַפּט אין האַרץ און זיך געשווירן אַז ער וועט קיין מאָל און אונטער קיין שום אומשטענדן נישט פאַרראַטן זײַן פּראַוואָסלאַוו־נעם גלויבן... ער איז געשיקט געוואָרן קיין אָזינקי, סאַראַטאָווער אָבלאַסט, אויף אַ בויונג פון „וואָיענסטראָי״, אַלס נאַטשאַלניק פון אַ מאַגאַזין פון בוי־מאַטעריאַלן. נאָכן אָפּזײַן אַ צײַט אין אָזינקי איז ער צוריקגערופן געוואָרן קיין סאַראַטאָוו און איז באַשולדיקט געוואָרן אַז ער האָט פאַר־טרונקען דעם גאַנצן מאַגאַזין.

ער איז געקומען אַ דערשלאָגענער און געוואַרט, אַז מען זאָל אים שטעלן פאַר אַ געריכט און פאַרשיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען אים אַרויסגערופן אין דער נקוו״ד און ער איז געשטעלט געוואָרן פאַר דער ברירה: אָדער געשטעלט ווערן פאַרן געריכט פאַר פאַרטאַכליעווען מלוכה־אייגנטום, אין דער צײַט, ווען מיליאָנען סאָוויעטישע מענטשן קומען אום אויף די פראָנטן, אָדער אָננעמען אַ שטעלע אַלס גלח אין דער נײַ־געעפנטער צערקווע אין סאַראַטאָוו און זײַן אונטער דער אויפזיכט פון דער נקוו״ד. ער איז געוואָרן אַ גלח און הײַנט איז ער איינער פון די שפּיצן אין דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

מיר האָבן זיך נאָך עטלעכע מאָל געטראָפן. ער האָט מיך מיטגענומען אין זײַן וווינונג און מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען בראָנפן. ווען ער איז געוואָרן שיכּור האָט ער געדעוועט אַז ער האָט פאַרקויפט זײַן נשמה צום טײַוול...

אין 1943 האָבן אָנגעהויבן קומען פון די שפּיטעלער סאָלדאַטן און אָפיצירן וואָס זענען מער נישט געווען פעיִק צו קעמפן אויף די פראָנטן. זיי זענען געווען באַהאָנגען מיט מעדאַלן, נאָר אָן פיס, אָן הענט און מיט נאָך אַנדערע מומים. זיי האָבן אָנגעהויבן האַנדלען אויפן „שוואַרצן מאַרק". זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גרופּעס און צוגענומען וואָס עמעצער האָט געבראַכט צום פאַרקויפן אויפן מאַרק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צײַט פון טעראָר און מאָרד. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט איז מען נישט געווען זיכער אַרויסצוגיין אין גאַס. זיי האָבן אויסגעטאָן די קרבנות נאַקעט און צוגענומען די זאַכן און קיינער האָט זיך נישט דערוועגט קעגנצושטעלן. טאָמער האָט זיך געפונען אַ „דרײַסטער", וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט, האָבן זיי דערשלאָגן זייער קרבן מיט די קוליעס. די רייען נאָך ברויט זענען טייל מאָל באַפאַלן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג פון אַ באַנדע אינוואַלידן און זיי האָבן צוגערויבט סײַ די ברויט־קאַרטן בײַ דעם עולם און סײַ דאָס ברויט אין געוועלבל.

די הענדלערס אויף די מערק און די קאָלכאָזניקעס וואָס האָבן געבראַכט זייערע פּראָדוקטן זענען באַרויבט און צעשלאָגן געוואָרן.

אָנהייב 1944 איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן אַ גרופּע נקוו"ד־לײַט און דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן וואָס זענען באַפאַלן דאָס הויז וווּ די נקוו"ד־לײַט האָבן געוווינט. עס זענען פוןביידע זײַטן געווען דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. נישט בלויז סאַראַטאָוו האָט געליטן פון דער פּלאָג, גאַנץ רוסלאַנד איז געוואָרן אַ שלאַכטפעלד. עס איז געווען אַ מין רעוואָלט קעגן די הערשערס.

אין איין נאַכט האָט די נקוו"ד, צוזאַמען מיט רויטאַרמייערס, באַפאַלן די באַהעלטענישן פון די דעמאָביליזירטע אינוואַלידן און אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג זענען אַלע אַרעסטירט געוואָרן. זיי זענען פאַרשוווּנדן אָן שפּור. אין סאַראַטאָוו איז ווידער געוואָרן רויִק.

געקומענע פון 1939 האָבן אָנגעהויבן גלויבן אַז ס׳דערנענטערט זיך דער טאָג ווען זיי וועלן קאָנען זיך צוריקקערן אין זייערע היימען און אפשר טרעפן עמעצן פון די נאָענטע וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזט. כאָטש

קאַלינין, דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט: „וועגן אײַערע היימען פאַרגעסט, איר וועט שוין קיין מאָל אַהין נישט קומען, דאָ אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז אײַער היים".

מײַן פרוי איז געווען די ערשטע וואָס האָט אָנגעהויבן האָפן אַז אונדז וועט געלינגען זיך אַרויסצורײַסן פון דעם גהינום.

איך האָב שוין דעמאָלט געפילט אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט מען זיך אַ נעם טאָן צו די וועלכע האָבן איבערגעלעבט און זענען געווען געצוווּנגען זיך צו פאַרנעמען מיט נישט קלאָרע געשעפטן...

די נקוו"ד זעט אַלץ, ווייסט אַלץ, פאַרשרײַבט אַלץ און זי ווייסט אַז דער קרבן וועט זיך נישט אַרויסדרייען פון אירע הענט... די נישט כּשרע געשעפטן זענען געווען דער לעבנס־וועג אין דער צײַט פון דער מלחמה. ווען די פּאַרטיי וואָלט נישט געגעבן שטילערהייט אויף זיי איר הסכּמה וואָלט די גאַנצע ווירטשאַפט אין לאַנד חרוב געוואָרן.

די געקומענע פון די פּראָנטן האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן דערזען, אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען עס לעבן די מענטשן אין פּוילן, רומעניע און אַנדערע טיילן אויף די פאַרנומענע געביטן אין מערבֿ־אייראָפּע און אין וואָסערע באַדינגונגען זיי האָבן געלעבט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און היטלער־דײַטשלאַנד און אין וואָסערע שרעק־לעכע באַדינגונגען עס לעבן נאָך הײַנט זייערע נאָענטע. הונגעריקע, אָן שום אויסזיכטן, האָבן זיי געפּרוּווט דורך רויב און מאָרד צו רעוואָלטירן קעגן סאָוויעטישן סיסטעם און זיי זענען פאַרשטומט געוואָרן... אויך זענען זיי געקומען פון די פראָנטן פאַרסמט מיטן באַציל פון אַנטיסעמיטיזם. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך לײַכט אָנגענומען בײַ די רוסישע מאַסן און אויך צווישן די פּאַרטייערס און רעגירונגס־מענטשן. אָפיציעלע פּאַרטיי־טוערס האָבן אָנגעהויבן שטעלן קלאָץ־קשיות: „פאַר וואָס קעמפן יידן נישט אויף די פראָנטן? נאָר „קעמפן" אויפן „שוואַרצן מאַרק" אין טאַשקענט? — כאָטש זיי האָבן גוט געוווּסט אַז יידן זענען צווישן די צום מערסטן באַלויבטע מיט די העכסטע אויסצייכענונגען פאַר אַרויסווײַזן העלדישקייט אין קאַמף קעגן די דײַטשן.

פאַר וואָס זענען ייִדן ספּעקולאַנטן? דער אמת איז אַז די ספּעקו־לאַנטן זענען על־פּי רוב רוסן, צווישן זיי נישט ווייניקער פּאַרטייערס, וואָס האָבן פאַרקויפט מלוכה־אייגנטום בכדי צו האָבן געלט אויף צו שיכּורן.

די סעקרעטאַרין פון פּאַרטיי־קאָמיטעט אויף דער נאַפט־באַזע אין סאַ־ראַטאָוו, וועלכע האָט באַגנבעט און באַגזלט די מלוכה, האָט געהאַט דעם מוט מיך צו פרעגן פאַר וואָס ייִדן זענען נישט געטרײַ דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

ערשטע סעקרעטאַרן פון פּאַרטיי־קאָמיטעטן אין פאַבריקן און אינ־סטיטוציעס, וואָס זענען געווען ייִדן, זענען באַזײַטיקט געוואָרן פון זייערע אַמטן און באַשטימט געוואָרן אויף נידעריקערע אַמטן.

מען האָט שוין אין 1945 דערפילט, אַז מאָסקווע גרייט צו אַ נײַ „געקעכטס" קעגן ייִדן.

בײַ אונדז אין „וואָיענסטראָי" איז אַלץ געבליבן בײַם אַלטן. די ליפּינאַ האָט ווײַטער געקעניגט, „זכות אבות" איז איר בײַגעשטאַנען — איר מאַן, אַ באַרימטער גענעראַל האָט זיך אויסגעצייכנט אויף די פראָנטן און געווען צווישן די ערשטע אין בערלין. ער איז געווען אַ רוס.

די „לינקע געשעפטן" אין „וואָיענסטראָי" גייען ווײַטער אָן. איך ווער אַרײַנגעמישט אין פאַרשידענע „מסחרים", פאַר וועלכע מען קאָן קריגן טויטשטראָף. די נאַטשאַלניקעס פאָדערן אַלץ מער און מער, זיי זענען שוין געוווינט צו אַ לוקסוס־לעבן. זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר גאָרנישט. און אפשר האָבן זיי דערפילט אַז סײַ־ווי־סײַ וועלן זיי אַרעסטירט און געמשפּט ווערן פאַר די נישט־כּשרע געשעפטן אין וועלכע זיי זענען געווען פאַר־וויקלט אין דער צײַט פון דער מלחמה און פאַרשיקט ווערן אין סיביר, אָדער דערשאָסן ווערן. און אפשר האָבן זיי געחלומט אַז זיי וועלן אַלץ קאָנען אַרויפלייגן אויף מײַנע „פּלייצעס" און אויף די „פּלייצעס" פון נאָך עטלעכע אַזעלכע ווי איך וואָס זענען אַרײַנגעדרייט געוואָרן אין דעם „פאַר־כּישופטן ראָד".

אין 1945 איז דערקלערט געוואָרן אַ דעמאָביליזאַציע פון געוויסע יאָר־גענג, וואָס זענען געווען מאָביליזירט אין פאַרשידענע אַרבעטס־אַרמייען. די ליפּינאַ איז געווען העכער פון דער פּאַרטיי און דער רעגירונג. זי האָט געפּאָדערט טויזנטער רובל... פאַר דער באַפרײַונג...

אָט וועל איך באַשרײַבן אַ געשעעניש, וואָס איז טראַגי־קאָמיש: סוף 1945 איז געקומען אַ באַפעל פון מאָסקווע: אַזוי ווי די פראָנט־צוגן גייען ליידיק פון קאַזאַכסטאַן צו די פאַרנומענע געביטן אין מערב, איז באַשטימט געוואָרן, אַז עטלעכע עשאַלאָנען זאָלן אויסגענוצט ווערן דורכן סאַראַטאָווער „וואָיענסטראָי".

האָט נאַטשאַלסטווע פון „וואָיענסטראָי", פּונקט ווי אַמאָל די כעלעמער צוזאַמענגערופן אַן אסיפה און דעבאַטירט טעג ווי אַזוי אויסצופילן די נאָרמעס, וואָס די פּאַרטיי און רעגירונג פאָדערן פון זיי, נישט אויף הונדערט נאָר אויף 150 פּראָצענט. אין כעלעם ווען די יידן זענען הונגעריק געוואָרן, איז יעדער אַוועק אין זײַן היים און זיך אָנגעגעסן און ווײַטער געקומען צו דער אסיפה. אין „וואָיענסטראָי" האָט מען צו דער אסיפה אײַנגעהאַנדלט אויף „קאַזיאָנעם" חשבון: בראָנפן, ביר, אַלערליי וווּרשטן. עס איז געווען פון כל־טוב און עס איז אָנגענומען געוואָרן אַן איינשטימיקע רעזאָלוציע: אויסצופילן די נאָרמע אויף 150 פּראָצענט. וואָס וועט מען פירן? זאַמד!... אין סאַראַטאָוו זענען דאָ זאַמד־קאַריערס, וואָס קאָנען באַזאָרגן מיט זאַמד דעם גאַנצן סאָוויעטן־פאַרבאַנד. מען מוז אויספילן און איבערפילן די נאָרמעס וואָס די פּאַרטיי און די רעגירונג פאָדערט און דערמיט העלפן געבן דעם ענדגילטיקן קלאַפּ דעם שונא...

מען האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ זאַמד־קאַריער אין אוראַלסק (קאַזאַכסטאַן). מען האָט מיך אַרויסגעשיקט קיין אוראַלסק צו דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן און אַכטונג צו געבן אַז מען זאָל אונדז אַ מאָל נישט אָפּנאַרן.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון לויפן אין אינסטיטוציעס, אויספילן פּאַפּירן, שיקן טעלעגראַמעס, צאָלן געלט פאַרן זאַמד און פאַרן טראַנספּאָרט און דאָס לאָדענען די וואַגאָנעס.

און ערגעץ דאָרט, אויף דער באַן־סטאַציע אין סאַראַטאָוו, ליגט נאָך דער באַרג זאַמד אַ נישט־געריירטער, ווייַל צום זאַמד־קאַריער אין סאַראַטאָוו איז געווען נענטער און באַקוועמער צוצוקומען מיט די לאַסט־מאַשינען. נאָר דער פּלאַן איז אויסגעפירט געוואָרן אויף 150 פּראָצענט...

מיר האָבן באַשלאָסן אַז בייַ דער ערשטער געלעגנהייט וועט זיך קודם־כל ראַטעווען די פרוי מיטן קינד און דערנאָך וועל איך נאָכקומען. אָבער מיר האָבן געהאַט 5־יאָריקע פּעסער אין וועלכע עס איז געווען געשריבן אַז מיר זענען סאָוויעטישע בירגערס און דאָס האָט נישט געטויגט.

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט „מאַכערס", צוגעזאָגט אַ מאַכער, אַן נקוו"דניק, אַ מאַשין האָלץ, וואָס איז דעמאָלט געווען מיט גאָלד צו גלייַך, ער זאָל מיר איבערמאַכן דעם פּאַס. אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן געוווסט אַז מיר זענען נישט פון די געקומענע אין 1939. מיר זענען געגאַנגען אויפן פּשוטן וועג: „פאַרלוירן די פּעסער" און געמאָלדן אין דער מיליץ וועגן אונדזער „אומגליק". נאָך לאַנגע אַרומלויפענישן האָבן מיר ענדלעך באַקומען האַלב־יאָריקע פּעסער ווו עס איז געשטאַנען שוואַרץ אויף וויַיס: געבוירן אין לאָדזש, פּוילן. אין דעצעמבער 1945 האָב איך פאַר אַ ריזיקער סומע אַרויסגעקראָגן אַ „פּראָפּוסק" ד"ה אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין קאָוועל. ס'האָט געהייסן אַז מייַן פרוי מיטן קינד מעגן דאָרט פאָרן כּדי אָפּצופירן אַ משוגענעם וואָס איז ערשט אַרויס פון תּפיסה. אַנשטאָט קיין קאָוועל איז אָבער מייַן פרוי געפאָרן קיין לעמבערג. מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט: טאָמער איז דאָ אַ מעגלעכקייט אַריבערצופאָרן די גרענעץ קיין פּוילן, זאָל מייַן פרוי מיר קלאַפּן אַ טעלעגראַמע: „ס'קינד איז קראַנק, קום אונדז אָפּנעמען". נאָכן דערהאַלטן די טעלעגראַמע בין איך אַוועק צו מייַן דאָקטאָרין מיט אַ ביטע, זי זאָל מיך באַפרייַען צוליב „מייַן קראַנקייט" אויף צוויי וואָכן, ווייַל אָן אַ באַפרייַונג פון דאָקטער האָט מען מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון דער אַרבעט. איך האָב איר מיטגעבראַכט אַ קילאָגראַם „וואָבלע" (אַ געריכערטער, טרוקענער פיש). זי האָט די מתּנה צוגענומען און מיר געזאָגט אַז ליידער קאָן זי מיך נישט באַפרייַען מער ווי אויף דרייַ טעג, נאָר זי וועט אַדורכשמועסן מיט דער הויפּט־דאָקטאָרין.

איך האָב מיטגענומען צען פּעקלעך פּאַפּיראָסן און אַ קילאָ „וואָבלע״ און זי האָט מיך אָװעקגעשיקט מאַכן אַ „עקס־רעי״ פון די לונגען און מיר אָנגעזאָגט: „עס וועט דיך קאָסטן אַ ליטער וואָדקע״.

אין דער זעלבער וואָך האָב איך באַקומען אַ באַשטעטיקונג אַז איך האָב אַן אָפענעם טובערקולאָז און נויטיק זיך אין אָפּרו און זי האָט מיר געגעבן אַ באַפרײַונג אויף צוויי וואָכן. דורך דער צײַט האָב איך זיך נישט ראַזירט און ווען איך בין געקומען צו מײַן נאַטשאַלניק און אים דערלאַנגט דעם „דיאַגנאָז״ פון דאָקטער און אַז איך בין באַפרײַט אויף צוויי וואָכן, האָט ער מיך באַפוילן צו שטיין פון דער ווײַטנס און ער האָט מיך באַפרײַט אויף צוויי וואָכן.

כ׳האָב באַלד געקויפט אַ פּראָפּוסק קיין לעמבערג און צוזאַמען מיט אַ יונגנמאַן פון אַ שטעטל נעבן ווילנע (ער געפינט זיך איצט אין ישׂראל. ער איז דורך דער ליפּינאַ געצוווּנגען געוואָרן צו אַנטלויפן פון סאַראַטאָוו ווײַל די נקוו״ד האָט זיך געגרייט אים צו אַרעסטירן. ער איז געווען דער „מאַכער״ פון פאַלשע פּעסער און פּראָפּוסקן אין „וואָיענסטראָי 260״ און די ליפּינאַ איז געווען אַ גלײַכער שותּף צו זײַן פאַרדינסטל און זי האָט זיך געשראָקן אַז זי קאָן מיטגעשלעפּט ווערן).

אַגב, די ליפּינאַ האָט געוווּסט אַז איך אַנטלויף און איז געווען צופרידן וואָס אויך איך פאַרשווינד. וואָרום טאָמער ווער איך אַרעסטירט, וועט אויך איר קיין גוטס נישט געשען. אויך טאָקע דעמאָלט ווען זי האָט באַשלאָסן אַז איך זאָל אַוועקגעשיקט ווערן אויפן פראָנט, האָט זי עס געטאָן צוליב דער מורא טאָמער „גליטש״ איך זיך אויס און איך שלעפּ זי מיט מיט זיך.

צום וואָקזאַל איז געקומען מײַן פרויס שוועסטער און מיט אַ ביטער געוויין זיך געגעבטן: „דערצייל דער וועלט!״ זי האָט טאָקע נישט דערלעבט צו פאַרלאָזן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד און איז יונגערהייט געשטאָרבן.

מיט 13 און אַ האַלב יאָר צוריק האָב איך אַלס יונגער בחור פאַרלאָזט דאָס פאַשיסטישע פוילן פול מיט האָפענונגען, אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד וועל איך געפינען אַרבעט, בויען אַ היים, אַ פאַמיליע, און איצט פאָר איך צוריק קיין פוילן — אַלט, צעבראָכן, נאַקעט און באָרוועס, מיט אַ מיליטערישן

שינעל און אַ פּאָר אַלטע שטיוול, און ווער ווייסט צי עס וועט מיר געלינגען זיך אַרויסצודרייען פון דעם קלעם אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. די פרוי און קינד זענען שוין אין פוילן און איך אַנטלויף פון „מיליטער"... און ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אונדז אין פוילן? אָבער זאָל זײַן וואָס עס וויל... ערגער קאָן שוין נישט זײַן און אויב איך זאָל נאָך אַ מאָל אַרײַנפאַלן אין די הענט פון דער נקוו"ד וועל איך עס זיכער נישט איבער־האַלטן.

נאָך עטלעכע טעג מאַטערנישן בין איך אָנגעקומען קיין לעמבערג. די פרוי מיטן קינד זענען שוין געווען אין פוילן.

נאָכן אָפּזײַן צוויי וואָכן אין לעמבערג בין איך מיט אַ טראַנספּאָרט אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פוילן. אין לאָדזש האָב איך זיך געטראָפן מיט מײַן פרוי און קינד און מיר האָבן באַלד דערפילט אַז מיר זענען ווײַטער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, צווישן אַ באַפעלקערונג וואָס האַסט אונדז...

# לאָדזש

אין לאָדזש, פּוילן, בין איך געבוירן און דערצויגן געוואָרן, געליטן און געחלומט ביז איך בין אַוועק קיין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

איך האָב געקענט יעדע גאַס און יעדעס געסעלע נישט נאָר אין באַלוט ווו איך בין געבוירן און געלעבט ביזן אַוועקפאָרן נאָר יעדעס ווינקל אין דער גאַנצער שטאָט.

אין באַלוט האָבן געוווינט די אָרעמסטע מענטשן, אָבער עס האָבן נישט געפעלט קיין אָרעמע אַרבעטס־מענטשן אין אַלע טיילן פון לאָדזש. זיי האָבן נישט געקאָנט פון זייער אַרבעט געבן קיין ברויט צו דער זאַט זייערע פרויען און קינדער. דערפאַר האָט לאָדזש אַרויסגעגעבן אַ סך קאַנדידאַטן אויף עמיגראַציע און אַ סך וואָס האָבן געשוואַרצט גרענעצן קיין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד און אַנדערע לענדער אין אייראָפּע.

לאָדזש מיט אירע שמאָלע גאַסן, אָן קאַנאַליזאַציע און וואַסערלייטונג איז נישט געווען פון די שענסטע שטעט אין פּוילן. אין כמעט יעדן הויף האָט זיך געפונען אַ „פּלומפּ", פון וועלכער מען האָט „אָנגעפּלומפּט" וואַסער צום טרינקען. דאָס בית־כּיסא איז געווען אַן אַלגעמיינס, אַ מאָל — פאַר מער ווי הונדערט איינוווינערס אינעם הויז. די אומריינעקייטן זענען אויסגעגאָסן געוואָרן אין „זליוו" (אַ קאַסטן אויף פיר פיס, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן הויף). דער מיסט־קאַסטן האָט זיך געפונען אויפן עק הויף בײַם

בית־כּיסא. ראַצן און מײַז האָבן געראַיעט אין די מיסט־קאַסטנס און אין „זליוו".

רינשטאָקן מיטן אָפּפלוס פון שמוציקן וואַסער האָבן זיך געפונען אין עק פון טראָטואַר אין אַלע גאַסן פון באַלוט און אין אַ סך אַנדערע טיילן פון לאָדזש.

אַ סך לאָדזשער ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט וועבערײַ, שנײַדערײַ, שוסטערײַ און אַנדערע פאַכן.

אין יעדן הויז אין באַלוט האָבן זיך געפונען ייִדן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט וועבערײַ. איין גרויסע שטוב איז געווען דאָס אָרט צו דערציִען קינדער, די קיך, דאָס שלאָפּצימער און אויך דער וועבשטול, וואָס האָט געראַדפּט זײַן דער „פּרנסה־געבער" פאַר דער משפּחה, נאָר איז דאָס, ליידער, נישט געווען...

אין לאָדזש זענען געווען ייִדישע גבירים, אייגנטימערס פון גרויסע און קלענערע טעקסטיל־פאַבריקן. עס איז געווען אַ מיטלקלאַס, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט האַנדל און עקספּאָרט־אימפּאָרט, הײַזער־באַזיצערס און סתּם לופט־מענטשן וואָס האָבן עפּעס ווי דורך נסים אַדורכגעלעבט דעם טאָג.

לאָדזש האָט געשמט אַלס ייִדישער קולטור־צענטער. אין לאָדזש זענען דערשינען עטלעכע טאָג־צײַטונגען, וואָכן־בלעטער, זשורנאַלן, פּעריאָדישע אויסגאַבעס — אַלץ אין ייִדיש. אַלע ייִדישע פּאַרטייען האָבן געפירט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט. אין די אָוונטן האָט אין די פּאַרטיי־לאָקאַלן גע־ברויזט מיט ייִדישע יוגנטלעכע וואָס זענען געקומען הערן אַ פאָרטראָג און האָבן זיך דערנאָך געאַמפּערט, דיסקוטירט, נישט מסכּים געווען, אָדער יאָ מסכּים געווען מיטן רעפערענט. מען האָט געטײַטשט און קאָמענטירט דעם אָדער יענעם פּונקט פון פּאַרטיי־פּראָגראַם — און אַלץ אין ייִדיש. יעדע פּאַרטיי האָט געפירט אָוונט־קורסן, עס האָבן פונקציאָנירט ביבליאָ־טעקן, ספּאָרט־קלובן, כאָרן, דראַמאַטישע קרײַזן, טאָגשולן פאַר ייִדישע קינדער מיט ייִדיש אַלס אונטעררעכטס־שפּראַך.

דאָס אַלץ האָט עקסיסטירט אין לאָדזש און דאָס אַלץ האָב איך געוואָלט אַרויסרײַסן פון זכּרון און פאַרגעסן... ווען איך האָב עס פּרובירט פאַר־

גלײַכן מיט מײַן נײַ־אויסגעווײלטן „פּאָטערלאַנד״, האָט דאָס אַלץ אויס־געזען ווי אַ קינדער־שפּיל אַקעגן דעם נײַעם לעבן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד — דאָס לאַנד וואָס דאַרף ווערן דער מוסטער פאַר אַלע לענדער אין דער וועלט.

און אָט געפין איך זיך שוין אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. מיר זענען פרעמדע אין „לאַנד פון סאָציאַליזם״. זיי פרווון אונדז „איבערדערציִען״. איבערדער־ציִען אויפן סאָוויעטישן שטייגער הייסט: צעברעכן גײַסטיק; זאָלסט דענקען אַזוי ווי מען הייסט דיר; טאָרסט נישט פרעגן קיין שאלות; אַלץ וואָס די פּאַרטיי זאָגט מוזסטו נאָכזאָגן. טאָמער זאָגט די פּאַרטיי מאָרגן דאָס פאַר־קערטע וואָס זי האָט געזאָגט נעכטן, מוזסטו אָן וואַקלעניש זאָגן: „יאָ!״ טאָרסט בײַם זאָגן „יאָ״ קיין מאָל נישט קיין שמייכל טאָן ווײַל פאַר שמייכלען אַפילו בעתן מסכּים זײַן מיט דער פּאַרטיי קאָנסטו אויך באַקומען צען יאָר לאַגער.

מוזסט ווײנען דאָרט ווו די פּאַרטיי הייסט דיך, מוזסט טאָן די אַרבעט וואָס מען פאָדערט פון דיר; אויספּילן די נאָרמעס וואָס מען האָט באַשטימט; עסן דאָס, וואָס דו געפינסט הײַנט אין מלוכה־געוועלב. מוזסט זײַן גע־האַרכזאַם: זינגען ווען מען פאָדערט עס פון דיר, אָדער הערן אויף דער ראַדיאָ לידער: „וועגן גוטן לעבן״, וועגן „סטאַכאַנאָווצעס״, וועגן דער „העלדישקייט פון דער רויטער אַרמיי״, אָדער „קאַטיושאַ איז אַרויס צום ברעג טײַך״ (וויכאָדילאַ נאַ בערעג קאַטיושאַ). דיר קאָן זײַן ביטער אויף דער נשמה, קאָנסט האָבן פיזישע ווייטיקן, זײַן הונגעריק — מוזסטו אַרײַן אין דער ריי און זינגען וועגן גוטן לעבן, וואָס חבר סטאַלין האָט געברענגט דעם רוסישן פאָלק. טאָמער נישט, וועט מען ערגעץ פאַרצייכענען: „זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין מאַרש״. קיין שטיק געזונט וועט דיר דורך דעם נישט צוקומען. מוזסט ווערן אַ „יאָ״־זאָגער. און (ווי מיר האָבן געזען אין דער דאָזיקער באַשרײַבונג) האָט דאָס אַלץ נישט געהאָלפן. סטאַלין האָט באַפוילן: אויסראָטן! האָט מען אַלע, אַלע אומגעברענגט. די יאָ־זאָגערס, די צווייפלערס, די ניין־זאָגערס און אַפילו די וועלכע האָבן גאָרנישט געזאָגט.

זײַענדיק אַ תושב אין די פאַרשידענע תפיסות, לאַגערן, פאַרשיק־ערטער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָב איך אָנגעהויבן בענקען נאָך לאָדזש.

לאָדזש האָט מיך פאַרפאָלגט נישט נאָר ווען איך האָב געגראָבן די שטענדיק־פאַרפרוירענע ליימיקע ערד אויף אוראַל, אָנגעטאָן אין „לאַפּ־טשעס" (שיך, געפלאָכטענע פון שטרוי), געפירט וואַגאָנעטקעס מיט שטיי־נער, אָדער געעפּנט דעם טויער פאַרן נאַטשאַלניק פון דער „ביאָ־פאַבריק" אין טאָבאָלסק. איך האָב געטראַכט וועגן לאָדזש ווען דעם נאַטשאַלניקס קול האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן שטח פון דער פאַבריק: „סטאַראָזש, עפן ס'טויער!" אָדער ווען איך האָב דריַי טעג נישט געגעסן און געטראָגן מיַין שטיקל ברויט אין שפּיטאָל צו מיַין פרוי וואָס האָט געבוירן מיַין טאָכטער און איך בין געגאַנגען אין וואַלד קליַיבן יאַגדעס און שוואָמען און מיט דעם זיך דערנערט.

איך האָב געבענקט נאָך לאָדזש 24 שעה אין מעת־לעת. לאָדזש איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן ווי אַ גיגאַנט: מיט ברייטע גאַסן, מיט פּאַרקן (וואָס לאָדזש האָט, אַגב, ווייניק פאַרמאָגט), מיט טיַיערע ייִדן, מיט ייִדיש לעבן, מיט משפּחה, וואָס איך האָב זיי און זיי האָבן מיך נישט איבעריק ליב געהאַט און איך האָב זיי זעלטן באַזוכט. זיַיענדיק אין רוסלאַנד האָב איך זיי ליב באַקומען און זיי זענען מיר געוואָרן נאָענט. כ'האָב כּסדר געבענקט נאָך מיַינע לאָדזשער ייִדן מיט וועלכע מען קאָן דיסקוטירן און דו דאַרפסט נישט מיט זיי מסכּים זיַין, קאָנסט הערן אַ לעקציע און שטערן דעם לעקטאָר; מען וועט דיך טאַקע אַרויסוואַרפן פון זאַל, וועסט אפשר כאַפּן קלעפּ אויך. מען וועט דיך אָבער נישט אַרעסטירן, נישט משפּטן, נישט שיסן...

וואָס לענגער איך האָב זיך געפונען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אַפילו אויף דער פריַי, אַלץ מער האָב איך געבענקט.

מיַין פרוי האָט נישט איין מאָל אַ זאָג געטאָן: „כ'וואָלט נאָך איין מאָל אין מיַין לעבן געוואָלט זען לאָדזש..."

לאָדזש האָט מיך פאַרפאָלגט אויף שריט און טריט. כ'בין נישט מיד געוואָרן צו הערן דערציילן וועגן לאָדזש פון ייִדן, אַנטלאָפענע אין 1939. עס האָט געברענט אין מיר די זאָרג וועגן גורל פון די לאָדזשער ייִדן, וועגן געשאַפענעם לאָדזשער געטאָ, וועגן די גרויל־טאַטן פון די דיַיטשן. כ'בין נישט זיכער צי ווען מ'גיט מיר די מעגלעכקייט צו פאָרן אין לאָדזשער

געטאָ, צי איך וואָלט נישט צוריקגעפאָרן. אַזוי גרויס איז געווען דער ווייטיק מיט וועלכן איך האָב זיך אַרומגעטראָגן.

אין 1939, ווען לאָדזש איז געוואָרן אָקופּירט דורך די דײַטשן און די ייִדן זענען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין אַ געטאָ, האָב איך אָנגעהויבן צו דערהאַלטן בריוו פון מײַן שוועסטער און פון מײַן פרויס עלטערן. כאָטש איך און מײַן פרוי האָבן געאַרבעט האָבן מיר פון אונדזער ביידנס פאַר־דינסט זיך נישט געקאָנט דערלויבן צו קויפן אַ שטיקל פלייש, אָדער אַ ביסל מילך פאַרן קינד. דאָך האָבן מיר אָנגעהויבן שיקן פּעקלעך צו אונ־דזערע נאָענטסטע קיין לאָדזש און דערמיט זיי אַ שטיקל צײַט דערהאַלטן בײַם לעבן.

אַ סך פון די אַזוי גערופענע „ביעזשענצעס" (פּליטים), ווען זיי האָבן זיך אַרומגעזען, ווי אַזוי עס לעבט דער „גליקלעכער סאָוויעטישער מענטש", זענען זיי צוריקגעלאָפן צום דײַטש און זענען אומגעקומען אין די דײַטשע טויט־לאַגערן. אַ טייל האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען סאָוויעטישע פּעסער און זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אָדער אַנדערע פאַרשיקונגס־ערטער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אַ גרויסער טייל פון זיי איז דאָרט אומ־געקומען פון הונגער און שווערער אַרבעט.

די מערהייט האָט דאָך זיך געראַטעוועט. עס האָבן זיך געשאַפן פאַר־שידענע אומשטאַנדן: דער שיקאָרסקי־אָפּמאַך מיט דער סאָוויעטישער רעגי־רונג וועגן די פּוילישע בירגערס און דער פּונקט אַז ייִדן פון פּוילן זענען פּוילישע בירגערס און מוזן אויך באַפרײַט ווערן פון די לאַגערן און פאַר־שיקונג, פּונקט ווי די פּאָליאַקן און אַרויסגעלאָזט ווערן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד קיין פּוילן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן...

אין סוף דעצעמבער 1945 בין איך ענדלעך אָנגעקומען קיין לעמבערג. מיט דער הילף פון פּרעזעס פון דער ייִדישער גמינע אין לעמבערג האָב איך שפּעטער באַקומען אַרויספאָר־פּאַפּירן קיין פּוילן און זיך פאַראייניקט מיט מײַן פרוי און טאָכטער.

דאָס איז מיר אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, ווי עס וועט ווײַטער דערציילט ווערן.

דער פּרעזעס פֿון דער לעמבערגער ייִדישער קהילה איז געווען אַ סאָוויעטישער ייִד, אַ קאָמוניסט, אַ הויכער מיליטער־מאַן, באַלוינט מיט מעדאַלן פֿאַר העלדישקייט אין קאַמף קעגן דײַטשן שׂונא. ער איז געווען אַ וואַרעמער ייִד און האָט אַלץ געטאָן צו העלפֿן יעדן ייִד אַרויסצופֿאָרן פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. ער איז דערנאָך געמסרט געוואָרן דורך די ייִדישע מוסרים און איז דערשאָסן געוואָרן.

דאָס איז געשען שפּעטער. דעמאָלט אָבער ווען איך האָב זיך מיט אים פֿאַרבונדן אין לעמבערג איז די גרענעץ צווישן סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד און פּוילן געווען געשלאָסן.

טאָג־אײַן, טאָג־אויס זענען אָנגעקומען פֿרישע גרופּעס פֿון מענער, פֿרויען מיט קינדער, מיט דער האָפֿענונג אַריבערצופֿאָרן די גרענעץ קיין פּוילן.

ייִדן האָבן זיך געוואַלגערט אין דער איינציקער גאַנץ־געבליבענער שול וואָס איז דעמאָלט געווען אין רשות פֿון דער ייִדישע גמינע.

אין לעמבערג האָט מען פֿאַר געלט געקאָנט אַלץ קויפֿן. נאָכן זײַן 13 יאָר אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד האָב איך ווידער געקויפֿט פֿרײַ עפּל און באַר־נעס. ברויט איז געווען איבער גענוג און ביליק. מען האָט נאָר געדאַרפֿט געלט. אַלץ איז געווען לרוב.

אויפֿן מאַרק האָבן קריסטן פֿאַרקויפֿט פּוכענע קישנס, סידורים, תּפֿילין, שטוב־זאַכן. זיי האָבן אַפֿילו נישט געפּרוּווט אָפּצוּוואַשן פֿון די חפֿצים דאָס פֿאַרטריקנטע בלוט.

קידושין־רינגלעך, בעכערס, לײַכטערס, מנורות, און אַנדערע אָנגע־ראַבעוועטע זאַכן פֿון ייִדישע היימען זענען פֿראַנק און פֿרײַ פֿאַרקויפֿט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלן מאַרק.

נאָכן אָפּזײַן מער ווי צוויי וואָכן אין לעמבערג האָב איך באַקומען די דערלויבעניש צו פֿאַרלאָזן דעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

מײַנע טעג אין לעמבערג זענען געווען גאַנץ שווערע. אין „וואָיעוו־סטראָי" בין איך באַפֿרײַט געוואָרן אויף צוויי וואָכן און דאָ זיץ איך שוין די דריטע וואָך. בײַ יעדער באַגעגעניש מיט אַן נקוו"דיסט אין גאַס, הייב איך אָן צו ציטערן. עס דוכט זיך מיר אויס אַז אָט־אָט ווער איך אַרעסטירט

און צוריקגעשיקט קיין סאַראַטאָוו. דאָרט פֿאַל איך ווידער אַרײַן אין די הענט פֿון דער נקווד און דאָס מאָל ווער איך געמשפּט לויט דער סטאַטיאַ 58, פּונקט „איזמיענאַ ראָדיני״ (פֿאַרראַט פֿון פֿאָטערלאַנד) און באַקום טויטשטראָף.

דעם 14טן יאַנואַר 1946 ווערט אַ גרופּע פֿון עטלעכע הונדערט מאַן אַרײַנגעזעצט אין אַ ספּעציעלער באַן וואָס דאַרף אונדז אַריבערפֿירן די סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעץ און אונדז אַראָפּלאָזן אויף דער באַן־סטאַציע אין פּזשעמישל, פּוילן.

נקווד־לײַט אין ציווילע קליידער גייען אַרום איבער די וואַגאָנעס מיט רשימות. זיי פֿאָרשן און רעווידירן יעדן איינעם. דאָ און דאָרט ווערט אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי העפֿלעך געבעטן צו פֿאַרלאָזן דעם וואַגאָן און מיטצונעמען די זאַכן. אַן נקווד־דניק נעמט זיי אונטער זײַן שוץ און פֿירט זיי אַוועק.

בײַ מיר און מײַנע סאַראַטאָווער מיטפֿאַרערס, אַ לאָדזשער מיידל און אַ פֿרײַנד פֿון „וואָיענסטראָי״, איצט אין ישׂראל, גייט אַלץ אָדורך בשלום. אין עטלעכע שעה שפּעטער געפֿינען מיר זיך אין פּזשעמישל, דאָס הייסט אין פּוילן.

איך ווייַן פֿאַר פֿרייד וואָס נאָך אַזוי פֿיל צרות, מאַטערניש און טויט־געפֿאַרן געפֿין איך זיך אויסער די גרענעצן פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. איך וויין אָבער מיט ביטערע טרערן ווען אויפֿן וועג פֿון פּזשעמישל קיין קראָקע הערט מען די שמועסן פֿון פּוילישע פּויערים און פּויערטעס, וואָס פֿירן פּראָדוקטן קיין קראָקע. זיי רעדן וועגן מחנות ייִדן וואָס קומען אָן טאָג און נאַכט פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד און באַהערשן ווידער פּוילן. זיי רעדן אָפֿן אַז היטלער האָט איבערגעלאָזט צו פֿיל ייִדן און אַז עס וועט קומען דער טאָג ווען דאָס פּוילישע פֿאָלק וועט פֿאַרענדיקן דאָס, וואָס היטלער האָט אָנגעהויבן.

מיר האָבן זיך אײַנגעקורטשעט, זיך פֿאַררוקט אין אַ ווינקל מען זאָל אונדז נישט אַרויסזען און געשוויגן.

און אַט זענען מיר אין לאָדזש, דאָס לאָדזש, וואָס האָט מיר נישט געגעבן קיין רו די אַלע יאָרן וואָס איך האָב זיך געפונען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

מיר געפינען זיך בײַם וואַרשע־ווינער וואָקזאַל. מיר זוכן אַ דראָזש־קאַזש — אַ ייִד. נישטאָ אַזעלכער. מיר נעמען אַ דראָזשקע און דער פּאָלאַק ווייסט שוין ווו אַהין מיר ווילן פאָרן: אויף שווינטעגאָ יאַקובאַ 16, דאָס „אויפנאַמס־הויז" פון דער ייִדישער גמינע אין לאָדזש. מיר קומען אָן. מען לאָזט אונדז נישט אַרײַן. מיר מוזן צו ערשט גיין אין באָד אַרײַן. נאָך דער באָד ווערן מיר אײַנקוואַרטירט אין ריזיקע זאַלן, מענער מיט מענער, פרויען מיט פרויען, מיט דרײַשטאָקיקע נאַרעס און יעדער באַקומט אָפּצועסן.

איך געפין דאָ מײַן פרוי און טאָכטער. זיי זענען שוין אין דעם „הויז" די צווייטע וואָך און זיי וואַרטן אויף מײַן קומען.

מיר דאַרפן דאָ אָנהייבן אַ נײַ לעבן...

מײַן פרוי וואָרנט מיך נישט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַ וואָרט, אַז מיר זענען געווען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד פון יאָר 1932. די רוסן זענען דאָ און מען דאַרף וואָס שנעלער אַנטלויפן.

דערווײַל דאַרף מען געפינען אַ דירה ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן און פאַרדינען אַ ביסל געלט „צו קומען צו זיך". אין לאָדזש קריגט מען אַלץ, מען דאַרף נאָר האָבן געלט.

ענדלעך האָבן מיר געפונען אַ דאַך־שטיבל מיט פאַרקאָפּטשעטע ווענט אויף ווסכאָדניאַ־גאַס. מיר ציִען זיך אַרײַן אין אַט דעם שטיבל, צוויי פאַמיליעס, מיט דער האָפענונג וואָס גיכער עס צו פאַרלאָזן...

דער „קבלת פנים" פון דעם סטאַראָזש און אונדזערע פּוילישע שכנים איז דער זעלבער ווי בײַם פאָרן פון פּזשעמישל קיין קראָקע: „פון וואַנען נעמען זיך אַזוי פיל ייִדן? מען האָט געמיינט, אַז פּוילן וועט ענדלעך זײַן ייִדן־ריין, דערווײַל קריכן זיי ווי די מײַז פון די לעכער". אמת, מען דער־מאָנט נישט דעם נאָמען „זשיד" (ייִד), נאָר „זשידקי" (ייִדעלעך). עס איז נישטאָ פאַר וועמען זיך צו זשאַלעווען. אַלע פּאָלאַקן, פּונקט ווי די רוסן, אוקראַיִנער וכדומה זענען געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דעם האַס צום ייִד

וואָס היטלער האָט אויפגעבלאָזן אין מזרח־אייראָפּע, ווו עס האָט קיין אַנטי־סעמיטיזם קיין מאָל נישט געפעלט.

מען דאַרף געפינען אַרבעט — צו פאַרקויפן איז נישטאָ וואָס. די רייזע, די פּראָפּוסקן, דאָס אונטערקויפן די דאָקטוירים און נאָך אַזעלכע אויסגאַבן האָבן אָפּגעקאָסט אַ ים מיט געלט און האָבן אונדז אויסגעליידיקט.

קיין קליידער אָדער ווערט־זאַכן האָבן מיר נישט פאַרמאָגט. האָב איך געדאַרפט זוכן אַן אַרבעט און אַזוי ווי אין לאָדזש איז דעמאָלט דערשינען אַ ייִדישע צייטונג „דאָס נייע לעבן”, האָב איך פּרובירט דאָרט זיך איינ־צואָרדענען אַלס זעצער. אַזוי ווי אומעטום האָבן די זעצערס וואָס האָבן שוין דאָרט געאַרבעט פון פריִער געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף דער אַרבעט און געאַרבעט טאָג און נאַכט, און אַ פרישן נישט געוואָלט צולאָזן.

דער רעדאַקטאָר פון „דאָס נייע לעבן” אין לאָדזש איז דעמאָלט געווען מירסקי, אַ תושב פון קאָוועל, פּוילן, אַ געוועזענער ייִדישער לערער. דורך אַ שוועסטער פון מיינס אַ קאָוולער פריינד (מיין פריינדס שוועסטער איז געווען אַ שילערין אין דער שולע ווו מירסקי איז געווען לערער), האָב איך געפּרוווט אויסנוצן פּראָטעקציע ביי מירסקין כדי צו באַקומען אַרבעט אַלס זעצער אין „דאָס נייע לעבן”. זי האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט: „איך קאָן מיט אים רעדן און ער וועט עס פאַר מיר טאָן, נאָר געדענק, טאָמער ער וועט זיך דערוויסן אַז דו ביסט געלאָפן קיין רוסלאַנד אין 1932 און דו ביסט אַנטלאָפן פון דער אַרמיי און מען זוכט דיך, ביסטו אַ פאַר־פאַלענער...”

איך האָב אָנגעהויבן זוכן וועגן אַוועקצופאָרן פון פּוילן.

אין די קיבוצים האָט מען געשטעלט אַ באַדינג: אַוועקגעבן דאָס קינד אין קיבוץ, זיי וועלן זי צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער אַוועקשיקן קיין ישׂראל און אונדז וועט מען אַוועקשיקן שפּעטער.

דאָס האָבן מיר נישט געוואָלט. מיר האָבן זיך שוין נישט געוואָלט צעשיידן.

איך האָב דורך פּראָטעקציע געקראָגן דעם אַדרעס פון צענטער פאַר עליה פון די רעוויזיאָניסטן. דאָס איז געווען אַ מאַנופאַקטור־געוועלבל אויף זאַוואַדסקע־גאַס. אַ מיטליאָריקער מאַן מיטן נאָמען גאָרדין אָדער אפשר אַ ביסל אַנדערש (צי דאָס איז געווען זײַן אמתער אָדער אויסגעטראַכטער נאָמען, ווייס איך נישט), האָט מיך אויפגענומען און אין גאַנג פון שמועס האָב איך אים דערציילט וועגן מײַנע איבערלעבענישן און געזאָגט, אַז איך מוז פאַרלאָזן פּוילן ווײַל יעדע מינוט קאָן איך אַרעסטירט און צוריקגעשיקט ווערן קיין רוסלאַנד ווו עס דערוואַרט מיר טויטשטראָף.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויף מיר בייז אַ קוק געטאָן און אַ געשריי געטאָן: „טראָצקיסט, אַרויס פון דאַנען!”

ביז הײַנט פאַרשטיי איך נישט, וואָס פאַר אַ שייכות האָט רעוויזיאָניזם מיט סטאַליניזם...

דער זעלבער חברה־מאַן האָט געאַרבעט אַלס פאַרשטייער פון די רעוויזיאָניסטן אין „צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרײַטע יידן” אין מינכען, דײַטשלאַנד, און אויב ער לעבט איז ער אַוודאי אַ מאַכער אין ליכוד אין ישׂראל.

מען קאָן קיין מאָל נישט וויסן, ווער עס איז געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע אויף אַרבעט...

שפּעטער, קומענדיק קיין ביטאָס, האָב איך ווידער געמוזט אָנקומען צו די רעוויזיאָניסטן. האָט דער יונגערמאַן וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם ענין מיר געזאָגט אַז ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון גאָרדינען פון לאָדזש אַז מען זאָל דעם געפערלעכן טראָצקיסט (דאָס האָט ער געמיינט מיך), נישט אַוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד.

דער יונגערמאַן האָט זיך אָבער אויסגעלאַכט און געזאָגט: „אַז יעדער ייִד וואָס וויל פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, דאַרף מען אים אַוועקשיקן”.

כ׳האָב אָנגעהויבן נישט שלאָפן קיין נעכט. איך האָב זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר מענטשן. כ׳האָב חושד געווען און איך גלויב ביז הײַנט, אַז דער טוער פון די רעוויזיאָניסטן אין לאָדזש וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער אומלעגאַלער עליה פון ייִדן פון פּוילן קיין ישׂראל, איז אַן אַגענט

פון דער נקוו״ד. מײַן טרייסט איז געווען וואָס איך האָב אים נישט געזאָגט מײַן פאַמיליע־נאָמען און מײַן אַדרעס.

איך האָב באַשלאָסן מער קיינעם נישט צו דערציילן מײַנע איבער־לעבענישן.

כ׳האָב געפונען אַן אַמאָליקן חבר פון לאָדזש, איצט אין ישׂראל, וואָס האָט מיט אַ שותּף געהאַט אַ שאַכטל־פאַבריק. ער האָט מיר געגעבן אַרבעט און מיר האָבן פאַרדינט אויף אונדזער אויסקומעניש.

אין לאָדזש האָט מען דעמאָלט געקאָנט קופן פון אַלעם גוטן: געַנדז, קאַטשקעס, ווײַס ברויט, אַפילו פּאָמעראַנצן און שאָקאָלאַד. מײַן טאָכטער האָט דאָס אַלץ געזען צום ערשטן מאָל.

אין יענער צײַט האָט מען אין לאָדזש געקאָנט זען אַ ייִדישע טעאַטער־פאָרשטעלונג, גיין צו אַ פאָרלעזונג. עס זענען געקומען פאָרשטייערס פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. אַ טייל פון זיי האָבן געטרייסט, אַ טייל האָבן געוואָלט איַינרעדן אַז אין פּוילן וועט ווידער אויפבליִען אַ ייִדיש לעבן.

טאָג־אײַן טאָג־אויס זענען דורך לאָדזש אַדורכגעפאָרן עשאַלאָנען פון רוסלאַנד. אַ גרויסער טייל פון די געקומענע האָבן זיך באַזעצט אין לאָדזש. אין די קלענערע שטעטלעך איז געווען אַ געפאַר אַרײַנצופאָרן. עס האָט אויסגעזען אַז אַ סך פון די געקומענע וועלן פאַרבלײַבן אין פּוילן.

עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן אויפריכטיק געמיינט אַז אין פּוילן וועט ווידער אויפגיין אַ ייִדיש לעבן, נאָר ליידער האָט די ווירקלעכקייט באַוויזן אַז אונטערן קאָמוניזם קאָן נישט אָנהאַלטן קיין ייִדיש לעבן.

דער קאָמוניזם אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד וויל אײַנשלינגען און פאַרדייען אַלץ, וואָס איז נישט רוסיש און שאַפן איין פאָלק און איין קולטור — אַ רוסיש־סאָוויעטישע.

פּונקט אַזוי וויל דער פּוילישער קאָמוניזם שאַפן איין פאָלק און איין קולטור — אַ פּוילישע, ביז זי וועט אײַנגעשלינגען ווערן דורך דעם רוסישן און פאַרדייעט ווערן...

איך האָב גענומען וואַנדערן אין מײַן „באַליבטן״ לאָדזש, אין מײַן אויסגעחלומט לאָדזש, וואָס האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט יאָרן און יאָרן...

מײַנע באַליבטע גאַסן: די זגערזשער, אַלעקסאַנדערער, דער באַלוטער מאַרק און אַנדערע גאַסן און געסלעך פון באַלוט און אַנדערע טײלן פון לאָדזש. די הילצערנע הײַזער זענען נאָך פאַרניכטעט געוואָרן דורך די ייִדן אין געטאָ אויף ברען־מאַטעריאַל און די הײַזער וואָס זענען על־פּי נס גע־בליבן גאַנץ, זענען דורך באַנדעס פּוילישע וואַנדאַלן שוין נאָך דער מלחמה צענומען געוואָרן. זיי האָבן געזוכט ייִדישע „באַהאַלטענע פאַרמעגנס", וואָס זענען כּלומרשט אײַנגעמויערט געוואָרן אין די ווענט און פּאַדלאָגעס. דאָס האָלץ איז פאַרקויפט געוואָרן אויף באַהייצונג. זיי האָבן זיך גענומען צו געמויערטע הײַזער, געריסן שטיקער און נישט איין מאָל האָבן זיי פונאַנ־דערגענומען הײַזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט גרעסטעוועטע ייִדן פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און געצוווּנגען די מענטשן צו פאַר־לאָזן זייערע היימען. ווי קיין מאָל גאָרנישט זענען זיי אָנגעגאַנגען מיט זייער צעשטערערישער אַרבעט: די מאַכט האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק און געשוויגן.

עפּעס זענען די גאַסן אין מײַנע אויגן געוואָרן שמעלער. די נאָוואָ־מיעיסקע־גאַס, וואָס האָט אַמאָל געשוויבלט מיט ייִדן, ייִדישע געשעפטן, מיט ייִדישן מסחר, אַ געלויף און געטומל פון ייִדן — איז איצט געווען ווי אויסגעשטאָרבן. די אײגנטימערס פון די געשעפטן — פּאָלאַקן.

איך האָב באַזוכט, אַנדערש געזאָגט, געגאַנגען אויף קבר־אָבות אין די הײַזער ווו עס האָבן געוווינט מײַן פרויס עלטערן, מײַן שוועסטער, מײַן געוועזענע היים, אין די הײַזער ווו עס האָבן געוווינט פעטערס און מומעס, קוזינען און קוזינקעס. טייל הײַזער — חורבות, אין די וווינונגען וואָס זענען געבליבן גאַנץ, האָבן געוווינט פּאָליאַקן. זיי האָבן זיך געשווירן אַז זיי האָבן פון גאָרנישט געוואָסן. זיי האָבן, זאָגן זיי, געהאָלפן אונדזערע נאָענט־סטע אין דער געטאָ; אין אַ טייל הײַזער האָט מען פּשוט נישט אַרײַנגע־לאָזט און מיר געזידלט באשר „די ייִדן גייען ווידער איבערנעמען פּוילן".

עס זענען אָנגעקומען עשאַלאָנען פון סאַראַטאָוו. איינער מיט וועלכן איך האָב „געאַרבעט" אין „וואָיענסטראָי" האָט מיר דערציילט אַז מען האָט אויסגעלייענט פאַרן גאַנצן עולם אַז פאַר דעזערציע האָט מען מיך פאַר־

משפּט אונטער די אויגן אויף זיבן יאָר לאַגער, און אויך אַז די נקוו״ד־לײַט האָבן געמאַכט אַ רעוויזיע אין מײַן געוועזענער וווינונג, דאָרט געזוכט און גענישטערט, און מען האָט אַרויסגעשיקט נאָך מיר „שטעק״־בריוו. אַלע נאַטשאַלניקעס מיט דער ליפּינאַ זענען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער נקוו״ד.

איך האָב ווידער פאַרלוירן מײַן גלײַכגעוויכט, זיך גענומען שרעקן פאַר יעדן שאָרך, און באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּוילן.

## באַגעגענישן אין לאָדזש

אָט זיצן מיר בײַ אַ גלאָז טיי בײַ מיר אין דער פּאַרקאָפּטשעטער שטוב. איך און אַ לאָדזשער יונגערמאַן מיט וועלכן איך בין צוזאַמען געזעסן אין סלאַוווט, געווען צוזאַמען אין סאַראָוו און אין „טרובסטראָי״.

ער דערציילט זײַן געשיכטע:

„אַליין אַ בעקער פון לאָדזש, שטאַמט פון אַ חסידישער פאַמיליע. עס איז אים מיאוס געוואָרן שטענדיק צו פירן מלחמה מיט טאַטע־מאַמע — זיי האָבן געוואָלט ער זאָל גיין אין זייער וועג — דעם ייִדישן וועג, לויט זייער אויפפאַסונג — פאָרן לערנען אין אַ ישיבה, אויב נישט זאָל ער ווערן אַ סוחר. אים האָט געצויגן צו אַן אַנדער וועלט. ער איז געוואָרן אַ בעקער און דאָס איז געווען אַ פלעק אין דער משפחה. מען האָט אים פשוט אַרויס־געטריבן פון שטוב און קיינער פון דער משפחה האָט פון אים נישט געוואָלט וויסן.

אין 1932, אַלט זײַענדיק 19 יאָר, אַנטלויפט ער אין סאָוויעטן־פאַר־באַנד. מאַכט דורך סלאַוווט, אין סאַראָוו אַרבעט ער אין דער בעקערײַ, פאַרשטייט זיך, אַז זײַן לעבן דאָרט איז לײַכטער ווי פון די אַנדערע. אין „טרובסטראָי״ אַרבעט ער בײַ שווערער אַרבעט: גראָבט גריבער, פירט שטיינער און ווען מ׳האָט אָנגעהויבן דערלויבן זיך אײַנצואָרדענען בײַ פאַכן, פאָרט ער קיין סווערדלאָווסק, קריגט אַרבעט אין אַ בעקערײַ, דינגט זיך אַ צימער בײַ אַ רוסישער פאַמיליע און איז פון די צופרידענע...

אין 1937 האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן, צום ערשטן אין „טרוב־סטראָי״, ווו עס האָבן געלעבט עטלעכע טויזנט „אַריבערלויפערס״. אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן אין סווערדלאָווסק און אין אַלע אַרומיקע בויונגען ווו עס האָבן געוווינט „אַריבערלויפערס״.

ער איז געוואָרן פאַרצווייפלט. יעדע נאַכט פאַרשווינדן אַנדערע חברים מיט זייערע פרויען און קינדער. קיין סווערדלאָווסק האָבן אָנגעהויבן קומען פרויען מיט קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך על־פּי נס געראַטעוועט און אָנגעהויבן דערציילן וועגן גרויליקע מעשׂים פון דער נקוו״ד לגבי די „אַרי־בערלויפערס״...

ער האָט מורא געקריגן צו שלאָפן אין דער היים. עטלעכע נעכט האָט ער אַרומגעוואַנדערט אין די פּאַרקן און גאַסן פון סווערדלאָווסק. ווי לאַנג קאָן מען אַזוי אַרבעטן בייַ טאָג און אַרומוואַנדערן בייַ נאַכט? עס איז אים נישט אייַנגעפאַלן אַז אַרעסטירן קאָן מען אים אין מיטן העלן טאָג און טאַקע בייַ דער אַרבעט.

אין דער בעקערייַ האָט ער געאַרבעט מיט אַ רוסיש מיידל. ער האָט מיט איר אַרומגעפלירטעוועט. ער האָט איר אָנפאַרטרויט דעם סוד, אַז יעדע מינוט קאָן ער אַרעסטירט ווערן און אַז ער וואַנדערט אַרום גאַנצע נעכט אין די פּאַרקן. זי האָט אים גענומען צו זיך. ער האָט אויפגעהערט אַרבעטן, געוווען „פאַרשטעקט״ אויף אַ „רוסישן אויוון״ צוויי יאָר צייַט. זי האָט גע־אַרבעט און אים אויסגעהאַלטן. זי האָט געבוירן פון אים אַ קינד. און אַזוי האָט ער איבערגעלעבט די שרעקלעכע צייַט, נישט אין בונקער, נאָר אויף אַ „רוסישן אויוון״. זי האָט פאַר אים באַקומען אַ פאַלשן פּאַס מיט אַ מילי־טערישן בילעט, אַז ער איז אַן עכטער רוס און געבוירן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

די מלחמה האָט ער אַדורכגעמאַכט אין רוסישן מיליטער, אַלס עכטער „אַריער״...

איצט האָט אים אָנגענומען אַ בענקשאַפט: ער האָט געבענקט נאָך טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטערס, פעטערס און מומעס, קוזינען און קוזינקעס, נאָך זייַנע אַמאָליקע חברים פון חדר, פון דער אַרבעט, פון דער באַוועגונג און סתם באַקאַנטע. ער האָט געבענקט נאָך לאָדזש, נאָך די גאַסן,

ווו ער האָט פאַרבראַכט זײַן יוגנט. ער האָט געוווּסט, וואָס די דײַטשן האָבן אָפּגעטאָן צו די ייִדן, דאָך האָט ער געמיינט אַז אפשר דאָך וועט ער עמעצן געפינען.

ער האָט אַן ענלעכן חורבן דורכגעלעבט אין די יאָרן 1937־38 אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווו אַלע זײַנע פרײַנד און באַקאַנטע זענען אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן אין די קעלערן פון דער נקוו״ד, אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין די טויטן־לאַגערן.

עס האָט זיך פאָרט על־פּי נס אָפּגעראַטעוועט דאָ און דאָרט אַ צעבראָ־כענער, קראַנקער זקן. אַ סך פון די געראַטעוועטע זענען געשטאָרבן נאָך דער באַפרײַונג אויף האַרץ־ אָדער לונגען־קראַנקייטן. ער איז געווען זיכער אַז דאָס זעלבע איז אויך געשען בײַם דײַטש און ער וועט אפשר געפינען עמעצן פון זײַנע נאָענטע.

ער האָט די מלחמה־יאָרן פאַרבראַכט אויפן ווײַטן מזרח און ווען ער איז דעמאָביליזירט געוואָרן, האָט ער אויסגעגראָבן דעם אַלטן פּאַס, זיך געזעגנט מיטן ווײַב און מיט זײַנע צוויי קינדער און געקומען קיין לאָדזש.

ווען ער האָט דערזען דעם חורבן און פון זײַן גרויסער פאַמיליע נישט געפונען קיין לעבעדיקן, איז ער אין אַ וואָך שפּעטער געקומען צו מיר און זיך געזעגנט און געזאָגט: „איך פאָר צוריק צו מײַן פרוי און מײַנע קינדער״. ביזן אַהיימקומען בין איך געצוווּנגען אָנצוהאַלטן מײַן ריכטיקן נאָמען, און אַזוי ווי איך קום אַהיים, רײַס איך איבער מיט מײַן פאַרגאַנגענהייט. אויס, אַלץ אויס. אויס ייִד, אויס פּוילן, אויס פאַמיליע, אויס פרײַנד. אַכט יאָר האָב איך געלעבט מיט אַ פאַלשן נאָמען, איך האָב די אַלע יאָרן געהאַסט מײַן פאַלשן נאָמען, געהאָפט צו דערלעבן דעם טאָג, ווען איך וועל ווידער קאָנען ווערן איך, און איך וועל פאַר יעדן איינעם קאָנען זאָגן אַז איך בין יאָסל, יאָסל, יאָסל, דער זון פון נתן און שׂרה.

איצט וועל איך אָפּמעקן דעם נאָמען יאָסל, איך וועל זאָגן יעדן איינעם אַז איך בין איוואַן, איוואַן, איוואַן, דער זון פון סערגיי און מאַרושאַ און מײַנע קינדער וועלן קיין מאָל נישט וויסן אַז דער נאָמען פון זייער פאָטער איז נישט איוואַן, נאָר יאָסל, אַ ייִד, אַ זון פון פרומע עלטערן וואָס דער

חורבן־סטאַלין און חורבן־היטלער האָבן אויף אים אַרויפגעצוווּנגען אָנצו־נעמען דעם נאָמען איוואַן און פאַרלייקענען זײַן ייִדישקייט".

ער האָט זיך צעוויינט. ער איז צוריק אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד מיט זײַן פרוי און קינדער. מער פון אים האָב איך נישט געהערט.

אין ישׂראל האָב איך געטראָפן זײַנס אַ קוזינע וואָס איז אויך אין 1932 אַנטלאָפן מיט אַ מאַן קיין רוסלאַנד, געוווינט אין „טרובסטראָי", דאָרט געבוירן אַ טאָכטער. דער מאַן, אַ לאָדזשער שנײַדער, איז אין 1937 אַרעס־טירט געוואָרן און אומגעקומען אין אַ לאַגער. זי האָט זיך געראַטעוועט, ווײַל דאָס קינד איז אַלט געווען עטלעכע וואָכן. אין 1946 קומט זי צוריק קיין פּוילן און פאָרט קיין ישׂראל. וועגן איר קוזין האָט זי נישט געוווּסט אַז ער האָט זיך געראַטעוועט און זי האָט באַדויערט וואָס ער איז צוריק אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

שוויענטי יאַקובאַ־גאַס 16 איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר די געקו־מענע פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. דאָ האָט מען געקאָנט באַקומען אַ נאַכט־לעגער און אָפּצועסן. איין מאָל, זיצנדיק בײַ אַ טיש מיט מײַן פרוי און טאָכטער, דערזע איך בײַ אַ צווייטן טיש אַ פרוי און זי האַלט אין האַנט אַ בלעכענע שאַכטל פון קאָנסערוון און פּרובירט עפּעס אַרויסנעמען פון שאַכטל מיט אירע לאַנגע פינגער.

אין דער זעלבער רגע האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב ערגעץ געזען אַזעלכע פינגער, פינגער ווי בײַ אַ פּיאַניסטין.

איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מײַן פרוי: „האָסטו שוין אַ מאָל געזען אַזעלכע לאַנגע פינגער?"

מײַן פרוי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און געענטפערט: „גיי שוין, גיי".

איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון טיש, צוגעגאַנגען צו דער פרוי און גייענדיק די עטלעכע טריט זיך דערמאָנט, ווער עס איז די אייגנטימערין פון די פינגער. איך האָב אַ געשריי געטאָן: „שׂרה!"

זי האָט מיך גלײַך דערקענט און מיט אַ ווילד געשריי צוגעפאַלן צו מיר. די ערשטע ווערטער אירע זענען געווען: „און דו האָסט זיך געראַטעוועט! וואָס איז מיט דײַן פרוי און קינד?‟

איך האָב זי באַרויִקט, צוגעפירט צום טיש ווו עס זענען געזעסן מײַן פרוי און טאָכטער. דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן שוין פון ביידע זײַטן געוויינען און געשרייען. אַלע אין זאַל האָבן גענומען קוקן אויף אונדזער זײַט. אַזעלכע סצענעס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סך, ווען משפחה, באַקאַנטע אָדער פרײַנד האָבן זיך באַגעגנט און יעדער צד איז געווען זיכער, אַז יענער איז שוין לאַנג אומגעקומען בײַם דײַטש, אָדער פאַרפאַלן געוואָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

מיר וועלן זי רופן שׂרה. אַ לאָדזשער מיידל, אַ שנײַדערין, פון באַלוט. געבוירן בײַ אַרבעטס־מענטשן. דער פאָטער איז יונגערהייט געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַן אַלמנה מיט עטלעכע קליינע קינדער.

די מוטער איז אַוועק אַרבעטן. מיט אירע פאַרדינסטן נישט געקאָנט אויסהאַלטן אַ שטוב און מפרנס זײַן אירע קינדער. שׂרה איז געווען דאָס עלטסטע קינד. איז די מוטער געווען געצוווּנגען זי אַרויסצונעמען פון דער שולע און זי אַוועקגעבן אין דער „לער‟ צו אַ שנײַדערין און מיט אירע „פאַרדינסטן‟ העלפן אויסהאַלטן די משפחה.

שׂרה איז געווען אַ טרוימערין, שטענדיק געחלומט פון לערנען זיך.

בײַ טאָג האָט שׂרה געאַרבעט און אין דער פרײַער צײַט געלערנט, געוואָרן אַרײַנגעצויגן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג און פּאַנ־טאַזירט וועגן דער צײַט, ווען זי וועט ענדלעך האָבן די מעגלעכקייט זיך ווײַטער צו לערנען.

אין 1932 האָבן זיך, ווי מיר ווייסן, פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס עס שטייט פאַר יעדן איינעם וועלכער קומט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. דערצו — אַז די סאָוויעטישע גרענעץ איז אָפן און מען דאַרף נאָר שמוקלען די פּוילישע גרענעץ איז מען שוין אין גן־עדן.

שׂרה האָט גענומען זאַמלען געלט און זיך גרייטן אין וועג אַרײַן אָן דעם וויסן פון איר מוטער ווײַל די מוטער האָט זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון זיך. שׂרה האָט זיך צופעליק באַקענט מיט מײַן פרוי וועלכע האָט שוין

געהאַט אַ ברודער און אַ שוועסטער אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד און זיי האָבן זיך געפֿונען אין סאַראַטאָווער לאַגער. זיי האָבן געשריבן בריוו פֿון סאַראַטאָווו, וועגן „גליקלעכן לעבן" און וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס עס שטייט זיי פֿאָר, נאָר צום מערסטן בענקען זיי נאָך דער מומע פּעסע (פּעסע איז געווען די בעקערין אויף מרדכי גבאַי׳ס גאַס 22, אין לאָדזש).

שׂרה און מײַן פֿרוי האָבן זיך אויסגעלאַכט פֿון ברויט... זיי שטייט פֿאָר אַ פֿרײַ, גליקלעך און צופֿרידן לעבן מיט דער מעגלעכקייט זיך צו לערנען און טאַקע העלפֿן בויען סאָציאַליזם... זיי האָבן זיך אויסגעטײַטשט אַז מײַן פּרויס שוועסטער איז שטענדיק געווען אַ קלייַנבירגערלעכער טיפּ און אַז זי פֿאַרשטייט נישט אַז פֿאַר פֿרײַהייט מוז מען מקריב זײַן באַקוועמ־לעכקייטן...

שׂרה און מײַן פֿרוי האָבן געשאַפֿן אַ גרופּע פֿון צוועלף מאַן, צום מערסטן מיידלעך. זיי האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט די שמוקלערס אויף פּראַנ־צישקאַנער־גאַס, טאַקע אין האַרץ פֿון באַלוט, אַדורכגעקומען מיטן פּרײַז ווײַל מען האָט זיך מיט די שמוקלערס געקאָנט האַנדלען. און זיי האָבן אין אַ מזלדיקער שעה פֿאַרלאָזט לאָדזש און אויפֿן דריטן טאָג זיך געפֿונען אין לאַנד פֿון זייער טרוים, געקושט די סאָוויעטישע ערד. די מיידלעך האָבן אַפֿילו גענומען קושן די הענט פֿון די גרענעץ־וועכטערס, נאָר די שטרענגע בליקן און דער חוזק האָבן אָפּגעקילט דעם ענטוזיאַזם פֿון די אַריבער־געקומענע. די ערשטע נאַכט: געשלאָפֿן אויף דער פֿאָדלאָגע אונטער אויס־געשטרעקטע ביקסן, 400 גראַם שוואַרץ ברויט מיט אַ שטיקל האַרטן צוקער מיט קיפּיאַטאָק (הייס וואַסער) האָט געזאָגט אַ סך. אָבער דעמאָלט האָט עס קיינער נישט באַמערקט און נישט געוואָלט באַמערקן. יעדער איז געווען אַרײַנגעטאָן אין זײַנע חלומות און זײַנע האָפֿענונגען.

דאָס וואָס די סאָוויעטישע הערשערס האָבן דורך די 15 יאָר, ד"ה פֿון 1917 ביז 1932 געוואָלט שאַפֿן אַ פֿאָלק וואָס גייט אין שפּאַן, איז געהאַרכזאַם, האָט נישט קיין אייגענע מיינונג, זאָגט יאָ — ווען מען הייסט; שמייכלט, ווען מען הייסט; שרײַט הוראַ! — ווען מען הייסט, שרײַט: „נידער מיט די שׂונאים פֿון פֿאָלק" — ווען מען הייסט; דאָס האָבן די קאָמיסאַרן וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט „אַריבערלויפֿערס" געוואָלט דאָס מאַכן אויפֿן אָרט.

און שׂרה און מײַן פרוי דערציילן ווײַטער זייער יסורים־וועג:

זיי האָבן אונדז דערנידעריקט, אַרײַנגעוואָרפן אין די ערגסטע באַדינגונ־גען, צוגענומען אַלץ, וואָס האָט געהאַט פאַר אונדז אַ ווערט, נישט געגעבן צו עסן, נישט געלאָזט זיך וואַשן, לײַז און ווערעם האָבן געגעסן אונדזער לײַב. דורכן פענצטער וואָס אַ חוץ אײַזערנע קראַטן איז געווען צוגעקלאַפּט צו זיי אַ בלעך און דורך די שפּאַרונעס האָט מען געזען ווי מענטשן מיט זעק איבער די קעפּ ווערן געשלעפּט אונטער אַ קאָנוואָי פון רויטאַרמייערס און זייערע געשרייען און געוויינען פאַרהילכן דעם אַרום.

מיר האָבן געהונגערט, טאָג און נאַכט גערעדט וועגן עסן, זיך דערמאָנט וואָס פאַר אַ עסנס מיר האָבן געגעסן אין פּוילן און אַפילו געחלומט וועגן עסן. איך גלויב אַז ווען מען וואָלט אונדז דעמאָלט יעדן באַזונדער, אָדער אַלע צוזאַמען אַ פרעג געטאָן: „קלײַבט אײַך אויס צו עסן צו דער זאַט, איר קאָנט באַקומען וואָס איר ווילט נאָר" — וואָלט יעדער איינער פון אונדז, אָדער אַלע צוזאַמען אויסגעשריגן: „ברויט צו דער זעט!"

פּרצעס „באַנטשע" האָט געוואָלט אַ בולקע מיט פּוטער. מיר, די נעכטי־קע בונטאַרן, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן איבערצואַנדערשן די וועלט, וואָלטן נאָך עטלעכע וואָכן „געהירן וואַשן" און „איבערצײַגונג לויטן סאָוויעטישן שטייגער", געווען צופרידן מיט שוואַרץ, קלעפּיק ברויט צו דער זעט...

שׂרה האָט זיך נישט אײַנגעבראָכן. זי האָט געגלויבט און געפילט אַז עס וועט נישט שטענדיק קאָנען אָנגיין אַזאַ אַרט איבערדערציִונג ווײַל אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען נישט אויסהאַלטן מער ווי אַ חודש צוויי און עס לייגט זיך נישט אויפן שׂכל אַז זיי זאָלן אונדז האָבן אַרײַנגענאַרט און אונדז אומברענגען אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופן. זי איז געווען גערעכט.

אין סאַראַטאָווער לאַגער איז שׂרה געווען פון די געציילטע וואָס זענען געגאַנגען אַרבעטן אין שפּיטאָל. זיך גענומען לערנען רוסיש, פּאָליט־גראַ־מאַטע וואָס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין לעבן פון די אַריבערגע־קומענע. מען האָט געמוזט לערנען די געשיכטע פון דער פּאַרטיי, יעדן אָפּנייג פון דעם, אָדער יענעם פּאַרטיי־טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי־ליניִע.

מען האָט געדאַרפֿט וויסן דעם אונטערשיד צווישן בוכאַרינס, זינאָוויעווס, קאַמעניעווס און אַנדערע אָפּנויגן פֿון דער פּאַרטיי־ליניע. מען האָט גע־דאַרפֿט וויסן און אונטערשיידן צווישן רעכטע און לינקע אָפּנויגן און „קנייטשן"... מען האָט געדאַרפֿט וויסן יעדן אַרויסטריט פֿון דעם אָדער יענעם פּאַרטיי־טעאָרעטיקער אויף יעדן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר און אין וואָס עס איז באַשטאַנען די „זינד" קעגן דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי־ליניע. טראָצקיס נאָמען האָט מען נישט געטאָרט דערמאָנען. סטאַלינען האָט מען געדאַרפֿט בײַ יעדער געלעגנהייט דערמאָנען מיט ליבע און דאַנקען פֿאַרן גוטן לעבן...

בכדי אָנגענומען צו ווערן אַ מאָל אין אַ הויכשול איז די הויפּט־זאַך געווען אָט די תּורה. און דאָס האָט שׂרה געלערנט. מען האָט געמוזט זײַן פֿאַרזיכטיק נישט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַ וואָרט ווײַל צווישן די אַריבער־לויפֿערס אין סאַראָוו האָבן זיך געפֿונען מענטשן, וואָס זענען געוואָרן די „אויערן" פֿון דער נקוו"ד.

אין „סטרובסטראָי" איז שׂרה געווען אַ קענערין אויף דרײַ געביטן: אַ קראַנקן־שוועסטער, געקענט רוסיש, געוווּסט ווען מען דאַרף ליבן און ווען מען דאַרף „האַסן"...

זי הייבט אָן אַרבעטן אין שפּיטאָל אַלס קראַנקן־שוועסטער, לערנט זיך ווײַטער און ווען עס ווערט אַרונטערגענומען דער שווערער רעזשים און עס ווערט דערלויבט געוויסע מענטשן צו פֿאָרן אַרבעטן און זיך לערנען, פֿאָרט שׂרה קיין סווערדלאָווסק, האַלט אויס דעם עקזאַמען אין דאָרטיקן מעדי־ציניש איַנסטיטוט און הייבט זיך אָן לערנען.

באַלד נאָכן באַקומען איר צײַגעניש אַלס דאָקטאָר־מעדיצין הייבן זיך אָן די אַרעסטן. שׂרה ווערט אַרעסטירט. מען באַשולדיקט זי אַז זי איז געווען געשיקט פֿון פּוילן אַלס שפּיאָן און אַנדערע חטאים. זי ווערט פֿאַרמשפּט אויף 10 יאָר לאַגער און ווערט פֿאַרשיקט קיין קאַראַגאַנדאַ־אוגאָלנאַיאַ (צפֿון־קאַזאַכסטאַן) אין אַ פּרויען־לאַגער, ווו עס געפֿינען זיך דאָקטוירים, געלערנטע אויף פֿאַרשידענע געביטן און פֿרויען פֿון אומגעבראַכטע פֿירערס פֿון דער פּאַרטיי.

דער רעזשים איז אַ שווערער. מען יאָגט זיי אויף אַרבעט אין די קוילן־גרובן, דאָס עסן איז שרעקלעך, די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען שרעקלעכע, די שטערבלעכקייט איז גרויס, קיין מעדיצינישע הילף איז נישטאָ.

בײַם אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערן צוזאַמענגענומען ביז צוויי טויזנט פרויען פון עטלעכע אַזעלכע שטראָף־לאַגערן אין קאַראַגאַנדאַ־אוגאָלנאַיאַ און ווערן געפירט אויף אַ „טויטן־מאַרש" פון קאַראַגאַנדאַ־אוגאָלנאַיאַ ביז נאָוואַיאַ זעמליאַ.

נאָך עטלעכע חדשים מאַרשירן אויף די אומענדלעכע שטרעקעס פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, זענען צום נײַעם ווינאַרט אָנגעקומען עטלעכע פערציק האַלב־טויטע, אויסגעמאַטערטע סקעלעטן. דאָס עסן אויפן וועג איז געווען 200 גראַם שוואַרץ ברויט אַ טאָג, אַ ביסל הייס וואַסער און אַ מאָל אַ קרויט־זופּ. זיי האָבן זיך דערנערט מיט גראָזן און יעדן טאָג זענען געשטאָרבן צענדליקער פרויען פון דיזענטעריע און אויסגעמאַטערטקייט.

שׂרה איז געווען צווישן די עטלעכע פערציק אומגליקלעך געראַטעװעטע פרויען. און דאָ, אין נײַעם לאַגער, האָט זי געמוזט אָנהייבן אַלץ פון דאָס נײַ. זי האָט געוווּסט אַז פון איר נײַעם ווינאַרט גייט זעלטן ווער אַרויס אַ לעבעדיקער. נאָך שווערע מאַטערנישן ווערט זי ענדלעך צוגעלאָזט צו אַרבעטן אין שפּיטאָל, צו ערשט אַלס קראַנקן־שוועסטער און דערנאָך אַלס דאָקטער.

זי גיט זיך אָפּ מיט פלײַס צו דער אַרבעט און מיט אַלע אירע כּוחות איז זי גרייט 24 שעה אין מעת־לעת צו העלפן די אויסגעהונגערטע, האַלב־טויטע, אומשולדיק פאַרמשפּטע, וואָס זענען אַהער פאַרשיקט געוואָרן צו פאַרענדיקן זייער לעבן.

די מלחמה־יאָרן געפינט זי זיך אַלץ אין זעלבן לאַגער אַלס לאַגער־דאָקטער. „דור הולך ודור בא". מען שטאַרבט און מען ברענגט פרישע. אויף דער פרײַ גייט זעלטן ווער פון דאָ אַרויס. די טויטע ווערן דורך ספּעציעלע בריגאַדעס באַגראָבן און קיינער לאָזט נישט קיין טרער.

זומער קומען פרישע עשאַלאָנען מיט אַרעסטאַנטן. דורכן ווינטער ווערן זיי אײַנגעשלונגען. און אַזוי גייט עס אָן יאָר־אײַן, יאָר־אויס. אַלץ קלאַפּט ווי אַ זייגער. די נקוו"ד און די אַזוי גערופענע „געריכטן" זענען די

צושטעלערס פון דער „לעבעדיקער סחורה״ און די פירערס פון די לאַגערן „צעמאָלן״ „די לעבעדיקע סחורה״ לויט די פּלענער צוגעשטעלטע פון מאָסקווע און זיי באַמיִען זיך אויסצופירן די נאָרמעס אויף 200 פּראָצענט. דערפאַר באַקומען זיי מעדאַלן, פירן אַ פאַרשווענדעריש לעבן מיט אָרגיעס ביז זיי ווערן אַליין צעמאָלן...

אין די מלחמה־יאָרן האָט מען יאָ אַרויסגעשיקט פון די לאַגערן אין „נאָוואַיאַ זעמליאַ״ גרופּעס פריַיוויליקע צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. יעדער האָט זיך געריסן צום פראָנט. מענער און פרויען, יונגע און אַלטע, האָבן אָנגעגעבן ביטעס מען זאָל זיי מאָביליזירן אין דער רויטער אַרמיי און שיקן אויפן פראָנט. זייער טענה איז געווען: עס איז בעסער אומצוקומען פון שונאס קויל ביַים פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, איידער אומצוקומען פון הונגער, שווערער אַרבעט און שמוץ אין לאַגער, אַלס שונא פון פאָלק.

די זכיה צו גיין אויפן פראָנט האָבן נאָר געהאַט קרימינעלע פאַר־ברעכערס.

די איינצלנע לעבן־פאַרבליבענע פון 1937־38 האָבן אַפילו נישט גע־טאָרט חלומען וועגן אָט דער זכיה.

שׂרה רעדט מיטן נאַטשאַלניק פון לאַגער אַז זי וויל פאַרטיידיקן איר פאָטערלאַנד. זי, אַלס דאָקטאָרין, קאָן אַ סך אויפטאָן ביַי ראַטעווען פאַר־וווּנדעטע. זי איז גרייט צו גיין אויף די ערשטע ליניעס.

דער נאַטשאַלניק האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגן און איר געענטפערט: אַז זי, ווי אַ שׂונא פון פאָלק און פאַרמשפּטע לויט דער סטאַטיאַ 58, פּונקטן 6 און 7, ד״ה שפּיאָנאַזש און שעדיקעריַי, קאָן נישט געשיקט ווערן אויף קיין שום אַרבעט אויסער די גרענעצן פון „נאָוואַיאַ זעמליאַ״.

ביז אָנהייב 1944 אַרבעט זי אַלס דאָקטאָרין אין לאַגער־שפּיטאָל. מאַכט זיך אַ מעשׂה אַז דעם נאַטשאַלניקס פרוי ווערט שווער קראַנק. שׂרה גיט זיך אָפּ מיט איר לאַנגע חדשים. דער נאַטשאַלניק זאָגט איר צו אַז אויב זיַין פרוי וועט געזונט ווערן, וועט ער זען אַז זי זאָל באַפריַיט ווערן פאַר דער ציַיט. אַנדערש געזאָגט, זי וועט אויסבראַקירט ווערן אַלס שווער קראַנקע און אָפּגעשיקט ווערן אַהיים.

און דער נס איז געשען. קיין מעדיצינען צום היילן די קראַנקע זענען נישט געווען. זי האָט אָבער געטאָן אַלץ וואָס עס איז געווען מעגלעך צו טאָן אין יענע אומשטאַנדן: אַכטונג געגעבן אויף דעם נאַטשאַלניקס פרוי טאָג און נאַכט. און זי איז געזונט געוואָרן.

דער נאַטשאַלניק האָט געהאַלטן וואָרט: זי איז דורך אַ קאָמיסיע מיט דער גוטהייסונג פון לאַגער־נאַטשאַלניק אויסבראַקירט געוואָרן אַלס לונגען־קראַנקע. ער האָט איר געגעבן אַ פּראָפּוסק קיין לעמבערג און אין יאָר 1945 איז שׂרה, נאָכן אָפּזיצן אַכט יאָר אין פאַרשידענע לאַגערן באַפרייַט געוואָרן. זי איז געקומען קיין לעמבערג און פון דאָרט קיין לאָדזש.

אין פּוילן איז זי לאַנג נישט געבליבן. זי איז אַוועק קיין ישׂראל, צוריק זיך אייַנגעשפּאַנט אין לערנען, נאָך אַ מאָל באַלייגט עקזאַמען אַלס דאָקטאָר און זי אַרבעט אין קופּת־חולים ערגעץ אין אַ שטאָט אין ישׂראל און פּרוּווט פאַרגעסן די קאָשמאַר־יאָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אָבער עס פאַרגעסט זיך נישט...

קומענדיק קיין לאָדזש האָט יעדער צוריקגעקומענער, סייַ פון די דייַטשע לאַגערן, סייַ פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, זיך פאַרנומען מיט זוכן קרובים. יעדער איינער האָט געהאָפט, אַז אפשר איז דאָך עמעץ פון זייַנע אייגענע, באַקאַנטע אָדער פרייַנד געבליבן לעבן. מען האָט זיך פאַרנומען מיט קוקן אין די פּנימער פון די דורכגייערס, האָפנדיק אַז אפשר וועט מען דערזען אַ באַקאַנט פּנים.

אין איינעם אַ טאָג, זייַענדיק אין דער ייִדישער גמינע און דורכקוקנ־דיק די ליסטעס פון די לעבן־געבליבענע, האָב איך געפונען נעמען, וואָס לויט אַלע וואַרשייַנלעכקייטן האָבן זיי געדאַרפט זייַן מייַנס אַ קוזין און אַ קוזינע. איך בין אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס און טאַקע געפונען אַ קוזין מיט אַ קוזינקע.

מייַן קוזין מיט אַ פרוי און איין קינד האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער ערגעץ אין ווייַס־רוסלאַנד און מייַן קוזינקע איז מיט איר מאַן

געוועזן פאַרשיקט אין קאַמי־סאַס״ר. דער מאַן אירער איז געשטאָרבן אין קאַמי און מײַן קוזינקע איז מיט דער פּוילישער אַרמיי צוריקגעקומען קיין לאָדזש.

סײַ מײַן קוזין מיט זײַן פאַמיליע, סײַ מײַן קוזינקע זענען אָנגעקומען קיין לאָדזש אין די ערשטע טעג ווען לאָדזש איז באַפרײַט געוואָרן. זיי האָבן פאַרכאַפּט גוטע וווינונגען וואָס האָבן אין די מלחמה־יאָרן באַלאַנגט צו דײַטשע מיליטער־לײַט, פאַרכאַפּט פאַרמעגנס וואָס די דײַטשן האָבן אָנגע־ראַבעוועט בײַ ייִדן אין פּוילן און נישט באַוויזן מיט זיך מיטצונעמען בעתן אַנטלויפן פון לאָדזש.

זיי האָבן מיך קאַלט אויפגענומען. אַלע זייערע פרײַנד און באַקאַנטע האָבן שוין געוווּסט אַז זיי שטאַמען פון דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע אין לאָדזש און זייער משפּחה איז באַשטאַנען פון לויטער רבנים פון דער מוטערס זײַט, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אינדוסטריאַלן פון פאָטערס זײַט און פּויליש איז זייער מוטער־שפּראַך.

זיי זענען נישט געוועזן די איינציקע פון די אָפּגעראַטעוועטע פון היטלער־חורבן.

בלויז „אייניקלעך״ פון רבנים, פאַבריקאַנטן, באַנקירן, אַדוואָקאַטן — זענען געבליבן לעבן...

צום מערסטנס געראַטעוועטע האָבן, לויט ווי זיי זאָגן, אַמאָל געוווינט אויף פּעטריקאָווער־גאַס, איינע פון די שענסטע גאַסן אין לאָדזש. איך האָב געטראָפן און טרעף ביז הײַנט צו טאָג, ווייניק געראַטעוועטע פון באַלוט, זשובאַדז, ראַדאָגאַשטש, גייערס און שייבלערס מאַרק, ווו עס האָבן געוווינט טויזנטער און טויזנטער ייִדישע אַרבעטס־מענטשן, קליינהענדלערס און מענטשן מיט לופט־פּרנסות. בלויז ייִדן פון פּעטריקאָווער־גאַס זענען על־פּי נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אונדזער גרויסן חורבן...

פאַר מיר איז עס געוועזן נײַ. איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי פּשוטע פאָלקסמענטשן וואָס האָבן ערשט דורכגעלעבט אַזאַ חורבן און פאַר־לוירן אַלע זייערע נאָענטסטע, האָבן שוין אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער און געוואָלט פאַרגעסן וואָס עס איז געשען מיט זייערע נאָענטסטע. ווען איך האָב זיי דערציילט אַז איך האָב צווישן די חורבות פון זייער היים אויף דער

פראַנציסקאַנער־גאַס אין באַלוט, געפונען אַ פאָטאָגראַפיע פון זייער ברודער מיט זיין פרוי, האָבן זיי זיך געמאַכט נישט הערן. זיי האָבן פשוט נישט געוואָלט אַז איך זאָל קומען צו זיי אין די זיבן עלעגאַנט אויסמעבלירטע צימערן און זיי דערמאָנען פון טאַטע־מאַמע, די פשוטע פאָלקסמענטשן. דער פעטער מייַנער, זייער פאָטער — אַ שערער אין אַ וועבערייַ, די מוטער, אַ פשוטע הויזפרוי, געוווינט אין איין שטוב, ווו עס האָבן זיך געפונען טאַטע־מאַמע און קינדער.

איך האָב אויפגעהערט זיי באַזוכן.

זיי געפינען זיך אין ישׂראל. ער איז אַ שטייַער־קאָלעקטאָר און אַן „אַריסטאָקראַט", מייַן קוזינקע נאָך אַ גרעסערע הויכשטאַפּלערין פון מייַן קוזין.

מיר זענען געוואָרן פרעמד...

דאָס לעבן אין פּוילן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אָנגעשטרענגט. עס זענען כּסדר געקומען עשאַלאָנען פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. צווישן די געקומענע זענען געווען אַ סך ייִדן. טאָג־איין טאָג־אויס זענען ייִדן געלאָפן קיין דייַטשלאַנד. יעדן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט אַז דאָ און דאָרט האָט מען ווידער אַראָפּגענומען ייִדן פון די באַנען און דערשאָסן.

אַ טייל פון די געקומענע האָבן ווידער גענומען בויען זייערע היימען אין פּוילן מיט דער האָפענונג אַז דאָ וועט סוף־כּל־סוף ווידער אַנטשטיין אַ ייִדישער ישוב און אַ ייִדיש לעבן.

איך האָב פאַרדינט בייַ מייַן אַרבעט אויסצוקומען און נאָך אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט. נאָר די מורא איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. איך האָב זיך געשראָקן אַז אָט קלאַפּט די נקוו״ד אין מייַן טיר און מען פאַרשיקט מיך צוריק קיין רוסלאַנד.

# איך פאַרלאָז לאָדזש

אין יוני 1946, באַלד נאָכן קעלצער פּאָגראָם, האָבן מיר אײַנגעפּאַקט די עטלעכע שמאַטעס וואָס האָבן געהייסן בגדים און אַוועק קיין ביטאָם ווו מיר האָבן געהאַט באַקאַנטע נאָך פון רוסלאַנד.

בײַם עסן מיטאָג אין דער גמינע־קיך האָב איך דערקענט אַ לאָדזשער פרוי וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז געווען אין סאַראַטאָוו. פון סאַראַטאָוו איז זי מיט איר מאַן און 3 קינדער געשיקט געוואָרן קיין מאַגניטאָגאָרסק, אוראַל. אין 1937 איז איר מאַן אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער און דאָרט אומגעקומען.

זי מיט אירע דרײַ קינדער זענען אַוועק קיין קרים, אין אַ קאָלכאָז, זיי פאַלן אַרײַן צום דײַטש, לעבן אויף אַרישע פּאַפּירן. זיי ווערן געמסורט דורך די רוסן אַז זי איז אַ ייִדישע און ווערט דורך די דײַטשן אַרעסטירט און געפּײַניקט. זי שרײַט אַז זי איז אַ פּוילישע ווי עס ווײַזן אירע פּאַפּירן. אירע דרײַ קינדער זענען נישט געמַלט. אַזוי אַרום ראַטעוועט זי אָפּ אירע דרײַ קינדער און זיך.

אין 1946 קומט זי קיין פּוילן, באַזעצט זיך אין ביטאָם און פון דאָרט פאָרט זי קיין ישׂראל ווו זי מיט אירע קינדער לעבן ביז הײַנט צו טאָג.

אַ טאָג שפּעטער נאָך אונדזער אָנקומען פאַרלאָזט זי ביטאָם און איך מיט מײַן פרוי און טאָכטער ציִען זיך אַרײַן אין איר וווינונג.

דורך אונדזערע באַקאַנטע אין ביטאָם פֿאַרבינד איך זיך ווידער מיט אַ רעוויזיאָניסטישער גרופּע. דער פֿירער פֿון דער גרופּע, אַ פֿײַנער יונגער־מאַן, דערציילט מיר, אַז ער האָט אַ בריוו פֿון לאָדזש אַז איך בין אַ טראָצ־קיסט און מען זאָל מיך נישט אַוועקשיקן.

ער פֿאַרלאַנגט פֿון מיר אַ געוויסע סומע געלט. איך באַצאָל און פֿאָר מיט אַ גרופּע אָפּ קיין קלאָדזק און פֿון דאָרט ווערט מען אין לאַסט־אויטאָס אַוועקגעפֿירט צו דער פּויליש־טשעכישער גרענעץ און מיר גייען אַריבער די גרענעץ קיין טשעכיע.

דאָס אַריבערפֿירן די גרענעץ איז געלעגן אין די הענט פֿון דער „בריחה", אַנדערש געזאָגט: אין די הענט פֿון יונגע ייִדישע מענער און פֿרויען, געקומענע ספּעציעל פֿאַר דעם צוועק פֿון ישׂראל, געראַטעוועטע פֿון די דײַטשע טויטן־לאַגערן, געוועזענע פּאַרטיזאַנער און געראַטעוועטע פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, זיי האָבן געשטעלט זייער אייגן לעבן אין געפֿאַר און געהאָלפֿן אַרויספֿירן די ייִדן פֿון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן און אַפֿילו פֿון סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

מיר געפֿינען זיך אין בראַטיסלאַוואַ, טשעכיע. מיר זענען אײַנקוואַר־טירט אין אַ טראַנזיט־הויז. טאָג און נאַכט קומען ייִדן און עס גייען ייִדן. פֿאַרן לאָזן זיך אין וועג אַרײַן ווערט אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט: מיר דאַרפֿן אַריבערגיין אַ בריק אויפֿן טײַך דאַנאַו. דער דאַנאַו טיילט אָפּ טשעכיע פֿון עסטרײַך. אויף דער צווייטער זײַט טײַך געפֿינען זיך די רוסן. מיר זאָלן נישט ענטפֿערן אויף קיין שום פֿראַגעס און אויב זיי וועלן פֿאַר־לייגן קאָמוניקאַציע־מיטלען, זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן. פֿאַר די פֿרויען מיט די קינדער און פֿאַר די זאַכן וועלן זײַן פֿויערים מיט וועגענער און זיי וועלן אונדז צופֿירן צו דער באַן־סטאַציע און פֿון דאָרט וועלן מיר צוזאַמען אָפּפֿאָרן קיין ווין.

אַלץ האָט אויסגעזען ווי נאָרמאַל. מיר זענען אַריבער די בריק. די פֿרויען מיט די קינדער זענען אָפּגעפֿאָרן אויף די צוגעגרייטע וועגענער צום וואָקזאַל. ווען די גרופּע מענער זענען אָנגעקומען אויף דער סאָוויע־טישער זאָנע איז צוגעפֿאָרן אַ לאַסט־אויטאָ געטריבן דורך אַ רויטאַרמייער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן: „חברה, אַרויף אויף דער

מאַשין״. צו ערשט איז איינער אַרויף, נאָך אַ צווייטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופּעריַי און ווען אַלע אָן אויסנאַם האָבן זיך געפונען אויפן לאַסט־אויטאָ, האָט דער שאָפער אַ לאָז געטאָן דעם מאָטאָר אויף דער גאַנצער קראַפט און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר זיך געפונען אין אַ מיליטערישן לאַגער. דערשראָקענע זענען מיר אַראָפּ פון דער מאַשין. איינער האָט פּרובירט גיין אין דער ריכטונג צום אַרויסגאַנג, איז געקומען אַ קאָמאַנדע: „שטיין בלייַבן!״.

אַן אָפיציר האָט גענומען שרייַען און זידלען, אַז מען ווייסט ווער מיר זענען: „אַ באַנדע קאָנטררעוואָלוציאָנערן, שונאים פון פאָלק און שפּיאָנען״.

אַ יונגער חברה־מאַן פון אונדזער גרופּע האָט אין אַ צעבראָכענעם רוסיש אָנגעהויבן שרייַען: „מיר גייען קיין ארץ־ישראל, מיר ווילן אַ סאָוויעטיש ארץ־ישראל און מיר וועלן קעמפן און שטאַרבן פאַר אַ סאָוויעטיש ישׂראל!״

דער אָפיציר האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „זאָגסט ליגן, מיר ווייסן ווער איר זייַט און מיר וועלן אייַך אומעטום געפינען, איר וועט זיך פון אונדז נישט אויסבאַהאַלטן״ און געגעבן אַ באַפעל: „געגאַנגען!״

מיר האָבן נישט־טויט, נישט־לעבעדיק אָנגעהויבן לויפן באַגלייט פון אַ הילכיק געלעכטער פון די רויטאַרמייערס. מיר זענען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרשעמטע אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַציע און צוזאַמען מיט אונדזערע פאַמיליעס אָפּגעפאָרן קיין ווין. אין ווין האָט מען אונדזער גרופּע מיט אויטאָבוסן אָפּגעפירט פון דער סאָוויעטישער זאָנע אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. די ערשטע צוויי מעת־לעת האָבן מיר זיך געפונען אין ראָטשילד־שפּיטאָל, אַ טראַנזיט־לאַגער פאַר די צענדליקער טויזנטער אַנטלאָפענע פון פּוילן, אונגאַרן, רומעניע און אַנדערע לענדער.

דער געדראַנג אין שפּיטאָל איז געווען אַ גרויסער. דאָ האָט מען באַקומען אַ נאַכט־לעגער, מעדיצינישע הילף און פון דאַנען איז מען גרופּנווייַז אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאַגערן אין עסטרייַך, דייַטשלאַנד און איטאַליע.

אונדזער גרופּע „רעוויזיאָניסטן״, פון עטלעכע צוואַנציק מאַן, זענען אויפן דריטן טאָג אַריבערגעפירט געוואָרן פון „ראָטשילד־שפּיטאָל״ ערגעץ אין אַ הויז אין ווין, ווו מיר האָבן באַקומען מעגלעכקייטן זיך אָפּצורוען פון

וועג. מען האָט אונדז געוואָרנט נישט אַרייַנצופאַלן אין דער רוסישער זאָנע. מ׳האָט אונדז געפירט אויפן בית־עולם, ווו עס האָט זיך געפונען הערצלס קבר.

נאָכן אָפּזייַן צוויי וואָכן אין ווין זענען מיר אָפּגעשיקט געוואָרן קיין זאַלצבורג און איַינקוואַרטירט געוואָרן אין אַ לאַגער מיטן קלינגענדיקן נאָמען: „בית־ביאַליק״. אין עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען מיר, אַ גרעסערע גרופּע, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין מערב־דייַטשלאַנד.

## מערב־דײַטשלאַנד

דער ערשטער לאַגער אונדזערער אויף דער פֿאַרשאָלטענער דײַטשער ערד איז געווען אין דער שטאָט האָף, נישט ווײַט פֿון דער טשעכישער גרענעץ. די לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען שווערע, די אַדמיניסטראַציע און באַדינערס זענען געווען ליטווינער, ווײַסרוסן, אוקראַיִנער און אַנדערע. דער לאַגער איז פֿריִער געווען פֿאַר נישט־יִדישע די.פּי און צוליבן גרויסן שטראָם פֿון יִדן אין יענער צײַט קיין דײַטשלאַנד איז דער די.פּי־לאַגער אָפּגערייניקט געוואָרן פֿון די נישט־יִדן און די נײַע אײַנוווינערס זענען געווען בלויז יִדן. די אַדמיניסטראַציע איז געבליבן די אַלטע.

שוין די צווייטע נאַכט האָב איך מיט נאָך אַ לאָדזשער יונגנמאַן איבער־געלאָזט די פֿאַמיליעס אין לאַגער אין האָף און אַן דאָקומענטן זיך געלאָזט זוכן אַ לאַגער ווו עס הערשט נישט אַזאַ דיסציפּלין און מיט בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

מיר זענען פֿאַרפֿאָרן אַזש קיין אולם און דורך פּראָטעקציע זיך צוגעשריבן צו דער „הינדענבורג־קאַסערנע״. אין אולם האָבן זיך געפֿונען אַזש פֿיר יִדישע לאַגערן: „סעדאַן־קאַסערנע״, „דאָנאַו־באַסטיאָן״, „בעלקע קאַסערנע״ און „הינדענבורג־קאַסערנע״.

מיר האָבן זיך צוגעשריבן צו דער „הינדענבורג־קאַסערנע״ און באַקומען דאָקומענטן און אָפּגעפֿאָרן קיין האָף נאָך אונדזערע פֿאַמיליעס.

אַט ווי אַזוי איך האָב דעמאָלט אין אַ ייִדישער צײַטונג וואָס איז דער־שינען אין מערב־דײַטשלאַנד, געשריבן וועגן דער „הינדענבורג־קאַסערנע״. אַגב זענען דעמאָלט דערשינען אויף דער אַמעריקאַנער זאָנע אין מערב־דײַטשלאַנד מער ווי אַ האַלב טוץ ייִדישע צײַטונגען, צום מערסטן מיטן ייִדישן אַלף־בית, עטלעכע מיט לאַטײַנישער שריפט. איך האָב מיטגע־אַרבעט אין דרײַ ייִדישע צײַטונגען, געשריבן פעליעטאָנען וועגן ייִדישן לעבן אין די די.פּי.־לאַגערן.

דער נאָמען פון פעליעטאָן „הינדענבורג־קאַסערנע״.

„איך בין אַ הינדענבורגער ,פּאַטריאָט׳, אַן עכטער הינדענבורגער פון בלוט און פלייש. פון ערשטן טאָג זײַט הינדענבורג איז געוואָרן אַ ייִדישער לאַגער, בין איך דאָרט אַ תּושב.

הינדענבורג איז אַ סך ייִנגער, ווי אַנדערע לאַגערן אין דײַטשלאַנד, אָבער ,הינדענבורג׳ האָט באַקומען אַ ,שם׳, אַ גרעסערן ווי אירע עלטערע ברידער.

אולם מיט אירע פיר ייִדישע לאַגערן: ,סעדאַן׳, ,בעלקאַ׳, ,דאָנאַו־באַסטיאָן׳ און ,הינדענבורג׳ זענען געוואָרן אַ שם־דבר אין דײַטשלאַנד, נאָך דערצו איצט, ווען די באַן איז געוואָרן אַ לוקסוס, רײַסן זיך אַלע טעאַטער־גרופּעס קיין אולם — מיט איין קנאַק פיר לאַגערן...

,הינדענבורג׳ איז אַרומגערינגלט מיט וואַלד און סעדער. אַ מאָל וואָלטן ייִדן געפּאָרן וויפל מײַל, צו קאָנען שעפּן אַ ביסל פרישע לופט. יעדעס גרעזל, יעדער בוים וואָלט אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ דאַטשע (זומער־ווױנונג).

הײַנט זוכן ייִדן נישט קיין דאַטשעס. ס׳דאַטשעט זיך אַזוי אויך אין קאָפּ...

,הינדענבורג׳ ,שוויבלט און גריבלט׳ מיט ייִדיש לעבן. אַ לאַגער מיט קיין עין־הרע 900 ייִדן.

וואָס געפינט איר נישט אין ,הינדענבורג׳? אַ גאַנצע וועלט: איר וועט אפשר אַזוי פיל נישט טרעפן אין ניו־יאָרק.

נעמט, למשל, פּאַרטייען: פּועלי־ציון, צ.ס.־התאחדות, פּ.צ., צ.ס.־רעוויזיאָניסטן, דרור, עובד, אגודה, מזרחי, השומר הצעיר, בונדיסטן, לינקע פון כּל־המינים, אומפּאַרטיייִשע.

נו, קאָן זיך ניו־יאָרק פאַרגלײַכן צו ,הינדענבורג׳? זאָל מאָרגן קומען א ,שפּאַלטונג׳ פון עפּעס אַ פּאַרטיי, איז איבער־מאָרגן אין ,הינדענבורג׳ דאָ אַ פרישע פּאַרטיי.

איר האָט אין ,הינדענבורג׳: אַ ועד־הגיוס (מאָביליזירן אין דער ישׂראל־אַרמיי), ועד־עליה, אַ קאָמיטעט פון מפעל הבטחון (זאַמלען געלט פאַר ישׂראל), אַ קרן־קיימת.

איר האָט אַ ביקור־חולים, חברא־קדישא, הכנסת־כּלה — יאָ, הכנסת־כּלה, און טאַקע שוין חתונה געמאַכט אַן אייגענע, אַן הינדענבורגער יתומה. אפשר ווייסט איר עפּעס פון אַן אָרעמער כּלה, שיקט זי נאָך ,הינדענבורג׳, דאָרט וועט מען זי חתונה מאַכן...

איר האָט אַ בית־מדרש מיט אַ תּלמוד־תּורה, אַ חברה משניות, אַ רעליגיעזן אַמט, מיט אַ ועד־הדתי, מיט אַ חזן, שוחט, אַ שמש, אַ מנקר, אַ חברה שומרי שבת, אַ בדחן.

אַ שולע מיט אַ קינדער־גאָרטן, אַ ביבליאָטעק מיט ייִדישע און העברעיִשע ביכער, אַ היסטאָרישע קאָמיסיע, אַ טעאַטער און אַ פּאָסט, אַרטיסטן מיט אַ רעזשיסאָר, אַ כאָר מיט אַ דיריגענט, אַ ספּאָרט־קלוב, אַ וואַנט־צײַטונג מיט אַ רעדאַקטאָר, אַן ערן־געריכט, אַ ראַדיאָ־אַנאָנסער.

,הינדענבורג׳ פאַרמאָגט אַ דירעקטאָר מיט ,אונראַ׳־אָפיצירן, דוכט זיך מיר, מער אָפיצירן ווי אין מלכות לוקסעמבורג...

איר האָט אַ פאַרוואַלטונג מיט אירע אַמטן: קולטור, וווינונג, באַשפּײַזונג, באַקליידונג, אַרבעט — אַ גאַנצע רעגירונג...

איר האָט אַ געריכט, אַ פּאָליציי מיט אַ שעף...

„איצט: שנײַדערײַ, שוסטערײַ, סוועטער־מאַכער, ,אָרט׳־שולן; שלאָסערײַ, מעכאַניקערס, הויז־נייערס, וועש־נייערינס, שנײַדערינס, שווייסערס און אַנדערע.

„אַ שפּיטאָל: מיט דאָקטוירים מיט דיפּלאָמען און נישט אַזעלכע עכטע, קראַנקן־שוועסטערס; אַן אייגענעם אַדוואָקאַט, וואָס מען רופט אים ,פּאַניע דאָקטאָזשע׳...

איר האָט אַ שענק, עטלעכע פריזערײַען פאַר מענער און פרויען, מענער־און דאַמען־שנײַדערס, שוסטערס, זייגערמאַכערס, מאַניקור און פּעדיקור.

וואָס קאָנט איר נישט געפינען אין ,הינדענבורג׳? אַן איבערזעצער פון יידיש אויף ענגליש און פאַרקערט, שרײַבערס פון גוטע בריוו אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע אַז עס זאָל אָננעמען בײַם פּופּיק און איר זאָלט באַלד אָנהייבן דערהאַלטן פּעקלעך. אַ פעלדשער פון אַלטן שניט, וואָס שטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס, רײַסט אַ צאָן און וואָס נישט?

מיר האָבן אייגענע פּאָעטן, אייגענע פּראָזע־שרײַבערס, פּעליעטאָניסטן און רעפּאָרטערן.

אין ,הינדענבורג קאָנט איר געפינען: קעשענע־גנבים, ,כּוח־גייערס׳, אַפילו אינטערנאַציאָנאַלע שווינדלערס און גנבים, פונקט ווי אין ניו־יאָרק...

הינדענבורגער קעמפן אויף אַלע פראָנטן אין ישׂראל. 600 יידן האָבן פון דאַנען אויסגעוואַנדערט, דער רוב — קיין ישׂראל, קיין אַמעריקע, קאַנאַדע, אויסטראַליע און אַלע לענדער פון מערב־אייראָפּע און אַפילו צוריקגעפאָרן קיין פּוילן...

הינדענבורגער זענען געפאָרן מיטן ,עקסאָדוס׳, געווען אין די לאַגערן אין ציפּערן״...

און אין אָט דער „הינדענבורג־קאַסערנע״ בין איך געווען פון יולי 1946 ביז סעפּטעמבער 1949.

דאָרט אין דעם לאַגער פאַר „אויסגעוואָרצלטע״, די שארית־הפליטה פון דעם גרויסן יידישן חורבן, אויף דער בלוטיקער דײַטשער ערד, אין אַ מיליטערישער קאַזאַרמע, ווו עס האָבן פריִער געוווינט דײַטשע מיליטער־לײַט, וואָס האָבן אויפן באַפעל פון היטלערן געהאָלפן אויסמאָרדן 6 מיליאָן יידן, האָב איך זיך געפילט פרײַ און געשלאָפן רויִק בײַ נאַכט און זיך נישט געשראָקן אַז אָט־אָט וועט די נקוו״ד אָנקלאַפּן אין טיר און באַפעלן: „קום מיט אונדז!״

כאָטש עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז נקוו״ד־לײַט רײַסן זיך אַרײַן בײַ נאַכט אין די לאַגערן פון די „אויסגעוואָרצלטע״ און פירן אַרויס הונדערטער די.פּי.׳ס אין לאַסט־אויטאָס אויף דער רוסישער זאָנע און דאָס מיטן וויסן פון דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָס זענען געווען לאַגערן מיט אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע און רוסישע „אויסגעוואָרצלטע״, וואָס האָבן פאַרראַטן זייער היימלאַנד און מיטגעאַרבעט מיטן שונא און געהאָלפן מאָרדן ייִדן און רוסישע קריגס־געפאַנגענע.

ייִדישע לאַגערן האָט די האַנט פון דער נקוו״ד נישט דערגרייכט. טאָמער האָט מען ערגעץ אין אַ לאַגער דערקענט אַ ייִדישן „קאַפּאָ״, אָדער געטאָ־פּאָליציאַנט, האָבן די ייִדן אין די לאַגערן אַליין מיט זיי זיך אָפּגע־רעכנט און זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן.

איך בין אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך האָב אין לאַגער אַרויסגעגעבן אַ וואָנט־צײַטונג, געשריבן אין דרײַ ייִדישע צײַ־טונגען אין דײַטשלאַנד. כ׳האָב געשריבן פעליעטאָנען, מאָנאָלאָגן און רע־פּאָרטאַזשן וועגן לאַגער־לעבן. איך בין געוואָרן אויסגעוויילט אין דער לאַגער־פאַרוואַלטונג. געווען קולטור־לײַטער: פאַרזאָרגט דעם לאַגער מיט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קינאָ־פאָרשטעלונגען, געברענגט רעדנערס, גע־האָלפן זאַמלען געלט פאַר ישׂראל און צום סוף געוואָרן דער שעף פון דער לאַגער־פּאָליציי, געמוזט אַדורכמאַכן אַ קורס פאַר אָפיצירן בײַ „אונראַ״, אַזוי אַז עס איז געווען פון וואַנען צו שעפן מאַטעריאַל פאַר מײַנע פעליע־טאָנען.

וועגן דעם פּעריאָד פון די דײַטשע די.פּי.־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און איטאַליע איז ווייניק געשריבן געוואָרן.

עס איז באמת אַ וווּנדער וואָס די על־פּי נס אָפּגעראַטעוועטע פון גרויסן חורבן, אַ טייל גײַסטיק־צערודערטע, געבליבענע איינער פון אַ פאַמיליע, מענער און פרויען וואָס האָבן אָנגעווירן זייערע נאָענטסטע, קינדער וואָס זענען געבליבן יתומים, האָבן אויף דער פאַרשאָלטענער דײַטשער ערד ווידער אָנגעהויבן אַלץ אויף ס׳נײַ און ווידער געפונען מוט צום לעבן, געפאָרן קיין ישׂראל און אַנדערע לענדער און גענומען אויפבויען נײַע

הײמען פֿאַר זיך און פֿאַר די דורות וואָס זײ האָבן ווידער געבּרענגט אויף דער וועלט.

סוף 1949 בּין איך אָנגעקומען קיין אַמעריקע. די ערשטע צײַט איז מיר געווען זייער שווער זיך אײַנצוואָרדענען אין מײַן נײַעם היימלאַנד. מײַן אַמעריקאַנער משפּחה האָט מיך אויפגענומען מיט פרייד. די פרייד האָט געדויערט עטלעכע וואָכן.

די גאַנצע משפּחה מײַנע איז געווען פון די „פּראָגרעסיווע" און פאַר זיי בּין איך פשוט געווען אַ פאַררעטער פון זייער היימלאַנד — דעם סאָוויעטן־פאַרבּאַנד.

אויך די דרוקער־יוניאָן, אַ יוניאָן פון ייִדישע זעצערס, איז דעמאָלט געווען בּאַהערשט דורך „פּראָגרעסיווע" און זיי האָבן צוגעזען אַז איך זאָל צו מײַן פאַך אַלס זעצער נישט צוגעלאָזט ווערן. עס האָט געדויערט 4 יאָר ביז איך בין ענדלעך אָנגענומען געוואָרן אין דער יוניאָן.

די גאַנצע צײַט ביז איך בּין אָנגענומען געוואָרן אין דער יוניאָן, האָב איך געאַרבּעט בּײַ שווערער אַרבּעט אָבער איך בּין געווען גליקלעך וואָס איך בּין ווידער פרײַ. אמת, די מורא האָט אָנגעהאַלטן יאָרן, עס האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדאַכט, אַז די נקוו"ד וועט מיך דערגרייכן אויך דאָ אין אַמעריקע. און כ'האָב מורא געהאַט צו דערציילן ווער איך בּין און וואָס איך האָב דורכגעלעבט דורך די 13 יאָר אין סאָוויעטן־פאַרבּאַנד.

איצט איז די מורא אַוועק. איך בין דאַנקבּאַר דעם גורל וואָס איך געפין זיך אין אַמעריקע און קאָן פרײַ שרײַבּן וועגן יענער צײַט ווען דאָס מענטשלעכע לעבּן איז געווען הפקר, ווען עס זענען אומגעבּראַכט געוואָרן 20 מיליאָן אומשולדיקע מענטשן און די וועלט האָט געשוויגן...

# אַ פּאָר ווערטער
# וועגן די אומשולדיקע קרבנות

צו דערמאָנען יעדן איינעם פון די „אַריבערלויפערס״, די אומגליקלעך־פּאַרמוטשעטע און פריצייַטיק־אומגעבראַכטע דורך אַ הענקער וואָס זאָגט צו דער וועלט פרייַהייט און ברידערלעכקייט, איז שווער.

זיי זענען געווען אין די צענדליקער טויזנטער. זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן נישט דורך קיין ס.ס.־לייַט, נישט אין קיין גאַז־קאַמערן האָט מען זיי דערשטיקט.

זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך נקוו״ד־לייַט, פּאַרמוטשעט גע־וואָרן צום טויט דורך הונגער, שמוץ, שווערער אַרבעט און דערנידערונג.

זייערע גופים זענען געווען דאָס מיסט צו באַרייַכערן די בתולה־ערד נאָכן אויסשנייַדן די וועלדער אויף אוראַל, סיביר, ווייַטן צפון און איבערן גאַנצן סאָוויעטן־פאַרבאַנד ווו עס געפינען זיך פאַרניכטונגס־לאַגערן.

זייערע גופים האָט מען אַרייַנגעוואָרפן אין ברידער־קברים און זיי אויסגעמישט מיט די גופים פון מיליאָנען אומגעבראַכטע רוסישע, פּוילישע, דייַטשע און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

וועגן זיי שרייַבט מען נישט קיין יזכור־ביכער, זיי זענען נישט אַרייַנ־גערעכנט געוואָרן צווישן די זעקס מיליאָן אומשולדיקע קרבנות אומגע־בראַכטע דורך די נאַצי־הענקערס.

פֿאַר זיי צינדט מען נישט אָן קיין יאָרצײַט־ליכט. זייערע נאָענטסטע זענען ערשט שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דײַטשע רוצחים. עס איז נישט געבליבן קיינער וואָס זאָל זיי דערמאָנען און אָנצינדן אַ יאָרצײַט־ליכט.

די על־פּי נס אָפּגעראַטעוועטע פֿון יענער צײַט, צום מערסטן פֿרויען און קינדער, ווייסן אַפֿילו נישט ווו זייערע מענער און פֿאָטערס זענען באַגראָבן געוואָרן.

טויזנטער קינדער זענען צוגענומען געוואָרן פֿון זייערע עלטערן און אַרײַנגעגעבן געוואָרן אין „קינדער־גערטנער" אויף פֿאַלשע נעמען. אויף זיי הענגט דאָס גאַנצע לעבן דער „שאַנדפֿלעק": „זון אָדער טאָכטער פֿון אַ שׂונא פֿון פֿאָלק".

13־יאָריקע קינדער זענען פֿאַרשיקט געוואָרן אין די פֿאַרניכטונגס־לאַגערן צוזאַמען מיט דערוואַקסענע אויף אומקום.

דאָס זענען געווען בעלי־מלאָכות: שנײַדערס און שוסטערס, וועבערס און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, מעכאַניקערס און סטודענטן, פֿריזירערס און זייגערמאַכערס. אַ סך פֿון זיי זענען געווען אַרבעטסלאָזע. זיי האָבן געזוכט אַרבעט און פֿרײַהייט. זיי האָבן געוואָלט זײַן צווישן די „בויערס פֿון דער נײַער וועלט"...

עס זענען געקומען גאַנצע פֿאַמיליעס, מיט צוויי, דרײַ און אַפֿילו פֿיר קינדער.

פֿאָטערס האָבן איבערגעלאָזט פֿרויען און קינדער און געהאָפֿט אַז אין לאַנד פֿון זייערע חלומות וועט זיי געלינגען אויפֿצובויען אַ געזיכערט לעבן פֿאַר זייערע פֿאַמיליעס און די הויפּט־זאַך פֿאַר זייערע קינדער.

מיידלעך און ייִנגלעך פֿון פֿאַרמעגלעכע, אָדער פֿון חסידישע היימען, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן טאַטע־מאַמע, זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס לעבן אין זייער היים איז אָפּגעשטאַנען, פֿאַרשימלט, קליינבירגערלעך און אויפֿ־בויען פֿאַר זיך אַ נײַ לעבן איז מעגלעך נאָר אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. און

דאָס אַלץ האָט מען זיי געלערנט אויף געהיימע קרײַזלעך פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי.

אַ סך האָבן געחלומט וועגן דעם אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זענען דאָ גרויסע מעגלעכקייטן זיך צו לערנען...

עס איז געווען אַ גרויסער חלום, אַ חלום פון מיליאָנען אין דער וועלט און די וועלכע האָבן אין יענע יאָרן פּרובירט דעם חלום צו פאַרווירקלעכן, זענען חלומדיק — אומגעקומען.

פּונקט ווי אַ שמעטערלינג רײַסט זיך צו ליכט און ווערט פאַרברענט, אַזוי האָבן צענדליקער טויזנטער יונגע מענער, פרויען און קינדער זיך געריסן צום „ליכט" וואָס רופט זיך „קאָמוניזם" — און זענען פאַרברענט געוואָרן.

איך וועל דערמאָנען עטלעכע נעמען — נישט מעגלעך צו דערמאָנען אַלע. נישט אַלע האָב איך געקענט. זיי זענען געווען אין די טויזנטערס, פון שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע און אַנדערע לענדער אין אייראָפּע.

זייערע געשיכטעס זענען ענלעך איינע צו די אַנדערע. די נקוו"ד אַרבעט לויט אַ פּלאַן אויסגעאַרבעט דורך די העכסטע אינסטאַנצן אין קרעמל.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז די טעכניק אַנטוויקלט אויפן העכסטן אופן. די אַרבעט ווערט געמאַכט אויף אַ „קאָנווייער".

אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז די טעכניק הינטערשטעליק. דערפאַר איז די טעכניק פון דער נקוו"ד אויף דער העכסטער מדרגה. אַלץ ווערט געטאָן מיט אַ סיסטעם: אַרויסקריגן ווידויס, די פאַרשידענע „געריכטן", וואָס זענען פאַקטיש די זעלבע נקוו"ד, די פאַרשיקונגס־לאַגערן — ווידער אונטער דער אויפזיכט פון דער נקוו"ד — אַלץ גייט אויף אַ „קאָנווייער" — „אויספאָר־שערס", וואָס גרייטן צו אײַער ווידוי, „שלעגערס", וואָס העלפן שלאָגן, שרײַערס, וואָס העלפן שרײַען... און אויב עס איז דאָ אַ סך אַרבעט ווערן צוגעצויגן קרימינעלע פאַרברעכערס. זיי קריגן פרײַע הענט אין די פּאָלי־טישע איזאָלאַטאָרס, צו ממיתן, צו ראַבעווען, אָפּצוחוזקן, דערבײַדעריקן,

פאַרגוואַלדיקן און אַזוי ווײַטער. נאָכן אָפּטאָן זייער אַרבעט ווערן זיי דער־שאָסן.

ראַטקאָפּ און לעווינסקי, מיטליאַריקע מענער אין עלטער פון 30 ביז 40 יאָר,ביידע לאָדזשער, ביידע האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער. ביידע האָבן געחלומט דעם זעלבן חלום: אַ בעסערע צוקונפט פאַר זייערע פרויען און קינדער.

ראַטקאָפּ — אַ קאָמאָשנמאַכער, אַ כאַלופּניק פון קילינסקי־גאַס אין לאָדזש. לעווינסקי — אַ זאָקן־מאַכער פון באַלוט. זיי האָבן אין די תּפֿיסות, אין לאַגער און אויף פאַרשיקונג פאַרטיידיקט דאָס ערגסטע, זיי האָבן גע־קוקט פאָרויס און פאָרויס האָט פאַר זיי געהייסן: „אַרויסנעמען די פרויען און קינדער״. דאָס איבעריקע האָט זיי נישט אינטערעסירט. זיי האָבן גע־אַרבעט שווער אין וואַלד, זיך געלערנט רוסיש און פּאָליט־גראַמאַטע און געהאָפט אויף דעם טאָג ווען זייער חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן. זיי האָבן געשריבן בריוו צו זייערע פרויען און קינדער, זיי צוגעגעבן מוט, זיי געבעטן צו האָבן געדולד, זיי צוגעזאָגט אַז אָט־אָט קומט די ישועה.

פאַרן שרײַבן בריוו צו זייערע פרויען און קינדער זענען זיי אין „טרוב־סטראָי״ אַרעסטירט געוואָרן און אָן משפּט פאַרשיקט געוואָרן קיין טאָבאָלסק.

זיי האָבן ווײַטער געשיקט בריוו צו זייערע פאַמיליעס. זיי האָבן גע־שריבן בריוו מיט ליוב־געזאַנגען צום „פאָטער פון די פעלקער״ — סטאַלין, צום פּאָליט־ביוראָ און „קאָמאינטערן״ און געבעטן דערלויבעניש אַריבער־צוברענגען זייערע פאַמיליעס.

אין 1937 איז זייער „חלום״ פאַרווירקלעכט געוואָרן. זיי זענען אין טאָבאָלסק אַרעסטירט געוואָרן און אומגעבראַכט געוואָרן ערגעץ אין אַ לאַגער אויפן ווײַטן צפון.

לייזעראָוויטש — אַ לאָדזשער וועבער פון באַלוט, אַ מיטליאַריקער מאַן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ יונגע טאָכטער.

ער איז געלאָפן זוכן אַ צוקונפט פאַר זײַן יונגער טאָכטער. ער האָט מורא געהאַט אַז זײַן טעכטערל וועט האָבן דעם זעלבן גורל וואָס זײַן פרוי און מוזן חתונה האָבן פאַר אַ וועבער. ער איז געווען מער אַרבעטלאָז ווי געאַרבעט און נישט איין מאָל האָט די פאַמיליע געליטן הונגער.

ער האָט דורכגעמאַכט אַלץ געניי ווי יעדער „אַריבערלויפער" און אין „טרובסטראָי" ווערט ער אַ הייצער אין באָד. עפּעס ווי דורך אַ נס באַקומט ער אַ דערלויבעניש אַראָפּצוברענגען קיין „טרובסטראָי" זײַן פרוי און טאָכטער.

אין 1935 קומען זיי קיין „טרובסטראָי". זי ווערט אַ דערשראָקענע. דאָס שטיבל אין באַלוט איז געווען אַ פּאַלאַץ אַקעגן דעם שטיבל אין באַראַק אויף „טרובסטראָי". צוויי אײַזערנע בעטלעך, אַ טיש מיט צוויי שטולן און דער מאַן — אַ הייצער אין באָד און פאַרדינט „וואַסער אויף קאַשע" און זיי הייבן אָן אונטערצוהונגערן.

זי הייבט אָן אויסצופאַרקויפן זאַכן, וואָס זי האָט געבראַכט פון פּוילן. עס הייבן זיך אָן קריגערײַען און זי באַשליסט צוריקצופאָרן קיין פּוילן, ווײַל זי איז געקומען לעגאַל, מיט אַ וויזע.

ווײַטער ווי קיין סווערדלאָווסק איז זי נישט דערפאָרן. זי ווערט אַרעס־טירט מיטן מיידל און פאַרשווינדט.

אין 1937 ווערט לייזעראָוויטש אַרעסטירט און טיילט דעם גורל פון די מיליאָנען אומשולדיק אומגעבראַכטע דורך דער נקוו"ד.

כּץ, אַ יונגער בחור פון לאָדזש, אַ טישלער, מאַכט דורך די תּפיסה, דעם לאַגער און ווערט פאַרשיקט קיין זלאַטאָוסט, אוראַל. צוליב דער שווע־רער לאַגע אין זלאַטאָוסט לויפט ער מיט נאָך עטלעכע יונגעלײַט קיין מאָסקווע זיך באַקלאָגן.

ער ווערט אַרעסטירט און אָן משפּט פאַרשיקט אויפן „ביעלאָמאָר־קאַנאַל". נאָכן אָפּזיצן עטלעכע יאָר אויף שווערער אַרבעט אויפן קאַנאַל, ווערט ער באַפרײַט און קומט קיין סאַראַטאָוו. דאָ באַקומט ער אַרבעט בײַ זײַן פאַך אַלס טישלער, האָט חתונה און ס׳דוכט זיך אויס אַז אַלץ איז וווּיל און פײַן.

אין אָנהייב 1936, שטייט צו אים כּסדר צו דער „פּאַרט־קאָם" פון זאַוואָד, ווו ער האָט געאַרבעט, מיט קלאָץ־קשיות: „וויסטו ווער עס איז טראָצקי?" „האָסטו געלייענט טראָצקיס ביכער?"

כּך ענטפערט: אַז טראָצקי איז אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער און פאַררעטער. ער האָט געהערט, אַז טראָצקי איז אַ פײַערדיקער רעדנער און ער האָט געלייענט טראָצקיס ביכער. פאַר אָט די ענטפערס ווערט ער געשטעלט פאַר אַ געריכט און באַקומט דרײַ יאָר פאַרשיקונג אין יאַקוטסק.

ביז 1937 שרײַבט ער בריוו צו זײַן פרוי. אין דעם לעצטן בריוו וואָס זי האָט דערהאַלטן שרײַבט ער אַז זײַן פּאַראַגראַף איז איבערקוואַליפיצירט געוואָרן (ס'הייסט אַז ער האָט באַקומען אַ נײַעם גרעסערן עונש) און דאָס איז דער לעצטער בריוו: ער האָט געטיילט אַלעמענס גורל.

זיי זענען געווען צוויי ברידער פון לאָדזש, פון אַ חסידישער משפּחה. דער עלטערער אַ באַוויבטער און אַ פאָטער פון אַ מיידעלע. זיי קומען צוזאַמען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. זיי זענען זיכער בײַ זיך: זיי טראָגן מיט זיך אַ באַגאַזש פון לאַנגע יאָרן אונטערערדישער אַרבעט אין דער קאָמו־ניסטישער באַוועגונג אין לאָדזש.

זיי גייען אַדורך, פּונקט ווי יעדער פון אונדז, די שבעה מדורי גהינום. זיי ווייסן אַז זייער אַרבעט אין דער פּאַרטיי מוז מען פאַרשווײַגן ווײַל עס קאָן שאַדן ברענגען. זיי קומען קיין „טרובסטראָי". דער ייִנגערער ברודער ווערט מיט דער ערשטער גרופּע פון „טרובסטראָי" אַרעסטירט און פאַר־שיקט קיין טאָבאָלסק. ער לײַדט הונגער און קען נישט באַקומען קיין אַרבעט. אין 1937 ווערט ער אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַלע „אַריבערלויפערס" אין טאָבאָלסק און פאַרשווינדט.

דער עלטערער אָרדנט זיך אײַן אין סווערדלאָווסק בײַם פאַך — קאַ־מאַשנמאַכער. איז צופרידן. אין 1937 ווערט ער אַרעסטירט, לאָזט איבער אַ פרוי מיט צוויי קינדער. נאָכן קומען אין לאַגער שרײַבט ער בריוו צו דער פרוי. אין לעצטן בריוו דערציילט ער, אַז אַרבעטנדיק אין וואַלד האָט אַ בוים צוגעקוועטשט אים אַ פוס און מען האָט אים געמוזט אַראָפּנעמען. און

פון דעמאָלט האָט די פרוי מער קיין בריוו נישט דערהאַלטן. זי האָט זיך שפּעטער דערוווּסט אַז איר מאַן איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער נקוו״ד. די פרוי מיט איר טאָכטער געפינען זיך איצט אין קאַנאַדע. דאָס צווייטע קינד איז געשטאָרבן פון הונגער...

אַזוי גייען די געשיכטעס פון טויט און אומקום פון טויזנטער און טויזנטער יונגע מענער און פרויען, אידעאַליסטן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס פאַר אַן אידייע, וואָס זיי האָבן באמת געגלויבט און וואָס האָט זיי אַזוי אַכזריותדיק „באַצאָלט״...

איך דערמאָן זיי מיט ערע און לאָז אַ טרער אין זייער אָנדענק...

## אינהאַלט

